—— פֿערלאַג „אַרבייטער פֿריינד“. ——

זשאן גראוו.



# די אבשטארבענדע געזעלשאַפֿט

און

# די אנארכיע.

איבערזעצט פֿון ר. ראקער.

פרייז 1 שילינג, — 30 סענט.

לאָנדאָן, 1908.

„אַרבייטער פֿריינד“ דרוקעריי, 163 דזשובילי סטריט, א.

# פֿארוואָרט.

---

איך האָב אַ פֿריינד, וועלכער האָט אַ שטאַרקען חשק צו בעגרייפֿען יעדע זאַך. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז עס ציהט איהם צו דעם וואָס איז איינפֿאַך, גרויס און שעהן. זיין ערציהונג אָבער, בעשאָטען פֿון קאָפּ ב׳ז די פֿיס מיט פֿאָראורטהיילע און שקרים, די פֿאָלגען פֿון יעדע זאָגענאַנטע „הויכע" ערציהונג, שטעלט איהם כמעט שטענדיג אָב, ווען ער וויל זיך נאָר הינ־געבען דעם גייסטיגען שטראָם. עס זיינען דאָ צייטען, ווען ער וויל זיך בעפֿרייען, אין גאַנצען בעפֿרייען פֿון די טראַדיציאָנעלע אידעען, פֿון די דורות׳דיגע מנהגים און געוואוינהייטען, צו וועלכע ער איז, געגען זיין ווילען, צוגעקלעפּט; ער קען עס אָבער ניט. אָפֿט קומט ער צו מיר און מיר שמועסען אַוועק שטונדען לאַנג. די אַנאַרכיסטישע טהעאָריען, וועלכע ווערן אַזוי פֿערליימדעט פֿון אייניגע, אַזוי שלעכט פֿערשטאַנען פֿון אַנדערע, בעשעפֿטיגען תמיד זיין מוח, און ער איז אויף אַזוי פֿיעל אָרענטליך זיי צו בעגרייפֿען, כאָטש ער נעהמט זיי ניט אָן אַלע. ער גלויבט ניט, אַזוי ווי אַנדערע פֿיעלע פֿון זיין צירקעל גלויבען, אַז זיי, די אַנאַרכיסטישע טהעאָריען, אונטעררוכטען נאָר צו וואַרפֿען באָמבעס און מאַכען עקספּלאָזיאָנען. ער, אין געגענטהייל, זעהט אין זיי האַרמאָנישע פֿאָרמען און שעהנקייטען. אמת, אַז דאָס וואָס ער זעהט איז נאָך פֿערשטעלט פֿאַר איהם. ער זעהט פֿאַר זיך אַ טומאַן, אַזאַ טומאַן אָבער וואָס קען זיך גיך צוגעהן און איבערלאָזען אויף זיין פּלאַץ ריינע, העלע ליכט. ער אינטערעסירט זיך אין דער אַנאַרכיע, אַזוי ווי אין אַ זאַך וואָס מען וואָלט וועלען ליעבען, אַ זאַך, וואָס זעהט נאָך דערוויִיל אויס אַביסעל שרעקליך און אין וועלכע מען צווייפֿעלט

נאָך, פאַר וועלכע מען האָט נאָך מורא, ווייל מען פערשטעהט עס נאָך ניט גוט.

מיין פריינד האָט שוין געלייענט די בעריהמטע ווערקע פון קראָפּאָטקין, די פייערינע און וויסענשאַפטליכע פראָטעסטען פון עליזע רעקלו, געגען די נידעריגקייטען פון די רעגי־רונגען און פון אַ געזעלשאַפט, געגרינדעט אויף פערברעכען. פון באַקונין איז איהם בעקאַנט דאָס וואָס די אַנאַרכיסטישע זשורנאַלען האָבען, דאָ און דאָרט, פערעפענטליכט. ער האָט אויך דורכגעמאַכט די ווערקע פון דעם אונגעזעצליכען פּרודהאָן און פון דעם אַריסטאָקראַטישען ספּענסער. ענדליך, ערשט גאָר ניט לאַנג, איז ער געקומען איבער די רעדע פון עטיע־וואַן, וועלכע האָט איהם שטאַרק געריהרט. דאָס אַלעס אין איינעם פערטראָגט איהם, אין איין מאָמענט, העט ווייט אין דער הויך, דאָרט וואו דער שכל, די פערנונפט ווע־ט געריינינגט פון אַלע פאָראורטהיילע. אָבער טאַקע פון דיזעלבע רייזען וואָס ער מאַכט צום אידעאַל, קומט ער צוריק נאָך מעהר צוטראָגען ווי אימער. טויזענדער הינדערניסע שטעלען איהם אָב. ער פערלירט זיך אין אַן אונענדליכקייט פון „אויבס,“ פון „ווילס,“ פון „אָבערס,“ אין אַ שרעקליך געדיכטען וואַלד, פון וואַנען ער בעט מיך, אָפּטמאָל, איך זאָל איהם אַרויספיה־רען...

אַזוי ווי ערשט נעכטען, האָט ער מיר פע־טרויט זיין צו־טראָגענקייט און איך האָב איהם געזאָגט:

— גראַוו, וועלכער איז אייך בעקאַנט, דורך זיין ענערגי־שען און אורטהייל־קרעפטיגען גייסט, וועט באַלד אַרויסגעבען אַ בוך מיט'ן נאָמען: „אַנאַרכיזמוס און די אָבשטאַרבענדע געזעל־שאַפט.“ דיזעס בוך איז אַ מייסטערווערק פון לאָגיק. עס איז פול מיט ליכט. דיזעס בוך איז ניט איינפאַך אַ געשריי פון אַ בלינדען, בעגרענעצטען אַנהיינגער פון אַ אידעע, ניט איינפאַך די פויקעריי פון אַ היציגען פראָפּאַגאַנדיסט — עס איז דאָס געוואויגענע, בעדענקטע, רעזאָנירטע ווערק, אמת טאַקי פון אַ ליידענשאַפטליכען מענשען, פון איינעם וואָס גלויבט אין דער רעאַליזירונג פון זיין אידעע, אָבער אַזאַ איינער וואָס ווייסט,

פערגלייכט, דיסקוטירט, אַנאַליזירט; אַזאַ איינער, וועלכער ענטוויקעלט, מיט קלאָרע אויגען פון קריטיק, צווישען די פאַקטען פון דער סאָציאַלער געשיכטע, די לעקציאָנען פון דער וויסענשאַפט, די פראָבלעמען פון דער פילאָזאָפיע, כדי אַרויסצוציהען שליסע, וועלכע איהר קענט, און וועמעס גרויסקייט און ריכטיגקייט איהר קענט ניט אָבלייקענען...

מיין פריינד האָט מיך איבערגעשלאָגען מיט אַן אויפגערעגטען טאָן:

— איך לייקען גאָרניט אָב... איך פערשטעה אַלעס. איך פערשטעה ווירקליך, אַז גראַוו, וועמען איך בין נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט אין די פייעריגע שלאַכטפעלדער, וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט אין „לאַ רעוואָלט", אָט דער גראַוו ווינשט, צום ביישפּיעל, די אונטערדריקונג פין מאַכט, פון'ם שטאַאַט. איך אַליין, ניט האָבענדיג זיינע פעהיגקייטען, זיין הויכען גייסט, ווינש עס אויך. דער שטאַאַט לייגט אַרויף אויף'ן אינדיווידיאום אַ שווערע משא, וועלכע ווערט פון טאָג צו טאָג דריקענדער און אונערטרעגליכער. ער מאַכט דעם מענשען פאַר אַ קאַליקע. אַן אונבעוועגליכעס וועזען, און אַזוי ווי אַ פעקעל סחורה שיקט ער איהם אַרויס אויף'ן מאַרק... זיין איינציגע אויפגאַבע איז צו לעבען פון'ם מענשען, אַזוי ווי די לויז לעבט פון דער בהמה, אויף וועמעס קערפער זי בעזעצט זיך אונגעבעטענערהייט... דער שטאַאַט נעהמט צו ביים מענשען זיין געלד, וואָס ער פערדיענט אַזוי שווער און ביטער אין'ם אָסטראָג, וועלכער רופט זיך: „ארבייט." ער נאַרט ביי איהם בּיסלעכווייז אַרויס זיין פרייהייט, זי אַרומצוימענדיג מיט פערשיעדענע געזעצע. פון זיין געבורטס־טאָג אָן, טויטעט דער שטאַאַט אין איהם זיינע אינדיווידועלע פעהיגקייטען, אָדער פערדאַרבט זיי, וואָס איז אייגענטליך אַלץ איינס. מ ע ר ד ע ר א ו ן ג נ ב, יאָ, איך בין איבערצייגט, אַז דער שטאַאַט איז ווירקליך אַ צווייפאַכיגער פערברעכער. פון דער מינוט אָן וואָס דער מענש הויבט אָן צו געהן, צוברעכט איהם דער שטאַאַט די פיס; ווי ער שטרעקט גאָר אויס זיינע אָרעמס, האַקט זיי דער שטאַאַט איבער; ווי ער

וואַגט נאָר עפּעס צו דיינקען, נעהמט דער שטאַאַט ביי איהם אַוועק זיין מוח, און נאָכדעם זאָגט מען איהם: „געה, נעהם און דיינק!"

— נו? האָב איך זיך אָנגערופען.

מיין פריינד האָט פאָרטגעזעצט:

— די אַנאַרכיע, אין געגענטהייל, איז דער נצחון פון'ם קאַמפף פאַר'ן אינדיווידיאום, די פרייהייט פון'ם איינצעלנעם זיך צו ענטוויקלען, אין אַ מאָראַלישען און הארמאָנישען זינן. מען קען איהר אויסדריקען אין אַ פּאָר ווערטער: די פרייוויליגע בענוצונג פון אַלע מענשליכע ענערגיען און קרעפטען, וועלכע ווערן אַזוי פערברעכעריש פערשווענדעט דורך דעם שטאַאַט. איך וויים עס אַלעס... איך פערשטעה פאַר וואָס אַ גאַנצע אַרטיסטישע און דיינקענדע יוגענד — דער אויסוואַהל פון אונזער צייט — קוקט אַרוים מיט אונגעדולד אויף דעם אויסברוך פון'ם ערוואַרטעטען מאָרגען, אין וועלכען זי זעהט ניט נאָר אַ אידעאַל פון גערעכטיגקייט, נאָר אויך אַ אידעאַל פון שעהנ־קייט.

— נו, אַלזאָ? האָב איך זיך אויף'ם ניי אָנגערופען.

— נו, איז אָבער דאָ איין זאַך וואָס מאַכט מיר שווער דאָס האַרץ: די טעראָריסטישע זייט פון'ם אַנאַרכיזמוס. איך קען ניט ליידען די מיטלען פון געוואַלד. איך ציטער פאַר בלוט און פאַר'ן טויט, און איך וואָלט זעהר וועלען, אַז די אַנאַרכיע זאָל עררייכען איהר טריאומף דורך די גע־עכטיגקייט אליין פון דער צוקונפט.

— גלויבט איהר אַלזאָ, האָב איך געענטפערט, אַז די אַנאַר־כיסטען זיינען בלוטדורשטיגע פּיאַווקעס? פיהלט איהר ניט אין געגענטהייל, ווי דאָס האַרץ פון אַ קראָפּאָטקין איז פול מיט אונגעהייערע צערטליכקייט, מיט אַן אונגעהייער גרויסע ליעבע צום לעבען?! אַך, מיין פריינד, דאָס זיינען אַזעלכע טרויעריגע זאַכען, וועלכע זיינען אונענטבעהרליך, אונפערמיידליך אין אַלע מענשליכע קעמפפע; טרויעריגע זאַכען, וועלכע מוזען געשעהן און מען קען זיך פון דעם ניט אויסהיטען... און אַחוץ דעם!...

ווילט איהר איך זאָל אייך דאָ מאַכען אַ קלאַסישען פֿערגלייך?... די ערד איז פערטריקענט. אַלע קליינע פֿלאַנצען, אַלע קליינע בלומען זיינען פֿערדאַרט און פֿערברענט פֿון היץ, פֿון אַ הייסער, ברענענדער זונן פֿון טויט און פֿערדערבען. זיי ווערן פֿערוויאַנעט, זיי דרעהען זיך צונויף; באַלד, באַלד וועלען זיי אויסשטאַרבען, די קליינינקע, אונשולדיגע בלימעלעך... אָבער פלוצלינג בעווייזט זיך אַ קליינער וואָלקען אויף'ן האָריזאָנט, און דער וואָלקען פֿערשפּרייט זיך און באַלד בעדעקט ער דעם אָבגעפּאַרעטען הימעל. דער שטורם ברעכט אויס און אַ גוס־רעגען טרינקט אָן די פֿער'־חליש'טע, פֿערטריקענטע ערד. וואָס זשע מאַכט עס אויס, אַז דער שטורם האָט, דאָ און דאָרט, צובראָכען זעהר אַ גרויסען, שטאַרקען אייכענבוים, אַבי די קליינע פֿלאַנצען, וועלכע האָבען געהאַלטען ביים שטאַרבען, אַבי יענע פֿלאַנצען, וועלכע האָבען יעצט אָבגעלעבט, הויבען זיך יעצט אויף און גיבען אַרויס זייערע בלומען אין דער איבער־אַ־נייעס שטילער, רוהיגער לופֿט?... זעהט איהר, מיין פֿריינד, מען דאַרף זיך ניט שטאַרק קימערן איבער דעם טויט פֿון אויפֿפֿרעסענדע אייכענבוימער... לייענט גראַוו'ס בוך... גראַוו האָט וועגען דעם געזאָגט גרויסאַרטיגע זאַכען. און אויב, האָבענדיג דורכגעלייעט דיזעם בוך, וואו עס ווערן דורכגעפֿיהרט און ערקלעהרט אַזוי פֿיעל אידעען; אויב, נאָכדעם ווי איהר וועט נאָכדיינקען וועגען דעם, אַזוי ווי אַ בוך פֿון אַזאַ אינטעלעקטועלער ברייטקייט פֿערלאַנגט; אויב, זאָג איך, נאָך דעם אַלעמען וועט אייך ניט געלינגען זיך צו פֿערשאַפֿען אַ פֿעסטע און רוהיגע מיינונג, דאַן מוז איך אייך זאָגען, אַז עס וואָלט אַסך גלייכער געווען, ווען איהר ענטזאַגט זיך פֿון צו ווערן דער אַנאַרכיסט וואָס איהר וואָלט געקענט זיין און בלייבען דער גוטער, פֿערהאַרטעוועטער, פֿון'ם שטראָם געצויגענער בורזשואַ, דער בורזשואַ „געגען זיין ווילען," וואָס איהר זייט פֿילייכט..."

אקטאוו מירבא.

# די אַנאַרכיסטישע אידעע און איהר ענטוויקלונג.

דער טייטש פֿון דעם וואָרט אַנאַרכיע מיינט אייגענטליך די נעגאַציאָן, די אָבלייקענונג פֿון דער אויטאָריטעט. די אויטאָריטעט גרינדעט די בערעכטיגונג פֿון איהר עקזיסטענץ אויף די אַלגעמיינע נויטווענדיגקייט צו פֿערטהיידיגען די סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען: פֿאַמיליע, רעליגיאָן, אייגענטהום א.ז.וו. פֿאַר דיזען צוועק האָט זי געשאַפֿען אַ קאָמפּליצירטען מעכאַניזמוס, אום צו בעקומען די נויטווענדיגע זיכערהייט. די וויכטיגסטע רעדער אין דיזען סאָציאַלען אָרגאַניזמוס זיינען דאָס געזעץ, די מאַגיסטראַטור, די אַרמעע, די רעגירונגס־מאַכט א.ז.וו. זייענדיג געצוואונגען צו פֿערענטפֿערן אַלע אויטאָריטעטע אַרגומענטען, האָט דער אַנאַרכיזמוס געדאַרפֿט אַטאַקירען אַלע סאָציאַלע פֿאָראורטהיילע, ער האָט געמוזט איינדרינגען אין די טיעפֿקייט פֿון אַלע מענשליכע קענטניסע, כדי צו בעווייזען, אַז זיינע אַנשויאונגען זיינען אין אַנקלאַנג מיט דער פֿיזיאָלאָגישער און פּסיכאָלאָגישער נאַטור פֿון׳ם מענשען, אַז זיי גרינדען זיך אויף די קלאָהרע בעאָבאַכטונג פֿון די נאַטירליכע געזעצע, און אַז די היינטיגע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן איז אַ ווידערשפּרעכונג געגען דעם געזונדען מענשען־פֿערשטאַנד און יעדע נאַטירליכע לאָגיק. דיזע ווידערשפּרעכונג איז אויך די אורזאַכע פֿון דער שטענדיגער אונזיכערהייט און דער פֿאָרטגעזעצטער פֿערענדערונג פֿון אונזערע געזעלשאַפֿטליכע סיסטעמע, די אורזאַכע פֿון אַלע רעוואָלוציאָנען, וועלכע מאַכען ציטערן פֿון צייט צו צייט דעם געזעלשאַפֿטליכען אָרגאַניזמוס, און וועלכע זיינען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די רעבעלישע מאַניפֿעסטאַציאָנען פֿון דעם אָנגעקליבענעם האַס פֿון אַלע די,

וואָס ווערען צושמעטערט, פערניכטעט אונטער דעם טיראַנישען דרוק פון אונזערע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציאָנען.

בעקעמפפענדיג די אויטאָריטעט, האָבען די אַנאַרכיסטען אין דערזעלבער צייט געמוזט אטאַקירען אַלע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציאָנען, וועלכע די אויטאָריטעט געוואַלט פערטהיידיגט, און וועמענס נויטווענדיגקייט זי זוכט צו בעווייזען, כדי צורעכט־פערטיגען איהר אייגענע עקזיסטענץ.

* * *

דער גייסטיגער האָריזאָנט פון׳ם אַנאַרכיזמוס האָט אַלזאָ אויף אַזאַ אָרט געמוזט ווערען גרעסער און ווייטער. דער אַנאַרכיסט, וועלכער איז אין אָנפאַנג מעהר ניט געווען ווי אַן אָנהייננגער פון אַן איינפאַכער פּאָליטישער נעגאַציאָן, איז באַלד געצוואונגען געווען צו ערקלעהרען דעם קריעג געגען אַלע סאָציאַלע פאָראורטהיילע, און אויסצוגעפינען אַ בעשטימטען אויסדרוק, אַ פאָרמולע, וועלכע זאָל אין גאַנצען אָבלייקענען די אינדיווידועלע אויסבייטונג, דעם פונדאַמענט פון דער היינטיגער עקאָנאָמישער אָרדנונג, און אין דערזעלבער צייט בעשטימען די גרונד־לאַגען פון דער צוקינפטיגער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן. דיזען אויסדרוק האָט ער געפונען אין דעם וואָרט קאָמוניזמוס, וועלכעס איז די נאַטירליכע ערגענצונג פון דעם וואָרט אַנאַרכיע.

מיר ווע לען שפעטער נאָך צוריקקומען אויף די אַרגומענטען פון געוויסע סאָפיסטען, וועלכע בעהויפטען, אַז דער אַנאַרכיזמוס, זייענדיג דער אידעאַל פון דער פאָלקאָמענער ענטוויקלונגס־פרייהייט און אינדיווידואַליטעט, לאָזט זיך פאַר קיין פאַל ניט פעראייניגען מיט דעם קאָמוניזמוס. מיר וועלען שפעטער פערזוכען צו בעווייזען דעם געגענטהייל פון דיזער אונבעוויזענער בע־הויפטונג און אויפצייגען, אַז די מענשליכע אינדיווידואַליטעט קען זיך נאָר פריי ענטוויקלען אין אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, און אַז די עקזיסטענץ פון אַזאַ געזעלשאַפט גרינדעט זיך אויף די פרייע ענטוויקלונג פון דער אויטאָריטעט, מיט איין וואָרט, מיר וועלען בעווייזען, אַז קאָמוניזמוס און אַנאַרכיע ערגענצען זיך איינע די אַנדערע.

* * *

די נויטוועגדיגקייט צו פֿערענטפֿערן דיזע אַלע פֿערשידענע פֿראַגען און בעהויפּטונגען און צו ווידערלייגען אַלע סאָפֿיסטישע אַרגומענטען און פֿאָרשטעלונגען איז אָהן אַ צווייפֿעל געווען איינע פֿון די הויפּט־אורזאַכען. ווארום די אַנאַרכיסטישע אידעע האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקען ערפֿאָלג, און פֿאַר וואָס זי האָט זיך אַזוי גיך ענטוויקעלט. אַרויסקומענדיג פֿון אַ קליינע צאָהל פֿון כמעט אונבעקאַנטע פערזאָנען, וועלכע האָבען אפילו ניט געהאַט די נויטוועגדיגסטע מיטלען אַנצופֿיהרען אַ פּראָפּאַגאַנדאַ, זעהען מיר היינט ווי דיזע אידעע נעהמט דורך מיט מעהר אָדער ווייניגער ערפֿאָלג די גאַנצע וויסענשאַפֿט, די קונסט און ליטעראַטור.

דער האַס געגען דער אויטאָריטעט און די סאָציאַלע שטרע־בונגען געגען איהרע פֿערשידענע פֿאָרמען איז שוין אַן אַלטע ערשיינונג. זיי האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען אין דעם אויגענבליק, ווען דער מענש האָט אָנגעהויבען צו בעגרייפֿען זיין אונטערדריקטען צושטאַנד. אָבער ווי פֿיעל פֿערשידענע פֿאָרמען, ווי פֿיעל פֿער־שידענע פעריאָדען האָט די אַנאַרכיסטישע אידעע געמוזט דורכ־מאַכען איידער זי האָט בעקומען איהר יעצטיגע געשטאַלט!

*
* *

ראַבלע איז געווען איינער פֿון די ערשטע, וועלכער האָט פֿאָרמולירט די אַנאַרכיסטישע אַנשיאונג, פֿאָרשטעלענדיג דאָס לעבען אין דעם מאָנאַסטיר פֿון טהעלעמאַ. *) אָבער ווי דונקעל, ווי אָנקלאָהר זיינען נאָך דיזע אידעען ביי איהם! ער אַליין איז אַזוי ווייניג איבערציינגט פֿון דער פּראַקטישער אויספֿיהרבאַרקייט

*) פֿראַנכאָאַ ראַבלע, פֿראַנקרייך׳ס גרעסטער סאַטירישער שריפֿטשטע־לער, איז וואַהרשיינליך געבאָרען געוואָרען אין 1483 אין דעם פֿראַנצויזישען שטעדטעל שינאָן. אין זיין אונשטערבליכען ווערק „גאַרגאַנטואַ" האָט ער פֿאָרגעשטעלט אַ קליינע אידעאַלע געזעלשאַפֿט אין דעם מאָנאַסטיר פֿון טהע־לעמאַ, וואו יעדער איינער איז פֿאָלקאָמען פֿריי, און וואו עס עקזיסטירט נאָר איין געזעץ: „טהו וואָס דו ווילסט!" ראַבלע איז געשטאָרבען אין 1553 אין פּאַריז, נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעמאַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציאָן אין דער פֿראַנצויזישער ליטעראַטור. זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „איך געה יעצט זוכען אַ גרויסען פֿיליכט!"

(דער איבערזעצער.)

פֿון דיזע אַנשויאונגען פֿאַר דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, אַז ער קלייבט נאָר אויס אַ קליינע צאָהל פּריווילעגירטע פֿאַר זיין אידעאַלע געזעלשאַפֿט, וועלכע לעבען צוזאַמען מיט אייניגע טרייע דיענער.

אין 1793 האָט מען זעהר פֿיעל גערעדט פֿון אַנאַרכיסטען. זשאַק רו און די פּאַרטיי פֿון די „אַנראַזשע"*) זיינען לויט אונזער מיינונג געווען די קלאָהרסטע און פּראַקטישסטע קעפּ אין דער צייט פֿון דער גרויסער רעוואָלוציאָן. אָבער די היסטאָריקער פֿון דער בורזשואַזיע האָבען בעשמוצט זייערע נעמען און פֿערדונקעלט זייערע אידעען און שטרעבונגען. זייער געשיכטע דאַרף נאָך געשריבען ווערען: די דאָקומענטען, וועלכע זיינען צושפּרייט אין די אַרכיווען און ביבליאָטהעקען פֿון פֿראַנקרייך, וואַרטען נאָך אַלס אויף דעם מאַן, וועלכער האָט די צייט און דעם מוטה אויפֿצוהויבען דעם שלייער פֿון דער פֿערגאַנגענהייט, אום אונז צו ערקלעהרען די געהיימניסע פֿון פֿיעלע ערשיינונגען אויס יענער טראַגישער היסטאָרישער פּעריאָדע, וועלכע זיינען ביז יעצט נאָך ניט ריכטיג פֿערשטאַנען געוואָרען. פֿאָרלויפֿיג זיינען מיר ניט אימשטאַנד צו געבען אַ פֿאָלשטענדיגען אורטהייל איבער זייער פּראָגראַם.

---

*) די „אַנראַזשע" און די „העבערטיסטען" זיינען געווען דער סאָציאַליסטישער עלעמענט אין דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. דאָס וואָרט „אַנראַזשע" מיינט אייגענטליך ווילדע מענשען, משוגעים. זייערע געגנער האָבען זיי גערופֿען מיט דיזען נאָמען צוליעב זייערע ראַדיקאַלע פֿאָדערונגען. די פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט זיך דערשראָקען פֿאַר דיזער פּאַרטיי, וועלכע האָט ניט נאָר געוואָלט פֿערניכטען דעם אַבסאָלוטיזמוס פֿון'ם קעניגטהום, זאָנדערן אויך דעם אַבסאָלוטיזמוס פֿון'ם געלד-זאַק. זשאַק רו, אַ געוועזענער גלח, איז געווען דער בעדייטענדסטער פֿערטרעטער פֿון די „אַנראַזשע". ער איז געווען אַ ביטערער געגנער פֿון די צענטראַליסטישע טענדענצען פֿון דעם יאַקאָביניזמוס און אַ פֿערטהיידיגער פֿון דעם קאָמונאַליזמוס. די „אַנראַזשע" און „העבערטיסטען" זייגען שפּעטער בעזיעגט געוואָרען פֿון ראָבעספּיער און זיינע אָנהייגגער, און זייערע הויפּט-פֿערטרעטער — צווישען זיי אויך זשאַק רו — זיינען געשטאָרבען אויף דער גיליאָטינע אין 1794. מיט זייער אונטערגאַנג האָט די רעוואָלוציאָן פֿערלאָרען איהרע בעסטע קרעפֿטע און די רעאַקציאָן האָט ווידער געקענט פֿריי אויפֿהויבען דעם קאָפּ.

(דער איבערזעצער.)

מיר מוזען זיך יעצט דירעקט ווענדען צו פּרודהאָן, אין וועמענס שריפטען דער אַנאַרכיזמוס האָט אָנגענומען אַ פעסטע געשטאַלט אַלס אַ גענויער פון יעדער אויטאָריטעט און יעדער עפענטליכער געוואַלט. אָבער אין פּרודהאָן'ס שריפטען מאַניפעסטירט זיך דער אַנאַרכיזמוס צוערשט נאָר אַלס אַ טהעאָרעטישער פיינד פון דער אויטאָריטעט, ווייל פּרודהאָן האָט איבערגעלאָזט אַסך אַדמיניסטראַטיווע אינסטיטוציאָנען אין דעם פּלאַן פון זיין סאָציאַלער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע בילדען די אייגענטליכע גרונדלאַגען פון דער רעגירונג. ביז צום אונטערגאַנג פון דעם צווייטען פראַנצויזישען קייזעררייך האָט דער אַנאַרכיזמוס אָנגענומען די פאָרמע פון אַן אונבעשטימטען מוטואַליזמוס, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט דעם פאָלשטענדיגען דורכפאַל פון די קאָאָפּעראַטיווע פעראייניגונגען, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט אין פראַנקרייך אין די ערשטע יאָהרען נאָך דער פּאַריזער קאָמונע.

אָבער נאָך איידער דיזע אונפרוכטבאַרע שטרעבונגען זיינען ביסלעכווייז אָבגעשטאָרבען, האָט זיך שוין ענטוויקעלט אַ נייער צווייג פון דעם יונגען בוים. די „אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן" האָט אין דער שווייץ פעראורזאַכט די גרינדונג פון דער יוראַשער פעדעראַציאָן, וואו באַקונין האָט פּראָפּאַגאַנדירט פּרודהאָן'ס אידעע איבער דעם אַנאַרכיזמוס אַלס פיינד פון יעדער אויטאָריטערער געוואַלט, געבענדיג דיזע אַנשויאונגען אַ ברייטערע, בעסער ענטוויקעלטע גרונדלאַגע, וועלכע איז געווען מעהר אין אָנקלאַנג מיט די פאָדערונגען פון דער צייט.

* * *

פון דיזער פעריאָדע פאַנגט זיך אָן די אייגענטליכע ענטוויקלונג פון דער מאָדערנער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג. עס איז וואַהר, דאָס אויך אין דיזער נייער פאַזע פון דער ענטוויקלונג האָבען זיך נאָך אַרויסגעצייגט מאַנכע פאָראורטהיילע און אונלאָגישע אַנשויאונגען; אין דער אָרגאַניזאַציאָן האָט מען נאָך געקענט בעמערקען דאָ און דאָרט די לעצטע איבערבלייבען פון אויטאָריטערע פאָרשטעלונגען, אָבער דאָס אַלעס האָט ניט געקענט פערהינדערן די וויטערע ענטוויקלונג פון דער בעווע־

גונג. די בעוועגונג האָט עקזיסטירט, די אַנאַרכיסטישע אידעע האָט געמאַכט אַ שטענדיגען פּראָגרעס און איז געוואָרען אַלץ קלאָהרער און בעשטימטער. ווען דער אַנאַרכיזמוס איז אין 1883 צום ערשטען מאָל פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרען פון אַ קליינע מינאָריטעט אויף אַ קאָנגרעס פון פראַנצויזישע סאָציאַליסטען און אין זעהר שוואַכע פאָרמען, האָבען זיינע פערטרעטער געראַפט אָנפיהרען אַ ביטערן קאַמפף ניט נאָר געגען די אָנהייגנער פון דעם היינטיגען סאָציאַלען צושטאַנד, נאָר אויך געגען יענע פאַלשע „רעוואָלוציאָנערע,״ וועלכע בעטראַכטען די סאָציאַלע בעוועגונג נאָר פאַר אַ מיטעל, כדי אַריינצובעקומען די עפענטליכע מאַכט אין זייערע הענד. אָבער טראָץ דעם איז די אידעע געוועזען גענוג שטאַרק און קרעפטיג, אום צו בעזיעגען אַלע הינדערניסע; ניט האָבענדיג קיינע אַנדערע פּראָפּאַגאַנדיסטישע מיטלען, ווי דעם גוטען ווילען פון איהרע אָנהייגנער, האָט זי געהאַט די קראַפט אַרויסצורופען דעם האַס און די פערפאָלגונג פון אַלע פערטהייdיגער פון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם און די עפענטליכע דיסקוסיאָן פון אַלע פערנינפטיגע און פאָראורטהייל-פרייע מענשען — דאָס איז זיכער געוועזען דער בעסטער בעוויז פאַר איהר אינערליכע לעבענס-פעהיגקייט.

טראָץ דער אַלגעמיינער קריעגס-ערקלעהרונג פון אַלע פיהרענדע עלעמענטע, וועלכע בעשטימען היינט די עפענטליכע מיינונג, טראָץ אַלע פערלוימדונגען און פערדאַמונגס-אורטהיילען, טראָץ אַלע געזעצע און געפענגניסע געהט זיך דער אַנאַרכיזמוס רוהיג זיין וועג. גרופּען און צייטונגען פאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ זיינען ענטשטאַנען אין פראַנקרייך און בעלגיען, אין איטאַליען און שפּאַניען, אין פּאָרטוגאל און האָלאַנד, אין ענגלאַנד און נאָרוועגען, אין אַמעריקאַ און אויסטראַליען, אין רוסישער, דייטשער, טשעכישער, אידישער און אַרמענישער שפּראַכע, מיט איין וואָרט, איבעראַל און אין אַלע שפּראַכען.

אָבער פיעל וויכטיגער ווי די עקזיסטענץ פון דיזע קליינע גרופּען פון אינצופרידענע, אין וועלכע דער אַנאַרכיזמוס האָט זיך ענטוויקעלט, איז דער פאַקט, אַז דיזע אידעען געפינען זייערע

אָנהייגער אין אַלע קלאַסען פֿון דער געזעלשאַפֿט. זיי דורכ־דרינגען אַלע צווייגען פֿון אונזער גייסטיגער טהעטיגקייט און בעאיינפֿלוסען און ענטוויקלען די קונסט, די וויסענשאַפֿט און די ליטעראַטור.

אין אָנפֿאַנג האָבען זיך דיזע נייע אידעען אויסגעדריקט אין אונבעוואוסטע פֿאָרמען און שלעכט דעפֿינירטע שטרעבונגען, וועלכע זיינען מאַנכעסמאָל ענטשטאַנען מעהר דורך אונבע־שטימטע ווינשע, איידער דורך אַווירקליכע איבערצייגונג. היינט איז דער אַנאַרכיזמוס ניט נאָר קלאָהר און בעשטימט פֿאָרמולירט געוואָרען, מען קען אויך זיינע פֿאָדערונגען, מען פֿיהלט זיין איינפֿלוס, און פֿיעלע טראָגען שטאָלץ און מוטהיג זיין נאָמען.

* * *

די אַנאַרכיסטען זיינען ניט מעהר די איינציגע, וועלכע האָבען בעגריפֿען די אינערליכע שוואַכקייט פֿון אונזערע געזעל־שאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען, און וועלכע פֿיהלען די נויטווענדיג־קייט איבערצובייטען דעם היינטיגען סאָציאַלען צושטאַנד. דיזע אַלגעמיינע אונצופֿרידענהייט מיט די יעצטיגע אומשטענדען, דיזע ברענענדע בּיינקעניש אַרויסצוקומען פֿון די איינגע גרענעצען פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, געפֿינען מיר זאָגאַר אָפֿטמאָל ביי די, וועלכע בעטראַכטען זיך פֿאַר די פֿערטרעטער און פֿערטהיידיגער פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם. וואָס ווייטער אַלץ מעהר קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז עס איז ניט גענוג זיך אַרומצוטראָגען מיט אונפּרוכטבאַרע ווינשע און האָפֿנונגען, זאָנדערן אַז יעדער איינער דאַרף אַליין צולייגען אַ האַנד, כּדי צו פֿערווירקליכען דיזע האָפֿנונגען. מען הויבט אָן צו בעגרייפֿען די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט און שטעלט זיך אַליין די פֿראַגע, צו די געפֿאַהר און פֿערפֿאָלגונגען, וועלכע יעדער איי־נער האָט צו ערוואַרטען, האַנדלענדיג געגען די אַלגעמיינע רעגלען און געזעצע, צו דיזע פֿערפֿאָלגונגען ווערען ניט פֿאָל־שטענדיג בעלוינט דורך דעם שטאָלצען בעוואוסטזיין און די אינערליכע צופֿרידענהייט צו האַנדלען אַזוי ווי די פּערזענליכע איבערצייגונג פֿאָדערט עס. די מענשען פֿערזוכען וואָס ווייטער

אַלץ מעהר צוצופּאַסען זייערע אויסערליכע האַנדלונגען און גע־וואוינהייטען צו זייערע אינערליכע אַנשויאונגען און איבערצייגונ־גען, לויט דער ווידערשטאַנדס־פעהיגקייט און דעם טעמפּעראַמענט, וועלכע דער איינצעלנער איז אימשטאַנד צו בעווייזען געגען דער שטראָפענדער געזעלשאַפט.

* * *

ווען די אַנאַרכיסטישע אידעען האָבען זיך געקענט פער־שפּרייטען מיט אַזאַ אויסערגעוויהנליכער קראַפט און שנעלקייט, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען געווען די אָפענע קריעגס־ערקלערה־רונג געגען אַלע איינגעוואָרצעלטע פאָראורטהיילע פון אונזער צייט, געגען אַלע טראַדיציאָנעלע אַנשויאונגען פון דער פער־גאַנגענהייט, ווען דיזע אידעען האָבען זאָגאַר אין אָנפאַנג אָב־געשטויסען מאַנכע פון די, וועלכע האָבען זיי אייגענטליך אַם ערשטען געדאַרפט פערטהיידיגען, און טראָץ דעם געפונען אַזאַ מעכטיגען אָבקלאַנג, דאַן איז עס דערפאַר ווייל זיי זיינען געווען אימשטאַנד צו ווירקען אויף די בעהאַלטענע סטרונעס פון'ם מענשליכען האַרצען, ווייל זיי האָבען געהאַט אין זיך די קראַפט צו שאַפען אַ קלאָהרען און מעכטיגען אויסדרוק פאַר די אונבע־וואוסטע געפיהלע און עמפּפינדונגען פון דער מענשליכער זעעלע. מיט איין וואָרט — דער אַנאַרכיזמוס האָט דער מענשהייט גע־געבען אין אַ קאָנקרעטער און לעבענדיגער פאָרמע דאָס אידעאַל פון אַ פרעזענליכער פרייהייט און אַלגעמיינעם וואָהלשטאַנד, וועלכעס זי האָט זיך אפילו ניט פאָרגעשטעלט אין איהרע שעהנסטע חלומות און האָפנונגען.

די געגנער האָבען געקוקט אויף'ן אַנאַרכיזמוס מיט מורא'־דיגע אויגען, זעהענדיג ווי ער האָט ענטוויקעלט דעם האָס און די פעראַכטונג געגען די אַלע צאָהלרייכע אינסטיטוציאָנען, וועלכע מען האַלט פאַר אונבעדינגט נויטווענדיג, כדי צו פערזיכערן די עקזיסטענץ פון דער געזעלשאַפט. ער האָט אונז געצייגט, אַז דיזע אינסטיטוציאָנען זיינען ניט דערפאַר שלעכט און געגען די אינטערעסען פון דער אַלגעמיינהייט, ווייל זיי ווערען פערוואַל־טעט פון אונפעהיגע און קאָרומפּירטע פּערזאָנען, זאָנדערן דער־

פֿאַר ווייל זייער עקזיסטענץ איז אַן און פֿאַר זיך אַ הינדערניס פֿאַר דעם וואָהלזיין פֿון אַלעמען. דער אַנאַרכיזמוס האָט פֿערזוכט צו ערקלעהרען די מאַסען, אַז די גרויסע סאָציאַלע פֿראַגע קען ניט געלייזט ווערען דורך דעם וואָס מען בייט איבער די אינ־דיווידוען, וואָס האָבען די עפֿענטליכע מאַכט אין זייערע הענד, זאָנדערן דורך די ראַדיקאַלע פֿערניכטונג פֿון אַלע שעדליכע אינסטיטוציאָנען, וועלכע גיבען אַ קליינער מינאָריטעט מענשען די מעגליכקייט צו מאָנאָפּאָליזירען די סאָציאַלע קרעפֿטע און צו אונטערדריקען די גרויסע מעהרצאָהל פֿון'ם פֿאָלק. ער האָט קלאָהר און דייטליך בעוויזען, אַז ביז אַהער האָט מען שטענדיג פֿערביטען די ווירקונגען פֿון'ם סאָציאַלען עלענד מיט זיינע אור־זאַכען, דאָס אַלע די קליינע איבלען פֿון אונזער צייט זיינען אין דער ווירקליכקייט ניט אַנדערש ווי די נאַטירליכע פֿאָלגען פֿון אַן אַלגעמיינען הויפּט־איבעל, וועלכער האָט זיינע וואָרצלען אין די פֿונדאַמענטען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג און קען נאָר אויסגעראָטעט ווערען מיט איהר צוזאַמען.

מיר האָבען שוין פֿריהער ערקלעהרט, אַז די אינדיווידועלע גנבה איז דער פֿונדאַמענט פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. די עקזיסטענץ פֿון דער אויטאָריטעט האָט אייגענטליך קיין אַנדערן צוועק ניט, ווי צו פֿערטהיידיגען דעם קאַפּיטאַליזמוס. די פֿאַ־מיליע, די ביוראָקראַטיע, די אַרמעע, די געריכטס־ און פּאָליציי־אינסטיטוציאָנען א.ז.וו. זיינען די דירעקטע רעזולטאַטען פֿון'ם פּריוואַט־אייגענטהום. עס איז אַלזאָ געווען די אויפֿגאַבע פֿון די אַנאַרכיסטען אויפֿצודעקען דעם מורא'דיגען בעטרוג, וועלכער איז בעגאַנגען געוואָרען פֿון אַ קליינע מינאָריטעט פּ־יווילעגירטע לײדיג־געהער, וועלכע האָבען ניט אַריינגעלייגט קיין פֿינגער אין קאַלטע וואַסער, דורך די אונגערעכטע מאָנאָפּאָליזירונג פֿון דער ערד און די אַרבייטס־פּראָדוקטען פֿון אַלע פֿערגאַנגענע דורות; אין דערזעלבער צייט האָבען זיי געדאַרפֿט אונטערגראָבען די פֿונדאַמענטען פֿון דער אויטאָריטעט, מיט דעם וואָס זיי האָבען געצייגט, אַז די אויטאָריטערע מאַכט איז שעדליך פֿאַר דער מענשליכער ענטוויקלונג, און אַז די פּרינציפּען, וועלכע זי פֿער־

טהיידיגט, האָבען ניט דעם קלענסטען ווערטה פֿאַר די עקזיס־
טענץ פֿון דער געזעלשאַפֿט; מיט איין וואָרט, זיי האָבען געצייגט
פֿאַר דער גאַנצער וועלט, אַז די אויטאָריטעט איז ניט מעהר און
ניט ווייניגער ווי די בעשיצערין פֿון די פּריווילעגירטע קלאַסען.

* * *

די אַנאַרכיסטישע אידעע האָט ניט קיין פּלאַץ פֿאַר פּער־
זענליכע קליינליכקייטען און עהרגייציגע שטרעבונגען, פֿאָלגליך
האָבען די פּאָליטישע דעמאַגאָגען, וועלכע זעהען אין דער אַר־
בייטער־בעוועגונג נאָר אַ מיטעל פֿאַר זייערע פּערזענליכע אינ־
טערעסען, ניט געפֿונען קיין געלעגענהייט אויסצוניצען די בעוועגונג.
דיזע טהאַטזאַכע, וועלכע האָט פֿיעל בייגעטראָגען אָבצוהאַלטען
די אינטריגאַנטען פֿון׳ם אַנאַרכיזמוס, אין געשעפֿטס־פּאָליטיקער
האָט אין דערזעלבער צייט פֿעראורזאַכט, אַז די דיינקער האָבען
אָנגעהויבען זיך שטאַרק צו בעשעפֿטיגען מיט די נייע אַנשויאונ־
גען, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען בעגריפֿען זייער אַלגעמיינע וויכ־
טיגקייט.

די „פּאָליטישע זומער־פֿייגעלעך" האָבען ניט געפֿונען קיין
פּלאַץ אין די רייהען פֿון די אַנאַרכיסטען, ווייל ביי זיי איז ניט
געוועזען קיין אויסזיכט צו מאַכען אַ גוטע קאַריערע, דער צו בעַ־
קומען אַ פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט.

ביי אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, אָקוראַט ווי ביי די אויטאָ־
ריטערע סאָציאַליסטען, קען יעדער עהרגייציגער דעמאַגאָג זיך
ביסלעכווייס שאַפֿען אַ וועג, וועלכער פֿיהרט איהם גאַנץ אין
דער שטיל אַריבער אין דעם פֿיינדליכען לאַגער; און קיינער איז
ניט אימשטאַנד עס פֿריהער צו בעמערקען, איידער דער פֿאָל־
שטענדיגער איבערגאַנג איז ניט געוואָרען אַ טהאַטזאַכע. ביי די
אַנאַרכיסטען איז אַזאַ זאַך אונמעגליך, דען אַ מענש, וועלכער
וואָלט אָנגענומען אַ פֿיהרענדע שטעלונג אין דער היינטיגער
געזעלשאַפֿט, טראָץ דעם וואָס ער האָט פֿריהער ערקלעהרט ביי
יעדער געלעגענהייט, דאָס אום אָנצונעהמען אַזעלכע שטעלונגען,
ראַרף מען ווערען אַ פֿערטהיידיגער פֿון דעם היינטיגען סיסטעם,
אַזאַ מאַן וואָלט זיך אַליין געבראַנדמאַרקט אַלס אַ פֿעררעטהער,

ווייל עס איז אונמעגליך פֿאַר איהם אויסצוגעפֿינען אַ לאָגישע אורזאַכע, אום צו רעכטפֿערטיגען זיין „ענטוויקלונג".

אָבער ווי מיר האָבען שוין פֿריהער בעמערקט, דיזעלבע אורזאַכען וועלכע האָבען אַרויסגערופֿען דעם האַס פֿון די פּאָליטישע דעמאַגאָגען און אינטריגאַנטען געגען דעם אַנאַרכיזמוס, דיזעלבע אורזאַכען האָבען אויך אַרויסגערופֿען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַלע דיינקענדע און פֿאָראורטהייל־פֿרייע מענשען, און נאָר דאַדורך לאָזט זיך ערקלעהרען דער געוואַלטיגער פּראָגרעס, וועלכען די אַנאַרכיסטישע אידעע האָט געמאַכט אין אַזאַ קורצע צייט

* * *

און ווירקליך, וואָס איז נאָך לאָגישער און איינפֿאַכער, ווי צו ערקלעהרען די מאַסען, אַז זייערע אַנגעלעגענהייטען וועלען נאָר דאַן ריכטיג בעזאָרגט ווערען, ווען זיי וועלען זיי אַריינגעהמען אין זייערע אייגענע הענד, אָנשטאָט צו וואַרטען, ביז אַ צווייטער וועט זיי בעזאָרגען? וואָס איז נאָך לייכטער צו בעגרייפֿען פֿאַר זיי, ווי זיי צו ערקלעהרען, דאָס אויב זיי ווילען זיך ווירקליך בעפֿרייען, דאַרפֿען זיי קיינעם ניט ערלויבען זיי צו רעגירען? וואָס איז נאָך קלאָהרער און נאַטירליכער, אום צו בעאיינפֿלוסען די פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט פֿון די, וועלכע איהר געהט ערקלעהרען די אורזאַכען פֿון די סאָציאַלע איבלען, פֿון וועלכע זיי ליידען, און די מיטלען זיי צו פֿערניכטען, ווי זיי צו זאָגען, אַז זיי דאַרפֿען ניט קיינע פֿערמיטלער, וועלכע זאָלען בעשטימען זייערע האַנדלונגען, אַז זיי אַליין זיינען די איינציגע צו אורטהיילען, וואָס עס איז נויטווענדיג, כדי צו בעפֿרידיגען זייערע ווינשע און בעדירפֿניסע?

דער פֿאַקט אַליין, אַז דיזע אידעען האָבען אין זיך גענוג קראַפֿט, אום צו בילדען די איבערצייגונג פֿון אַ גרויסע צאָהל מענשען, וואָס קעמפּפֿען און ליידען פֿאַר זיי, ניט ערוואַרטענדיג קיין דירעקטען נוצען פֿאַר זייער טהעטיגקייט, דיזע טהאַטזאַכע אַליין פֿערדינט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַלע ערנסטע און דיינקענדע פּערזאָנען. ניט אַכטענדיג אויף דעם בלינדען האַס פֿון די

איינע און די ווילדע פֿערדאַמונגען פֿון די אַנדערע, ניט אַכטענדיג אויף די ברוטאַליטעט פֿון די רעגירער, מאַכט דער אַנאַרכיזמוס שטענדיג פּראָגרעס און בעווייזט דער בורזשואַזיע, אַז מען קען די וואַהרהייט ניט אונטערדריקען און ניט פֿערשווייגען. פֿריהער אָדער שפּעטער וועט מען זיך דאַרפֿען רעכענען מיט איהר.

*
* *

דער אַנאַרכיזמוס האָט זיינע מערטירער, זיינע געפֿאַלענע, זיינע פֿערטהיידיגער, וואָס שמאַכטען אין די קערקערס, און זיינע פֿערשיקטע; אָבער טראָצדעם בלייבט ער שטאַרק און לעבענס־פֿעהיג, און די צאָהל פֿון זיינע פּראָפּאַגאַנדיסטען וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג. פּראָפּאַגאַנדיסטען, וועלכע האָבען די פֿולע בע־וואוסטזיניגקייט פֿון זייער אַגיטאַטאָרישער טהעטיגקייט, ווייל זיי האָבען בעגריפֿען די שעהנהייט פֿון דעם אַנאַרכיסטישען אידעאַל, און אַזעלכע, וואָס ווערן בעאיינפֿלוסט פֿון אַ טיעפֿען, אונבעזויג־באַרען אינסטינקט, אויסצודריקען זייער האַס געגען די בעשטע־הענדע אינסטיטוציאָנען, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען בעליידיגט זייערע טיעפֿסטע געפֿיהלען און עמפּפֿינדונגען פֿון וואַהרהייט און גערעכטיגקייט.

וועט דער מענש, האָבענדיג אַזאַ אידעאַל, ניט זיין אימשטאַנד צו צוברעכען אַלע קייטען פֿון דער אויטאָריטערער געוואַלד? און איז דען דיזער אידעאַל ניט געוועזען דער אייגענטליכער ציעל פֿון אַלע פֿערגאַנגענע רעוואָלוציאָנען?

ווען דער מענש זיפֿצט און קרעכצט נאָך ביז היינט צו טאָג אונטער דעם שווערען יאָך פֿון זיינע אונטערדריקער, ווען דער מענשליכער גייסט אונטערוואַרפֿט זיך נאָך אַלץ די טעגליכע בעליידיגונגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, איז עס דערפֿאַר, ווייל די טראַדיציאָנען און געוואוינהייטען, די איינגע־וואָרצעלטע פֿאָראורטהיילע, מיט איין וואָרט, ווייל די אונוויסענ־הייט איז ביז אַהער אימער שטאַרקער געוועזען פֿון זיינע האָפֿנונגען און ווינשע אויף בעפֿרייאונג, ווייל ער האָט זיך ביז יעצט אימער איינגערעדט, אַז ער איז פֿריי, ווען ער האָט אָוועקגעטריבען זיינע אַלטע הערשער און געזעצט נייע אויף זייערע פּלעצער.

*
* *

די אַנאַרכיסטישע אידעען האָבען פֿערשפּרייט ליכט און לע־בען אין די מוחות פֿון די מענשען, נ ט נאָר אין די מוחות פֿון די אַרבייטער־מאַסען, נאָר אויך אין די מוחות פֿון די דענקער און פֿילאָזאָפֿען, דורך דעם וואָס זיי האָבען זיי פֿיעל געהאָלפֿען צו אַנאַליזירען זייערע געדאַנקען און אַנשויאונגען. זיי האָבען אונז געצייגט קלאָהר און דייטליך די אורזאַכען פֿון׳ם סאָציאַלען עלענד און די מיטלען ווי צו פֿערניכטען דיזע אורזאַכען. ערקלעהרענדיג אונז די אורזאַכען, פֿאַר וואָס אַלע פֿערגאַנגענע רעוואָלוציאָנען זיינען צו גרונדע געגאַנגען, האָבען זיי אונז אין דערזעלבער צייט געצייגט דעם וועג, וועלכען מיר מוזען געהן, אויב מיר ווילען דערגרייכען דעם ריכטיגען ציעל.

דיזע ענגע בעציהונגען צווישען די אַנאַרכיסטישע אידעען און די טיעפֿסטע געפֿיהלען פֿון׳ם מענשליכען הארצען זיינען די אייגענטליכע אורזאַכע פֿון זייער אויסערגעוועהנליכער ענטוויקלונג, דער וואָרצעל פֿון זייער אינערליכער קראַפֿט און אונבעזיגבאַר־קייט. ניט די ברוטאַלע פֿערפֿאָלגונגען פֿון די רעגירונגען, ניט דער אונמענשליכער האַס פֿון די אינטריגאַנטען און פּאָליטישע דעמאַגאָגען איז היינט אימשטאַנד זיי צו פֿערשפּאַרען דעם וועג; קיין מאַכט אין דער וועלט קען פֿערהינדערן, אַז דיזע אידעען זאָל־לען ניט ווערן וואָס ווייטער אַלס מעהר דער אידעאַל פֿון די עלענ־דע, די אָרעמע און אונטערדריקטע און די אינערליכע קראַפֿט פֿון זייערע שטרעבונגען פֿאַר פֿרייהייט און גערעכטיגקייט.

די גייסטיגע אַנשויאונגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער גע־זעלשאַפֿט זיינען צו ענג, צו בעשריינקט פֿאַר די גרויסע שטרע־בונגען פֿון אונזער צייט. צופֿיעל גרויס־האַרציגע ווינשע און האָפֿנונגען ווערן דערשטיקט יעדען טאָג אין די ענגע גרענעצען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט; צופֿיעל אינדיווידואַליטעטען, וועלכע געפֿינען ניט קיין פּלאַץ אין דער גייסטיגער שקלאַפֿעריי פֿון דער געגענוואַרט געהען טעגליך צו גרונדע; און אויב עס וואָלט דער הערשענדער קלאַסע אפילו געלונגען צו דערשטיקען די שטימען פֿון די אַנאַרכיסטען, דאַן וואָלט דיזע אונטערדריקונג געווען אַ נייער קוואַל פֿאַר די ווייטערע ענטוויקלונג פֿון דעם טיעפֿען געזעלשאַפֿטליכען אַנטאַגאָניזמוס פֿון אונזער צייט.

# אינדיווידואַליזמוס און סאָלידאַריטעט.

„אַנאַרכיע און קאָמוניזמוס, דאָס זיינען צוויי בעגריפֿע, וועלכע ווידערשפרעכען זיך איינע די אַנדערע,״ אַזוי בעהויפטען געוויסע איינגעשפּאַרטע געגנער, נאָר ליידער נעהמען זיי זיך אפילו ניט די מיה צו אונטערזוכען ריכטיג דיזע פֿראַגע.

„דער קאָמוניזמוס איז אַ פֿאָרמע פֿון אָרגאַניזאַציאָן, ער איז אַ הינדערניס פֿאַר דער פֿרייער ענטוויקלונג פֿון דער אינדיווידואַליטעט, פֿאָלגליך האָבען מיר מיט איהם ניט וואָס צו טהאָן. מיר זיינען אינדיווידואַליסטען, אַנאַרכיסטען, דאָס איז אַלעס,״ דאָס איז דער שטענדיגער געשריי פֿון געוויסע מענשען, וועלכע זיינען מייסטענטהיילס גאַנץ ערנסט און איבערגעבען צו זייערע אידעען, נאָר ליידער האָבען זיי אַ בעדירפֿניס צו מאַכען זיך פראָגרעסיווער פֿון אַלע זייערע קאַמעראַדען, און ניט האָבענדיג קיין אייגענע אָריגינאַליטעט, גיבען זיי די אידעען, וועלכע זיי פראָפאַגאַנדירען אַ לעכערליכען און אַבסורדען אויסדרוק; אויסער דיזע עהרליכע עלעמענטען גיט עס אויך נאָך אַנדערע, וועלכע די פֿערטהיידיגער פֿון דער היינטיגער אָרדנונג שיקען דירעקט אין די רייהען פֿון זייערע געגנער, כדי זיי זאָלען אָנמאַכען צווישען זיי שטרייט און שפאַלטונגען.

אָט דאָס איז די אורזאַכע, וואָרום די אַנאַרכיסטען האָבען זיך גענומען צו דיסקוטירען איבער אַנאַרכיע און קאָמוניזמוס, אינדיווידועלע איניציאַטיווע און אָרגאַניזאַציאָן, איבער דער ניצליכקייט אָדער שעדליכקייט צו גרינדען גרופען, איבער עגאָאיזמוס און אַלטרואיזמוס און נאָך אַסך פֿראַגען, פֿון וועלכער יעדע איינציגע איז פונקט אַזוי אַבסורד ווי אַלע אַנדערע; און צולעצט, ד.ה. אויב די דיסקוסיאָן געהט אָן צווישען עהרליכע און איבער־

געבענע מענשען, ציינט זיך אַרויס, דאָס אַלע ווילען אייגענטליך דיזעלבע זאַך, און זיי האָבען זיך מעהר ניט ווי אַרומגעריסען איבער פוסטע ווערטער.

לאָמיר זיך געגענזייטיג פֿערשטענדיגען: אַלע אַנאַ־כיסטען, וועלכע זיינען אין דערזעלבער צייט אָנהייגגער פֿון קאָמוניזמוס, ווייסען גאַנץ גוט, אַז דער אינדיווידואום איז ניט ספּעציעל גע־באָ־ען געוואָרען פֿאַר דער געזעלשאַפֿט; זיי ווייסען, אַז די געזעלשאַפֿט האָט זיך פֿאָרמירט, כדי יעדער איינציגער אינדיווי־דואום זאָל האָבען מעהר מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען. עס איז גאַנץ קלאָהר, אַז ווען אַ געוויסע צאָהל מענשען גרופּירען זיך און פֿעראייניגען זייערע קרעפֿטע, וועלען זיי האָבען די מעגליכ־קייט צו פֿערשאַפֿען זיך מעהר פֿערגניגען און אַנגענעהמליכקייטען, פֿערבונדען מיט די קלענסטע אָנשטריינגונגען. קיינער פֿון זיי האָט ניט די אַבזיכט צו אָפּפֿערן זיין איניציאַטיווע, זיין ווילען, זיין אינדיווידואַליטעט פֿאַר אַ זאָגענאַנטע אַלגעמיינהייט, וועלכע האָט אפילו ניט עקזיסטירט, איידער זיי האָבען זיך פֿעראייניגט, און וועלכע הערט אויף צו עקזיסטירען אין דעם מאָמענט, ווען זיי געהען זיך ווידער פֿונאַנדער.

* * *

די פּלאַנמעסיגע פֿערווענדונג פֿון זייערע קרעפֿטע, כדי אַרויסצורייסען פֿון דער נאַטור די נויטווענדיגע מיטלען צו עקזיסטירען און דער בעוואוסטזיין, אַז זיי קענען דאָס נאָר דער־גרייכען דורך אַ פֿעראייניגונג פֿון זייערע אינדיווידועלע אָנשטריינ־גונגען, אָט דאָס איז זיכער געווען די ערשטע אורזאַכע, וועלכע האָט אַרויסגערופֿען די ענטשטעהונג פֿון געזעלשאַפֿטליכע גרופּי־רונגען צווישען מענשען. מעגליך, אַז דיזע ערשטע מענשליכע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען זיך ענטוויקעלט גאַנץ אינסטינקטיוו, מעגליך, אַז די ספּאָנטאַנע איינשטימיגקייט פֿון אלעמען האָט דערביי געשפּילט אַ גרעסערע ראָלע ווי די פֿערנינפֿטיגע בערע־כענונג; עס איז זאָגאַר זעהר וואַהרשיינליך, אַז די געזעלשאַפֿט־ליכע פֿעראייניגונג האָט אין אָנפֿאַנג נאָר עקזיסטירט פֿאַר בע־שטימטע צייטען, אים אויסצופֿיהרען געוויסע אַרבייטען, און

נאָכדעם ווי זי האָט געענדיגט איהר מאָמענטאַנע אויפגאַבע, זיינען זיך אַלע ווידער צוגאַנגען.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז צווישען די אַנאַרכיסטען געפינט זיך קיין איינציגער, וועלכער וויל, אַז די עקזיסטענץ פון דעם אינדי־ווידואום זאָל ווערען בעשטימט דורך דער געזעלשאַפט.

דער פרייער מענש, פאָלשטענדיג פריי אין אַלע זיינע האַנד־לונגען, דאָס איז דער ציעל, צו וועלכען מיר אַלע שטרעבען; און ווען עס געפינען זיך געוויסע מענשען, וועלכע פערוואַרפען יעדע אָרגאַניזאַציאָן און ווילען ניט וויסען פון קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר פון דעם אינדיווידואום, מענשען, וועלכע לאַכען זיך אויס פון יעדער געזעלשאַפטליכער פעראייניגונג, בעהויפטענדיג, אַז דער עגאָאיזמוס פון׳ם אינדיווידואום דאַרף זיין די איינציגע רעגעל פון זיין פערהאַלטען זיך צו די אַנדער־ע; אויב עס געפינען זיך אַזעלכע מענשען, וועלכע ערקלעהרען, אַז דער אייגענער איך דאַרף אונטער אַלע בעדינגונגען שטעהען העכער פון יעדער מענשליכער איבערלייגונג, דיינקענדיג, אַז דורך דעם זיינען זיי פאָרטגעשריטענער פון אַלע אַנדער־ע, בעווייזט עס נאָר איין זאַך, נעמליך, דאָס אַזעלכע מענשען האָבען קיינמאָל ניט שטודירט די פיזיאָלאָגישע און פסיכאָלאָגישע אָרגאַניזאַציאָן פון׳ם מענשען, זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט געגעבען די מיה, צו פערשטעהן זייערע אייגענע געפיהלען און עמפפינדונגען; מיט איין וואָרט — זיי האָבען ניט די קלענסטע פאָרשטעלונג איבער דאָס לעבען פון׳ם היינטיגען מענשען און זיינע פיזישע, מאָראַלישע און אינטעלעק־טועלע בעדירפניסע.

* * *

די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט צייגט אונז פע־שידענע פון דיזע ריין עגאָאיסטישע כאַראַקטערע: די ראָק־פעלערס, די ראָטהשילדס, די וואַנדערבילדס זיינען היינט גאָר ניט אַזוי זעלטען און מיר בעגעגענען זיך מיט זיי ניט נאָר אין די ראָמאַנען. מאַ־כעסמאָל געפינען מיר אין אונזער אייגענעם קרייז אַזעלכע טיפען, וועלכע דיינקען ניט פון קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר פון זיך אַליין, מענשען, וועלכע זעהען ניט קיין אַנדער זאַך

אין לעבען, ווי נאָר זייער פֿיל געליבטע אייגענע פּערזענליכקייט, מי־ בעגעגענען זיך יעדען טאָג מיט אַזעלכע כאַראַקטערע. ווען זיי זעהען ערגעץ וואו אָנגעגרייט אַ גוטען דינער, ערקלעהרען זיי באַלד, אַז ער בעלאַנגט צו זיי. זיי לעבען אַ גוטען טאָג, וועהרענד אַנדערע געהען אויס פֿון הונגער. זיי בעטראַכטען עס פֿאַר אַ זעלבסטפֿערשטענדליכע זאַך, אַז די, וואָס רינגלען זיי אַרום, זאָלען זיך אויפֿאָפּפֿערען פֿאַר זיי; זיי קוקען זיך רוהיג צו, ווי מענער, פֿרויען און קינדער לייגען אַוועק פֿאַר זיי זייער אַר־בייט און געזונד; זיי פֿיהלען קיין שאַנדע ניט און כאַפּען אריין, וואָס עס לאָזט זיך נאָר. די ליידען פֿון די אַנדערע שפּיעלען ביי זיי קיין ראָלע ניט, אַזוי לאַנג ווי זייער אייגענע עקזיסטענץ איז פֿריי פֿון ליידען און שמערצען. זיי בעגרייפֿען אפילו ניט, אַז זייער עקזיסטענץ איז די אורזאַכע, וואָס מאַכט אַנדערע צו ליי־דען. אַזוי לאַנג ווי זיי אַליין געפֿינען זיך גוט און בעקוועם, דאַרף די גאַנצע מענשהייט זיין רוהיג און צופֿרידען. — אָט האָט איהר אַ טיפּ פֿון אַ פֿאָלקאָמענען עגאָאיסט אין פֿולען זין פֿון וואָרט. אָבער יעדער איינציגער וועט מוזען צוגעבען, דאָס אַזאַ מין טיפּ איז אַ טרויעריגער, אַן עקעלהאַפֿטער טיפּ. אפילו דער ברוטאַל־סטער בורזשואַ קומט ניט צו דיזען טיפּ; ער האָט מאַנכעסמאָל נאָך אין זיך אַ געוויסע ליעבע צו די זייניגע, אָדער ער האָט אירגענד אַן אַנדער זאַך, פֿאַר וועלכע ער פֿיהלט אַ סימפּאַטהיע און צונייגונג. אונז דוכט זיך, אַז די ערנסטע אָנהייגער פֿון׳ם אינדיווידואַליזמוס, ווי ווייט זיי זאָלען ניט געהן אין זייערע אידעען, האָבען זיי זיכער קיינמאָל ניט גע׳חלום׳ט אונז פֿאָרצושטעלען אַזאַ טיפּ אַלס דעם אידעאַל פֿון דער צוקינפֿטיגער מענשהייט. און די קאָמוניסטישע אַנאַרכיסטען האָבען אויך קיינמאָל ניט געטרוימט פֿון אַ געזעלשאַפֿט, אין וועלכע דער איינצעלנער מענש זאָל זיין אונטערדריקט און פֿערשקלאַפֿט. אָבטהיילענדיג דעם אינדיווידואום פֿון דער געזעלשאַפֿט, אָדער די געזעלשאַפֿט פֿון׳ם אינדיווידואום קען מען מאַכען פֿון יעדער טהעאָריע אַ לעבערליכע קאַריקאַ־טור, אַן אַבסורדע פֿאָרשטעלונג.

* * *

דער מענש האָט אַ רעכט צו זיין פֿאָלקאָמען פֿריי און צו בעפֿרידיגען זיינע אַלע בעדירפֿניסע; מיט דעם זיינען מיר אַלע איינפֿערשטאַנען; נאָר אַזוי ווי עס עקזיסטירען העכער פֿון אַ מיליאַרד מענשען אויף דער וועלט, וועלכע האָבען אַלע דיזעלבע רעכטע און דיזעלבע בעדירפֿניסע, דאַרפֿען מיר זעהען. אַז די רעכטע פֿון אַלעמען זאָלען געפֿינען אַ פֿרייען אויסדרוק, און אַז קיינער זאָל ניט בעשריינקען די רעכטע פֿון אַ צווייטען; ווייל אין אַזאַ פֿאַל וואָלטען מיר ווידער געהאַט דיזעלבע אונטערדריקונג ווי בעפֿאָר, און די גאַנצע רעוואָלוציאָן וואָלט געווען פֿאַר אומזיסט.

מיר דאַרפֿען פֿאַר קיין פֿאַל ניט פֿערגעסען, דאָס אונזער היינטיגע קאָרומפּירטע געזעלשאַפֿט, וועלכע גרינדעט זיך אויף דעם אַנטאַגאָניזמוס פֿון די אינטערעסען, און וועלכע צווינגט די מענשען אָנצופֿיהרען אַ שטענדיגען קאַמפּף איינער געגען דעם צווייטען, כדי צו האָבען א מעגליכקייט צו עקזיסטירען, דיזע געזעלשאַפֿט טראָגט זעהר פֿיעל ביי צו פֿערבלענדען די אויגען פֿון פֿיעלע פּראָגרעסיווע עלעמענטען און מאַכט אָן אַ גאַנצען טומאַן אין זייערע געדאַנקען און פֿאָרשטעלונגען.

אום צו מאַכען אַ לעבען אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, דאַרף מען זיין אָדער אַ גנב אדער אַ בע'גנב'עטער; מען דאַרף פֿערניכטען אַנדערע, אָדער זיך אַליין לאָזען פֿערניכטען. אַן אַנדער וועג איז ניט דאָ. דער וואָס וויל היינט העלפֿען זיין חבר, דאַרף מורא האָבען, ער זאָל ניט ווערען בעטראָגען, און אַזוי האָט זיך ביי די, וועלכע ליבען ניט אַריינצודרינגען טיעפֿער אין די אורזאַכען פֿון די סאָציאַלע ערשיינונגען, ענטוויקעלט דער גלויבען, אַז די מענשען קענען ניט אויסקומען, ניט אָנפֿיהרענדיג אַ שטענדיגען קאַמפּף איינער געגען דעם צווייטען.

די אַנאַרכיסטען בעהויפּטען, אַז די געזעלשאַפֿט דאַרף זיך גרינדען אויף די ביידערליכע סאָלידאַריטעט פֿון איהרע מיטגליי־דער. דאָס גליק פֿון איין מענשען דאַרף ניט פֿעראורזאַכען ליידען און שמערצען פֿון אַ צווייטען מענשען. דער אינדיווידועלער וואָהל־זיין דאַרף זיך גרינדען אויף דעם וואָהלזיין פֿון אַלעמען, און ווען

איין מענש פֿיהלט זיך בעליידיגט אין זיין אויטאָנאָמיע און פֿער־הינדערט אין זיין פֿערגניגען, דאַרפֿען אַלע אַנדערע מיטפֿיהלען מיט איהם און זוכען מיטלען צו היילען זיינע שמערצען.

אַזוי לאַנג ווי דיזער אידעאַל וועט ניט ווערען פֿערווירקליכט, אַזוי לאַנג ווי מיר וועלען ניט דערגרייכען דיזען ציעל, אַזוי לאַנג וועט די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפֿט מעהר ניט זיין ווי אַ גרויסע רויב־אָרגאַניזאַציאָן, און די אונטערדריקטע און בעליי־דיגטע וועלען זיך נעהמען דאָס רעכט צו רעוואָלטירען געגען דיזען צושטאַנד.

ווען דער מענש וואָלט געווען אימשטאַנד צו לעבען פֿאַר זיך אַליין, ווען ער וואָלט זיך געקענט צוריק־קעהרען צו דעם זאָגענאַנטען „נאַטור־צושטאַנד", וואָלטען מיר פֿערשפּאָרט צו דיסקוטירען, ווי אַזוי מען דאַרף לעבען. יעדער איינציגער וואָלט דאַן געלעבט, אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט די מעגליכקייט. די ערד איז גענוג גרויס, כדי אַלע זאָלען זיך געפֿינען אַ פּלאַץ; אָבער די פֿראַגע איז די — צו די ערד שאַפֿט גענוג לעבענס־מיטלען פֿאַר אַלע? מיט דעם זיינען מיר ניט זיכער, און עס וואָלט זיך וואַהרשיינליך אָנגעפֿאַנגען אַ ווילדע מלחמה צווישען די מענשען, דער „קאַמפּף אום ראַזיין", אַזוי ווי ער האָט עקזיסטירט אין די אַלטע פּרימיטיווע צייטען אין זיין גאַנצער ברוטאַלער ווילדקייט. דאָס וואָלט געווען דער אָנפֿאַנג פֿון די ענדע, מיר וואָלטען צו־ריק אָנגעקומען אויף דעמזעלבען פּונקט, כדי נאָך אַמאָל דורכ־צומאַכען דיזעלבע ענטוויקלונג. די שטאַרקערע וואָלטען אונטער־דריקט די שוואַכע, שפּעטער וואָלטען די אינטריגאַנטען פֿערנומען דעם פּלאַץ פֿון די שטאַרקע, און אָנשטאָט די פּערזענליכע קראַפֿט, וואָלטען מיר ווייטער געהאַט די פֿינאַנציעלע קראַפֿט, ראָס געלד.

ווען מיר האָבען געמוזט דורכמאַכען דיזע לאַנגע פּעריאָדע פֿון בלוט, עלענד און אויסבייטונג, וועלכע מיר רופֿען די געשיכטע פֿון דער מענשהייט, איז עס דערפֿאַר, ווייל דער מענש איז טאַקי געווען אַן עגאָאיסט אין פֿולען זין פֿון וואָרט. ער האָט מעהר ניט געזעהן ווי דעם ערשטען פּרינציפּ פֿון אָרגאַניזאַציאָן — די

בעפֿרידיגונג פֿון זיין פערזענליכען פֿערגניגען אום יעדען פּרייז. ווען ער האָט געקענט אונטערדריקען דעם שוואַכען, האָט ער עס געטהאָן, ניט זאָרגענדיג זיך וועגען די קאָנסעקווענצען פֿון זיינע האַנדלונגען. ער האָט מעהר ניט געזעהן ווי דעם מאָמענטאַנען נוצען פֿון זיין האַנדלונג, און האָט ניט בעגריפֿען, אַז די נויטווענדיגקייט צו בעוואַכען זיינע שקלאַפֿען, צו דערשטיקען יעדען פֿערזוּך פֿון אויפֿשטאַנד א.ז.וו. וועט איהם ביסלעכווייס פֿערשאַפֿען אַזוי פֿיעל אַרבייט און זאָרגען, און אַז עס וואָלט גלייכער געווען פֿאַר איהם, צו אַרבייטען זייט ביי זייט מיט די אַנדערע און העלפֿען פֿערבעסערן די געמיינשאַפֿטליכע בעדינגונגען פֿון זייער לעבען. דאָס זיינען אויך געווען די אורזאַכען, וועלכע האָבען אַרויסגערופֿען די ענטשטעהונג פֿון פּריוואַט־אייגענטהום און אויטאָריטעט.

אויב מיר זאָלען אַננעהמען דיזע טהעאָריע, אַז דער נאַקעטער עגאָאיזמוס דאַרף זיין די איינציגע קראַפֿט, וועלכע קען בעשטימען אונזערע האַנדלונגען, אַז יעדער איינציגער מענש דאַרף ניט אַנערקענען קיין אַנדער זאַך ווי דעם קולטור פֿון זיין אייגענעם איך, וואָלט עס געהייסען מאַכען פֿון דער ערד אַ שטענדיגע שלאַכט־פֿעלד; יעדער איינציגער וואָלט דאַן געצוואונגען געווען זיך צו פֿערשאַפֿען די נויטווענדיגע מיטלען צום לעבען, ניט קוקענדיג אויף די ליידען און שמערצען פֿון די אַנדערע. אָננעהמען אַזאַ טהעאָריע, הייסט אייגענטליך צו ערקלעהרען, אַז די קומענדע רעוואָלוציאָן וועט ווערען געמאַכט פֿאַר די שטאַרקע, און אַז די נייע געזעלשאַפֿט וועט זיין אַ שטענדיגער קאַמפּף צווישען די איינצעלנע אינדיווידוען. אויב דאָס וואָלט ווירקליך געווען דער גאַנצער אידעאַל, וואָלט זיכער ניט נייטיג געווען פֿאַר אונז, מיר זאָלען פֿערטהיידיגען די אידעע פֿון דער אַלגעמיינער בעפֿרייאונג. עס וואָלט אין גאַנצען לעכערליך געווען צו רעוואָלטירען געגען די היינטיגע געזעלשאַפֿט, נאָר דערפֿאַר, ווייל זי גיט אונז ניט די מעגליכקייט צו לעבען א גוטען טאָג.

מעגליך, אַז עס גיט ווירקליך איניגע פֿון די, וואָס רופֿען זיך אַנאַרכיסטען, וועלכע בעטראַכטען די פֿראַגע פֿון אַזאַ

שטאַנדפונקט. דאָס ערקלעהרט אונז אויך, וואַרום עס טרעפט מאַנכעסמאָל, אַז געוויסע אינדיווידועןֿ, וועלכע האָבען פריהער אַטאַקירט די יעצטיגע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג מיט אַלע מיט־לען, וואַרפען פלוצלונג אַוועק זייערע אידעען און פערטהיידיגען די מאָדערנע געזעלשאַפט, וויבאַלד זיי האָבען געפונען אַ גע־זיכערטע שטעלונג.

עס איז גאָר קיין ציווייפעל ניט, אַז מיר בעקעמפפען די היינטיגע געזעלשאַפט, ווייל זי ערלויבט אונז ניט צו בעפרידיגען אונזערע בעדירפניסע און שטרעבונגען; אָבער מיר האָבען אויך פערשטאַנען, דאָס אונזערע פערזענליכע אינטערעסען זיינען אייננ פערבונדיין מיט די אינטערעסען פון אַלע אַנדערע, און דערפאַר פאָדערן מיר, דאָס אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט זאָלען האָבען אַ מעגליכקייט צו בעפרידיגען זייערע בעדירפניסע.

* * *

דער מענש איז אימער עגאָאיסטיש, ער האָט שטענדיג אַ בעדירפניס צו בעטראַכטען זיין אייגענ״ם איך אַלס דעם צענטער פון דער גאַנצער װעלט. אָבער זיין אינטעליגענץ האָט זיך ענט־וויקעלט, ער האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן, דאָס אויסער זיין אייגענעם איך גיט עס נאָך אַנדערע מענשען, וועלכע ווילען אויך בעפרידיגען זייערע פערזענליכע בעדירפניסע. ער האָט בעגריפען, אַז דיזע אַנדערע האָבען אויך אַ רעכט צו עקזיסטירען; און דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואַרום די סענטימענטאַליסטען, די מיס־טיקער פריידיגען די לעהרע, אַז דער מענש זאָל זיך אויפאָפפערן און נאָר לעבען פאַר זיינע חברים.

די שטאַאַטס־מענער און געזעלשאַפטס־פערמיטלער האָבען שטענדיג געפריידיגט, אַז די מענשליכע אינדיווידואַליטעט דאַרף ווערען אונט״ערדריקט צו גונסטען דער אַלגעמיינהייט; דיזע דאָגמאַ האָט פונקט אַזויפיעל בייגעטראָגען אויפצוהאַלטען דעם מאָדערנען געזעלשאַפטליכען סיסטעם ווי די ברוטאַלע געוואַלד; אָבער דיזעלבע פערמיטלער און שטאַאַטס־מענער זיינען גע־צוואונגען געווען צו האַנדלען געגען זייערע אייגענע פרינציפּען, מיט דעם וואָס זיי האָבען געמוזט געבען אַ גרעסערען פלאַץ

פֿאַר די מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון די אינדיווידועלע פֿערשידענהייטען און אייגענשאַפֿטען פֿון'ם אינדיווידואום.

עס איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז דער איינזייטיגער און שלעכט פֿערשטאַנדענער עגאָאיזמוס איז אַ הינדערניס פֿאַר די נאָרמאַלע טהעטיגקייט פֿון אַ געזעלשאַפֿט; אָבער עס איז אויך אונבעשטרייטבאַר, אַז דער גייסט פֿון אויפֿאָפּפֿערונג און ענטזאַגונג איז דער אונטערגאַנג פֿון דער מענשליכער אינדיווידואַליטעט. זיך אויפֿצואָפּפֿערן פֿאַר אַנדערע, הויפּטזעכליך ווען די אַנדערע זיינען אויך גאַנץ גלייכגילטיג, איז אַ זאַך, וועלכע ליגט ניט אין דער מענשליכער נאַטור. עס וואָלט זיכער געווען שלעכט פֿאַר דער מענשהייט, ווען זי וואָלט בעהעררשט געוואָרען פֿון יענעם ריין עגאָאיסטישען גייסט, אַזוי ווי מאַנכע איינזייטיגע און קורצזיכטיגע מענשען פֿערשטעהען איהם; עס וואָלט אָבער זיכער ניט בעסער געווען פֿאַר איהר, ווען דער איינצעלנער מענש וואָלט נאָר עקזיסטירט דורך און צוליעב די אַנדערע. מיט איין וואָרט — דער ריינער אַלטרואיזמוס איז פּונקט אַזוי איינזייטיג און בעשריינקט ווי דער ריינער עגאָאיזמוס.

קיינער פֿון אונז צווייפֿעלט ניט, אַז דער ריינער עגאָאיזמוס, אָבגעטהיילט פֿון אַלע אַלטרואיסטישע געפֿיהלען, אָדער פֿערקעהרט — דער ריינער אַלטרואיזמוס, אָבגעטהיילט פֿון אַלע עגאָאיסטישע שטרעבונגען, איז אַ געפֿאַהר פֿאַר דעם אינדיווידואום און אין דערזעלבער צייט אַ געפֿאַהר פֿאַר דער געזעלשאַפֿט; אָבער מיר זיינען זיכער, אַז דורך אַ פֿעראייניגונג פֿון דיזע ביידע אינסטינקטען וועט אַרויסקומען אַ דריטע אייגענשאַפֿט — די סאָלידאַריטעט, וועלכע וועט זיין דער מאָראַלישער און עטהישער פֿונדאַמענט פֿון די קומענדע געזעלשאַפֿטען.

מיר דאַרפֿען איין פֿאַר אַלע מאָל פֿערשטעהן, אַז מיר פֿעראייניגען זיך מיט די אַנדערע, כּדי צו געפֿינען אַ בעפֿרידיגונג פֿון אונזערע שטרעבונגען און בעדירפֿניסע. אַזאַ פֿעראייניגונג איז מעגליך אָהן געוואַלד און אָהן פֿע־מיטלערס, זי גרינדעט זיך אויף אַ בעדירפֿניס פֿון אונזער נאַטור, און וואָס מעהר זי וועט בעפֿרידיגען אונזערע בעדירפֿניסע, אַלץ מעהר וועלען מיר

זיין פֿעראינטערעסירט אָבצוגעבען אונזער ענערגיע און טהעטיג־קייט פֿאַר איהר עקזיסטענץ.

זייענדיג אַלע פֿעראייניגט אין דער פראָדוקציאָן, האָט יעדער איינציגער פֿון אונז אַ רעכט צו געניסען די פֿרוכט פֿון זיין אַרבייט, אָדער בעסער געזאָגט, מיר אַלע האָבען אַ רעכט צו געניסען די פֿרוכט פֿון אונזער געמיינשאַפֿטליכער אַרבייט. דאָס איז גאַנץ קלאָהר, נאָר אפשר וועט מען אונז זאָגען, אַז די סאָ־לידאַריטעט וועט וואַהרשיינליך קיינמאָל ניט עקזיסטירען צווישען די מענשען, ווייל די אַלגעמיינע בעדירפֿניסע וועלען שטענדיג זיין גרעסער, ווי די מיטלען זיי צו בעפֿרידיגען. עס גיט אַ גלייכוועדטעל, אַז ביי דעם מענשען זיינען די אויגען שטענדיג גרעסער פֿון דעם בויך. און דערפֿאַר האָבען דיזע אַלע בע־הויפּטונגען פֿאַר אונז אַ גאַנץ קליינעם ווערטה. מיר זיינען זאָגאַר איבערצייגט, אַז וואָס שטאַרקער עס וועט ביי איהם זיין אַ וואונש, אַ בעדירפֿניס, אלץ טהעטיגער וועט ער זיין, כדי איהם צו קענען רעאַליזירען. די בעדירפֿניסע פֿון׳ם מענשען זיינען אונענדליך, פֿאָלגליך איז אויך זיין טהעטיגקייט אַן אונענדליכע; ער וועט שטענדיג געפֿינען די נייטיגע מיטלען, אום צו פֿערווירקליכען זיינע אידעען און פֿאָרשטעלונגען, און גראַדע פֿון דיזער פֿערשי־דענהייט פֿון די מענשליכע בעדירפֿניסע וועט זיך ענטוויקלען די אַלגעמיינע האַרמאָניע אין דער געזעלשאַפֿט.

* * *

אין אונזער געזעלשאַפֿט, וואו דער מענש איז געצוואונגען זיך צו בענוצען מיט יענעמ׳ס אַרבייט, כדי ער זאָל האָבען אַ מעגליכקייט צו קריגען די נויטווענדיגע מיטלען צו עקזיסטירען, גיט עס נאָר איין אויסוועג: צו פֿערשאַפֿען זיך גענוג געלד, אום צו קויפֿען אַלעס, וואָס עס שיינט איהם ווערטה צו בעזיצען; און ווייל די האַנד־אַרבייט קען אונטער די היינטיגע אומשטענדע דעם מענשען אויך ניט פֿערזיכערן, ער זאָל ניט שטאַרבען פֿון הונגער, פֿערזוכט יעדער איינער, וועלכער איז ניט אימשטאַנד צו מאַכען אַ לעבען פֿון דער אַרבייט, צו פֿערשאַפֿען זיך געלד מיט אַלע מיטלען, כדי ער זאָל נאָר ניט זיין געצוואונגען צו

אַרבייטען. מאַנכע ווערען שטאַאַטס-בעאַמטע און זשורנאַליסטען און פערשטעהען ווי צו פישען אין די מוטנע וואַסער פון דער היינטיגער געזעלשאַפט; אַנדערע האָבען פעהיגקייטען פאַר דעם האַנדעל און מאַכען זייערע פראָפיטען, בע׳גנב׳ענדיג זייערע מיטמענשען; זיי בעטריגען, שווינדלען, שפעקולירען און לאָזען איבער די ניצליכע אַרבייט פאַר די אַנדערע. יעדער איינציגער פון זיי מאַכט מעהר אָדער ווייניגער שמוציגע געשעפטען, און אַלע געפינען זייער רעכענונג און לעבען אַ גוטען טאָג אויף די קאָסטען פון דער פראָדוקטיווער טהעטיגקייט. אָט אַזוי פערזוכט יעדער איינער צו לעבען וואָס בעסער, ניט קוקענדיג אויף דעם צווייטען, וועלכער געהט אוים פון הונגער — און דאָס איז די אורזאַכע פון יענעם ברוטאַלען און אונפערנינפטיגען עגאָאיזמוס, וועלכער — ווי עס ווייזט אויס — איז היינט געוואָרען די איינציגע אָנט־ייבענדע קראַפט פון אַלע מענשליכע האַנדלונגען.

אָבער מיט דער צייט האָט דער מענש געמוזט איינזעהן, אַז ער לעבט ניט נאָר פאַר זיך און דורך זיך אַליין. אפילו דער „פאָלקאָמענסטער עגאָאיסט", וועלכען די מענשהייט האָט ענט־וו קעלט, האָט היינט מעהר אָדער ווייניגער צו ליידען דורך די שמערצען פון די, וואָס רינגלען איהם אַרום, און זיינע נידעריגע פערגניגונגען ווערען געשטעהרט דו־ך דעם געדאַנק, אַז אין דער היינטיגער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציאָן, קען מען נאָר לעבען, אום צו ליידען. די בורזשואַזיע האָט אין איהרע רייהען געווימע אינ־דיווידואַליטעטען, ביי וועלכע דיזע געפיהלען זיינען זעהר שטאַרק ענטוויקעלט; און ווען דער איינפלוס פון זייער קרייז מענשען, זייער ערציהונג און די טראַדיציאָנעלע פאָראורטהיילע פון זייער קלאַסע לאָזען זיי נאָר גענוג צייט נאָכצודיינקען איבער דעם גרויזאַמען צושטאַנד פון די עלענדע און אויסגעשטויסענע פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, ווען זיי הויבען נאָר ערשט אָן נאָכצודיינקען וועגען זייער אייגענער עקזיסטענץ, דאַן פערזוכען זיי צו פערג־ינגערן די אַלגעמיינע ליידען דורך פילאַנטראָפישע האַנדלונגען און וואָהלטהעטיגע אינסטיטוציאָנען. אָבער די גע־וואוינהייט צו גלויבען, אַז די מאָדערנע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג

איז געזונד און נאָרמאַל, די געוואוינהייט צו בעט־אַבטען דאָס עלענד אַלס אַ טרויעריגע, אָבער אונפֿערמיידליכע און אייביגע ערשיינונג, א פּראָדוקט פֿון דער אונוויסענהייט און פֿערדאָרבענהייט פֿון די אַרבייטער, אָט דיזע אַלטע איינגעוואָרצעלטע פֿאָרשטעלונגען גיבען דער פֿילאַנטראָפּיע דיזען טרוקענען און אינקוויזיטאָרישען כאַראַקטער, וועלכען זי צייגט אַרויס ביי יעדער געלעגענהייט.

קיין זאַך איז ניט אַזוי שווער פֿאַר אַ מענשען, וועלכער איז געבאָרען, ערצויגען און ענטוויקעלט געוואָרען אין דער אַטמאָספֿערע פֿון רייכטהום און לוקסוס, ווי צו בעגרייפֿען, אַז די געזעלשאַפֿטליכע ראָלע, וועלכע ער שפּילט, איז ניט קיין בערעכטיגטע, און נאָר אונטער גאַנץ זעלטענע און אויסערגעוועהנליכע אומשטענדע געלינגט עס איהם זיך צו בעפֿרייען פֿון זיינע פֿאַלשע פֿאָרשטעלונגען. פֿאַר אַ מענש, וועלכער האָט זיך „אַרויפֿגעאַרבייט”, ווי מען רופֿט עס, זיינען די שוועריגקייטען נאָך גרעסער, דערפֿאַר וואָס ער האָט זיך איינגערעדט, אַז זיין גינסטיגע לאַגע איז ניט מעהר און ניט וויינינגער ווי דער רעזולטאַט פֿון זיין טאַלאַנט און אַרבייט.

די רעליגיאָן, די פֿאַלשע פֿאָרשטעלונגען און אונזערע עקאָנאָמיסטען האָבען שטענדיג ערקלעהרט, אַז די אַרבייט איז אַ מין שטראָף פֿאַר'ן מענשען, און דאָס עלענד איז די פֿאָלגע פֿון אַ געטליכען פֿלוך, ווי אַזוי קענען מיר אַלזאָ גאָר ערוואַרטען, דאָס אַ מענש, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געדאַרפֿט קעמפּפֿען פֿאַר זיין טעגליך לעבען, ווי אַזוי קען מען גאָר ערוואַרטען, פֿרעג איך, דאָס אַזאַ מענש זאָל זיך ניט האַלטען פֿאַר אַ בעסערע בעשעפֿענים, פֿאַר אַן אויסערוועהלטען צווישען די הונדערט טויזענדער עלענדע און אונגליקליכע, וואָס רינגלען איהם אַרום? אָבער אין דעם אויגענבליק, ווען אַזאַ מענש הויבט אָן צו צווייפֿלען אין דער בערעכטיגונג פֿון זיין געזעלשאַפֿטליכער עקזיסטענץ אין דעם מאָמענט, ווען ער פֿאַנגט אָן צו שטודירען די סאָציאַלע אָרגאַניזאַציאָנען, אין דעמזעלבען מאָמענט פֿאַנגען זיך אָן זיינע ליידען, פֿאָראויסגעזעצט, אַז ער האָט גענוג געפֿיהל אין זיך,

אום צו בעגרייפֿען, אַז דער קוואַל פֿון זיין פֿערגניגען און זיינע פֿריידען איז אַ פֿערגיפֿטעטער. דיזער מענש מוז ליידען, דיינ־קענדיג און וויסענדיג, אַז זיין לוקסוס איז דער לאָגישער און אונפֿערמיידליכער רעזולטאַט פֿון דעם עלענד און די שמערצען פֿון אַ מאַסע אַרבייטער, און דאָס יעדער פֿערגניגען זיינער ווע־ט בעצאָהלט מיט די בלוט און ליידען פֿון די, וועלכע זיינען פֿערדאַמט צו פראָדוצירען רייכטהימער פֿאַר אַנדערע. און ווען די פֿעהיגקייט צו קעמפפֿען איז ביי אַזאַ מענש פונקט אַזוי גוט ענטוויקעלט ווי זיינע געפֿיהלען, וועט ער זיך ביסלעכווייס ענטוויקלען צו אַ רעבעל, א רעוואָלוציאָנער, ער וועט קעמפפֿען געגען דער סאָציאַלער אָרדנונג, ווייל זי גיט איהם ניט קיין מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע צופֿרידענהייט.

* * *

דען מיר דאַרפֿען ניט פֿערגעסען, אַז די כאָציאַלע פֿראַגע איז ניט קיין ריין מאַטעריעלע פֿראַגע. קיינער צווייפֿעלט ניט, אַז פֿריהער פֿון אַלעס קעמפפֿען מיר, אום צו שאַפֿען ברויט פֿאַר אַלעמען; אָבער מיט דעם ענדיגען זיך נאָך ניט אונזערע שטרע־בונגען; מיר קעמפפֿען אויך פֿאַר אַזאַ צושטאַנד, וואו יעדער איינציגער מענש זאָל זיך קענען ענטוויקלען, לויט זיינע אינדי־ווידועלע פֿעהיגקייטען, אַ צושטאַנד, וועלכער גיט אַלעמען די פֿולע מעגליכקייט צו בעפֿרידיגען זייערע מאָראַלישע און אינטע־לעקטועלע בעדירפֿניסע.

עס איז וואַהר, אַז פֿאַר מאַנכע אַנאַרכיסטען איז די סאָציאַלע פֿראַגע אַ ריין מאַטעריעלע, אָדער בעסער געזאָגט, אַ ריין עקאָנאָמישע פֿראַגע, און דאָס איז אויך די אורזאַכע, פֿאַר וואָס עס געהען אָן אַזעלכע מערקווירדיגע דיסקוסיאָנען אין אונזערע רייהען, און פֿאַרוואָס די אַנזיכטען איבער עגאָאיזמוס און אַל־טרואיזמוס און אַנדערע וויכטיגע פֿראַגען זיינען אַזוי פֿערשידען ביי פֿיעלע גענאָסען. אָבער לאָמיר ניט פֿערגעסען, דאָס אַזעלכע איינזייטיגע אַנשויאונגען קענען זיין אַ דירעקטע געפֿאַהר פֿאַר דעם ערפֿאָלג פֿון דער קומענדער רעוואָלוציאָן; און אויב מיר וועלען זיך ווירקליך אָבשטעלען ביי דער ריין עקאָנאָמישער זייטע

פֿון דער סאָציאַלער פֿראַגע, וואָלטען מיר גראַד אַזוי גוט געקענט אָננעהמען די אידעען פֿון די שטאַאַטס־סאָציאַליסטען, וועלכע פֿערזיכערן אונז בײ יעדער געלעגענהייט, אַז זייער סיסטעם וועט בעפֿרידיגען אַלע פֿיזישע און מאַטעריעלע בעדירפֿניסע פֿון די מענשען.

אויב די קומענדע רעוואָלוציאָן זאָל זיך נאָר בעשריינקען אויף דיזע איינציגע פֿראַגע פֿון דעם מאַטעריעלען לעבען, וואָלטען מיר גערדאַרפֿט שטאַרק מורא האָבען, אַז זי זאָל זיך ניט אָבשטעלען אויף אַ האַלבען וועג און שפּעטער געבען דער בורזשואַזער רעאַקציאָן די מעגליכקייט צו פֿערניכטען די רעבעלען. גליקליכערווייזע ווייסען מיר גאַנץ גוט, אַז די אַרבייטער בעשעפֿטיגען זיך שוין יעצט מיט גאַנץ אַנדערע פֿראַגען, און דאָס איז די זיכערסטע און בעסטע גאַראַנטיע, אַז דער ציעל פֿון דער קומענדער רעוואָלוציאָן וועט ניט נאָר זיין די לייזונג פֿון אַ פּראָסטער מאָגען־פֿראַגע. גאַנץ געוויס, די ערשטע אויפֿגאַבע פֿון די אַנאַרכיסטען וועט זיין די עקספּראָפּריאַציאָן פֿון די סאָציאַלע רייכטהימער, אום צו פֿערזיכערן דעם ערפֿאָלג פֿון דער רעוואָלוציאָן; זײ וועלען אויפֿפֿאָדערן די אָרעמע און עלענדע צוריקצונעהמען די מאַגאַזינען, די מאַשינען, די פֿאַבריקען, די אַרבייטס־געצייג און די ערד, זײ וועלען זיין די ערשטע, וועלכע וועלען פֿערניכטען אַלע אייגענטהומס־דאָקומענטען פֿון די קאַפּיטאַליסטען און גרונד־בעזיצער און צושטעהרען אַלע פֿאָרמען און אינסטיטוציאָנען פֿון דעם אינדיווידועלען אייגענטהום. אָבער אום אויסצופֿיהרען דיזע אַרבייט, דאַרף מען האָבען מענשען, בעוואוסטע מענשען, וועלכע ווייסען, וואָס זײ ווילען, מענשען, וועלכע האָבען פֿערשטאַנען זייערע רעכטע און פֿערשטעהען זײ ווי צו פֿערטהיידיגען. די אונצופֿרידענהייט איז אַ גוטע זאַך, אָבער אַזוי לאַנג ווי די אונצופֿרידענע ווייסען ניט זייער ציעל און די אורזאַכע פֿון זייערע ליידען, אַזוי לאַנג האָט זי קיין גרויסען ווערטה ניט; און דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואַרום אַ ריינע ברויט־פֿראַגע וועט קיינמאָל ניט זיין אימשטאַנד אויסצופֿיהרען די גרויסע סאָציאַלע אומוועלצונג פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג.

אויס דיזעס גרונד בעשעפטיגען זיך די אנארכיסטען מיט אלע פראגען פון קונסט, וויסענשאפט און פילאזאפיע, אבוואהל זייער ערשטער ציעל איז די פערזיכערונג פון דער מאטעריעלער עקזיסטענץ, אלס די איינציגע גאראנטיע פאר די ווייטערע ענט־וויקלונג פון'ם מענשען. שטודירענדיג דיזע אלע פראגען, געפינען זיי איבעראל נייע ארגומענטע צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון זייערע אידעען; איבעראל געפינען זיי נייע א:היינגער, וועלכע מאכען שטארקער זייער פראטעסט און פערמעהרען זייערע קענטניסע. און דיזע קענטניסע זיינען אזוי צאהלרייך און מעכטיג, דאס אפילו די פר־וועליגירטע דיינקער זיינען געצוואונגען זיך צו בענוצען מיט זיי. דער אנארכיזמוס איז ניט דאס פראדוקט פון איינצעלנע שארפזיניגע גייסטער, ער איז דאס קאלעקטיווע רעזולטאט פון אלע שאפענדע ק־עפטע, וועלכע מאניפעסטירען זיך צווישען די מאסען; יעדער איינציגער העלפט מיטצומאכען דיזע אידעע טיעפער און ברייטער, און דערפאר זיינען מיר בע־רעכטיגט צו זאגען, אז דער אנארכיזמוס איז דאס קאלעקטיווע פראדוקט פון אלע מאדערנע מענשליכע שטרעבונגען.

---

# צו אונפֿערשטענדליך.

איהר זייט צו אַבסטראַקט, צו אונפֿערשטענדליך!

אָט דאָס איז איינע פֿון די בעהויפּטונגען, מיט וועלכע פֿעלע פערזאָנען אַרגומענטירען זעהר אָפֿט געגען די אַנאַרכיסטען. זיי ערקלעהרען אונז, דאָס אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ וואָלט זיכער געהאַט אַ בעסערען ערפֿאָלג, ווען מיר זאָלען די סאָציאַלע ערשיינונגען ניט בעטראַכטען פֿון אַזאַ הויכען שטאַנדפּונקט. אַ בעוועגונג, וועלכע ווענדעט זיך הויפּטזעכליך צו די אַרבייטער—אַזוי זאָגען זיי—דאַרף זיך וואָס טיעפֿער אַראָבלאָזען צו די מאַסען.

מיר האָבען שוין פֿריהער אָנגעדייטעט, אַז די ענטוויקלונג פֿון אונזערע אידעען האָט אונז געצוואונגען, זיך אָפֿטמאָל צו בעשעפֿטיגען מיט אַזעלכע פֿראַגען, וועלכע זיינען ניט אימער אין איינקלאַנג מיט דעם געשמאַק און די גייסטיגע פֿעהיגקייטען פֿון די, צו וועלכע מיר ריידען און אַגיטירען. דאָס איז אַ פֿאַקט, וועלכען מיר בעדויערן, אָבער ליידער זיינען מיר ניט אימשטאַנד איהם איבערצוענדערן.

מיר וויסען זעהר גוט, אַז פֿאַר די וואָס הויבען ערשט אָן זיך צו בעשעפֿטיגען מיט דער סאָציאַלער פֿראַגע זיינען אונזערע שריפֿטען אָפֿטמאָל צו טרוקען, און קיינער פֿון אונז וועט ניט בעשטרייטען דיזע טהאַטזאַכע. ליידער קענען מיר ניט פֿערהינדערן, אַז פֿיעלע פֿראַגען, מיט וועלכע מיר בעשעפֿטיגען זיך און דאַרפֿען זיך בעשעפֿטיגען, זיינען אָן און פֿאַר זיך זעהר טרוקען און ניט אַזוי לייכט צו פֿערשטעהן ווי מיר אַליין וואָלטען געוואונשען, אָבער איז עס דען אונזער שולד, אַז די אידעען, וועלכע מיר פֿערטהיידיגען, זיינען אַזוי ענג פֿערבונדען איינע מיט די אַנדערע, אַז זיי האָבען געוויסע בעציהונגען מיט אַלע

צווייגען פֿון דער מענשליכער וויסענשאַפֿט, און אַז דיזע אידעען ציהען צו אין דערזעלבער צייט זאַגאַר די, וואָס דיינקען, אַז עס איז גאָרניט נייטיג פֿאַר זיי זיך צו בעשעפֿטיגען און צו שטודירען די טויזענדער פֿערשידענע ערשיינונגען פֿון'ם געזעלשאַפֿטליכען לעבען?

און ווער קען דען בעשטרייטען, אַז דיזעלבע טרוקענע פֿראַגען זיינען שוין בעהאַנדעלט געוואָרען פֿון אונזערע פֿאָרגענגער, די סאָציאַליסטען? דיזעלבע, „אַבסטראַקטע, אונפֿערשטענדליכע" פֿאָדערונגען, וועלכע מען קריטיקירט אַזוי שטאַרק ביי אונז, זיינען שוין פֿריהער פֿערטרעטען און פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרען, און פֿיעלע פֿון די, וואָס בעהויפּטען ביי יעדער געלעגענהייט, אַז מיר געהען צו וויט, בעמערקען אפילו ניט, אַז די אומענדערונג פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג איז ניט נאָר די פֿאָדערונג פֿון די אַנאַרכיסטען, זאָנדערן אויך דער וואונש און שטרעבען פֿון פֿיעלע אַנדערע עלעמענטען, וועלכע האָבען גיט די קלענסטע בעציהונגען צו דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג. העלפֿט דען ניט די בורזשואַזיע אַליין צו צושטעהרען איהר אייגענע געזעלשאַפֿט? און זוכען דען ניט די פּאָליטיקער פֿון די פֿערשידענסטע פּאַרטייען, ראַדיקאַלען און סאָציאַליסטען מיט מעהר אָדער וויניגער עכטע קאָלירען, צו איבערצייגען די אַרביטער, אַז די היינטיגע געזעלשאַפֿט קען קיין זאַך ניט טהאָן פֿאַר זיי, אַז מען דאַרף איהר איבערבייטען אויף אַ נייע, כדי צו שאַפֿען בעסערע לעבענסבעדינגונגען פֿאַר די מאַסען?

די אַנאַרכיסטען האָבען אַלזאָ די אויפֿגאַבע צו אַנאַליזירען דיזע געוואַלטיגע אַרבייט און אויסצוגעפֿינען די לאָגישע קאָנזעקווענצען פֿון דיזע אַלע שטרעבונגען.

עס איז זייער אויפֿגאַבע צו צייגען, אַז די סאָציאַלע איבלען, פֿון וועלכע מיר ליידען, קענען ניט קורירט ווערען דורך דעם וואָס מען בייט איבער אַ רעגירונג אָדער דורך געוויסע אויסבעסערונגען פֿון דעם סאָציאַלען אָרגאַניזם; די געשיכטע פֿון דער בורזשואַזיע האָט אונז געצייגט קלאָהר און דייטליך דעם מאָראַלישען ווערטה און די שעדליכע ווירקונגען פֿון אַזעלכע פֿערענ־

דערונגען. אָבער דיזע אויפגאַבע איז זעהר א קאָמפּליצירטע, ווייל די אידעען און אַנשויאונגען, געגען וועלכע מיר קעמפּפען, זיינען אַבסטראַקטע און פאַר פיעלע אונפּע־שטענדליך.

ס'איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז ווען מיר וואָלטען צופרידען געווען מיט פּוסטע פראַזען און בעהויפּטונגען, וואָלט אונזער אויפגאַבע ניט געווען אַזוי שווער, מיר וואָלטען זיך דאַן ניט געדאַרפט בעשעפטיגען מיט טרוקענע פּראָבלעמען און לאָגישע אַרגומענטען; מיר וואָלטען דאַן מעהר ניט געדאַרפט טהאָן ווי צו שרייען: „קאַמעראַדען! די קאַפּיטאַליסטען בערויבען אונז! די בורזשואַס זיינען שופטען, די רעגירער באַנדיטען! לאָמיר זיך אויפהויבען, טויטען די קאַפּיטאַליסטען און אונטערצינדען די פאַבריקען!"

אַזאַ אַגיטאַציאָן וואָלט ווירקליך געווען זעהר לייכט, נאָר לאָמיר ניט פערגעסען, אַז די אָרימע און עלענדע האָבען זיך שוין אָפטמאָל אויפגעהויבען געגען די רייכע, עס האָט שוין מאַנכעס מאָל געטראָפען, דאָס אויסבייטער זיינען געטויטעט געוואָרען, און רעגירונגען זיינען פערניכטעט געוואָרען דורך רעוואָלוציאָנען; אָבער טראָצדעם האָט זיך די אַלגעמיינע לאַגע ניט איבערגעביטען. מען האָט שוין אָפטמאָל איבערגעביטען די רעגירונג; אין 1789 איז דאָס אייגענטהום איבערגעגאַנגען אין אַנדערע הענד; פיעלע רעוואָלוציאָנען זיינען זייט דעם געמאַכט געוואָר־ען מיט דער האָפנונג צו פערבעסערן די לאַגע פון די אונטערדריקטע, נאָר פון דעסטוועגען אונטעריאָכען די הערשער נאָך אימער די בעהערשטע, און די רייכע לעבען נאָך אַלץ אַ גוטען טאָג אויף די קאָסטען פון זייערע אַרבייטס־שקלאַפען — מיט איין וואָרט: די אַלגעמיינע לאַגע האָט זיך ניט פערענדערט.

עס איז ניט גענוג צו ערקלעהרען דעם אַרבייטער, אַז דער קאַפּיטאַליסט בערויבט איהם, זאָנדערן פריהער פון אַלעם דאַרף מען איהם איבערצייגען, דאָס אַן איבערבייט פון זיינע בעהערשער קען און וועט ניט פערניכטען זיין עלענד, מען דאַרף איהם ערקלעהרען, דאָס ווען ער אַליין זאָל אפילו פערנעהמען דעם פּלאַץ פון זיינע אונטערדריקער, וועט ער זיין געצוואונגען אָנצו־

ווענדען דיזעלבע מיט'ען געגען די אונטערדריקטע און אַר יס־ רופ'ן דעמזעלבען האַס, וועלכען ער פיהלט היינט געגען זיינע אויסבייטער. און אויסערדעם דאַרף מען איהם נאָך גיט גע'בען צו פערשטעהן, אַז דער קאַפּיטאַליסט האָט איהם אויף אַזוי פיעל פעראינטערעסירט פאַר די עקזיסטענץ פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, אַז ער פערטהיידיגט די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע, גלויבענדיג, אַז עס זיינען זיינע אייגענע אינטערעסען, און אַזוי העלפט ער מיט אויפהאַלטען דורך זיין אונוויסענהייט אַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט פאַר איהם קיין אַנדער זאַך ווי פערשפּ־עכונגען, וועלכע וועלען קיינמאָל ניט פערווירקליכט ווערען.

* * *

די בורזשואַזיע געזעלשאַפט פעראורטהיילט זיך אַליין דורך די אַרט און ווייזע פון איהר אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע גרינדעט זיך אויף דעם אַנטאַגאָניזם פון די אינטערעסען און טרייבט די אַר־ בייטער צו דער רעוואָלוציאָן. אָבער די אַרבייטער האָבען שוין אָפט געמאַכט רעוואָלוציאָנען, נאָר ליידער האָט מען זיי שטענדיג בעטראָגען אום די פריכטע פון זייער קאַמפף, דערפאַר וואָס זיי זיינען געוועזען אונוויסענד און האָבען ניט פערשטאַנען זייערע אייגענע אינטערעסען. עס איז דערפאַר די אויפגאַבע פון דעם פּראָפּאַגאַנדיסט אויפצוקלערען די אַרבייטער, און אום זיי אויפ־ צוקלערען, דאַרף מען זיי בעלעהרען. מיט פוסטע פראַזען און בעהויפּטונגען קען מען שאַפען גלויביגע, אָבער קיינע ציעל־ בעוואוסטע און איבערציינגטע מענשען.

אפילו די פאָרטגעשריטענסטע סאָציאַליסטען בעטראַכטען די אויטאָריטעט פאַר דעם באַזיס פון יעדער אָרגאַניזאַציאָן; פאָלגליך קענען זיי מעהר ניט שאַפען ווי גלויביגע. אָט דערפאַר קען מען אויך פערשטעהן די דיקטאַטאָרישע שטרעבונגען פון די סאָציאַליסטישע פיהרער. אַ בעוועגונג, וועלכע גרינדעט זיך אויף די אויטאָריטעט און דיסציפּלין, האָט קיין בעדירפניס ניט צו מאַכען פון איהרע אָנהייגער וויסענדע מענשען; זי דאַרף נאָר איינפאַכע גלויביגע, דאָס איז אַלעס. און מענשען, וועלכע פאָ־

דערן ניט מעהר ווי בלינדע געהאָרכזאַמקייט, נייטיגען זיך ניט אין לאָגישע אַרגומענטען.

גלויבענדיג אין מענער, וועלכע שפּילען די ראָלע פון משגיחים, אין פּיהרער, וועלכע דיינקען און האַנדלען פאַר זיי, האָבען די אָנהיינגער פון אַזעלכע בעוועגונגען גאָר ניט דעם וואונש זיך צו בעשעפטיגען מיט אַנדערע זאַכען. וואָס לוינט זיי צו דיינקען, ווען די פיהרער האָבען שוין דעם גאַנצען פּלאַן פון דער קומענדער סאָציאַלער רעאָרגאַניזאַציאָן ביי זיך אין קעשענע און וואַרטען מעהר ניט ווי אויף דעם מאָמענט, ווען זיי וועלען האָבען די מאכט איהם אויסצופיהרען? דאָס פאָלק דאַרף זיך שלאָגען און פערגיסען זיין בלוט—דאָס איז אַלעס—אַלעס אַנדערע וועלען בעזאָרגען די פיהרער.

די אַנאַרכיסטישע אידעען האָבען פּלוצלינג אַרויסגערופען גאַנץ נייע אַנשויאונגען, זיי האָבען געווירקט ווי אַ טויט־קלאַפּ אויף אַלע אויטאָריטערע דאָגמאַס און שטרעבונגען. אָבלייקענענדיג די נויטווענדיגקייט פון אַזעלכע מענער, וועלכע שפּילען פאַר דער מאַסע די ראָלע פון דער השגחה, האָבען זיי ערקלעהרט דעם קריעג יעדע אויטאָריטעט און געפאָדערט פאַר יעדען מענשען דאָס רעכט און די פליכט צו דיינקען און האַנדלען לויט זיין אייגענער איבערצייגונג. זיי האָבען ערקלעהרט, אַז קיין מענש זאָל זיך ניט אונטערוואַרפען צו דעם ווילען פון אַ צווייטען מענשען און האָבען אַנערקענט די אינדיווידועלע איניציאַטיווע אַלס די איינציגע גאַראַנטיע פון יעדען פּראָגרעס, אַ״ם דעם פונדאַמענט פון יעדער פרייער פעראייניגונג. די אַנאַרכיסטישע אידעע קען דערפאַר ניט שאַפען קיין איינפאַכע גלויביגע, ווייל פריהער פון אַלעס דאַרף זי צושטעהרען אַלע פאָרמען פון גלויבען און ערקלעהרען איהרע אַרגומענטען, וואַרום און פאַר וואָס זי בעקעמפפט דעם גלויבען. דאָס איז טאַקע אַ שווערע אַרבייט, מאַנכעס מאָל איז זי זעהר שווער צו פערשטעהן, אָבער זי איז אימער ערפאָלגרייך.

* * *

אין דעם מאָמענט, ווען די אינדיווידוען הויבען זיך אויף,

דאַרפֿען זיי וויסען ווי אַזוי צו האַנדלען. און כדי די איניציאַטיווע פֿון דעם איינצעלנען מענשען זאָל זיך קענען צופּאסען פֿריי צו דער טהעטיגקייט פֿון די אַנדערע, איז נויטווענדיג, אַז זיינע האַנדלונגען זאָלען זיך גרינדען אויף די לאָגיק פֿון די נאַטירליכע פֿאַקטען און טהאַטזאַכען. די וויכטיגסטע אויפֿגאַבע פֿון אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ איז אויפֿצוקלעהרען די מוחות פֿון אונזערע אָנ־הייגער, אַריינצוטראָגען ליכט און פֿערנינפֿט אין די הערצער; אָבער דאָס איז נאָר דאַן מעגליך, ווען מיר ווילען זיך בעשעפֿטיגען מיט אַלע פֿראַגען פֿון׳ם סאָציאַ'לען לעבען, ווען מיר פֿערזוימען קיין געלעגענהייט צו מאַכען אונזערע אידעען וואָס קלאָהרער און טיעפֿער, כדי די פֿערשידענע האַנדלונגען פֿון אַלע אינדיווידועז זאָלען זיך צונויפֿטרעפֿען אין דעמזעלבען ציעל, אין דיזעלבע שטרעבונגען.

דאָס איז די אורזאַכע, וואַרום מיר זוכען אויסצומיידען שעהנע פֿראַזען, אום צו בעלייכטען אונזערע אידעען מיט דעם קינסט־ליכען פֿייער פֿון אַ פֿאַלשער אָראַטאָריק, וואַרום מיר פֿערזוכען איינצודרינגען אין אַלע איינצעלהייטען פֿון אַ געוויסער פֿראַגע, אום צו ווערען בעקאַנט מיט אַלע מעגליכע אַרגומענטען, וועלכע מען קען אָנפֿיהרען, כדי צו ערקלעהרען און ענטוויקלען אַ געוויסע אידעע.

* * *

מיר וויסען גאַנץ גוט, אַז עס איז ניט קיין קלייניגקייט איבערצומאַכען די גאַנצע געזעלשאַפֿט, ווי מיר האָבען אין זינען, בעזאָנדערס, ווען דיזער איבערבייט זאָל זיין אַן אינטערנאַציאָנאַלע, אַן אַלגעמיינע אומוועלצונג.

עס איז גאַנץ קלאָהר, אַז די מיטגלידער פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, ווי שלעכט זיי זאָלען זיך ניט פֿיהלען אין די ענגע גרענעצען פֿון דער מאָדערנער סאָציאַלער אָרדנונג, בעגרייפֿען זיי אָבער פֿאָרט ניט אַזוי לייכט די אומבעדינגטע נויטווענדיגקייט פֿון אַן אַלגעמיינער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, אַזוי ווי מיר פֿאַסען איהר אויף; זיי בעגרייפֿען אפילו גאַנץ גוט, אַז די היינטיגע געזעלשאַפֿט גיט זיי ניט דאָס, וואָס זי האָט זיי פֿערשפּראָכען,

נאָר פֿון דעסטוועגען קענען זיי ניט איינזעהן, אַז מען דאַרף איהר אין גאַנצען צושטעהרען.—יעדער איינער האָט זיך זיינע קליינע רעפֿאָרמען און פֿערבעסערונגען, יעדער איינציגער האָט אַ בעזונדערע סאָרט עהל, אום איינצופֿעטען די רעדלאַך פֿון'ם געזעלשאַפֿטליכען מעכאַניזמוס, כדי אַלצדינג זאָל געהן ווי געשמירט, און יעדערער זאָל זיין צופֿרידען.

זיי ווילען פֿריהער וויסען, צו זיי וועלען פּראָפּיטירען פֿון דעם קומענדען איבערבייט, צו ניט, און אויף אַזא מין אַרט ענטשטעהען אַזך פֿראַגען, וועלכע מען דאַרף דיסקוטירען, אַזעלכע פֿראַגען, וועלכע בעריהרען אַלע צווייגען און אָבטהיילונגען פֿון דער מענשליכער וויסענשאַפֿט.

אָט דיזע אַלע פֿראַגען פֿערשפּאַרען דעם אַנאַרכיסטישען פּראָפּאַגאַנדיסט מאַנכעסמאָל די מעגליכקייט, אַז דער אַרבייטער זאָל איהם באַלד גוט פֿערשטעהן און בעגרייפֿען, און עס קאָסט גענוג צייט און אָנשטריינגונג צו מאַכען איהם בעקאַנט מיט אַלע איינצעלהייטען פֿון דער גרויסער סאָציאַלער פֿראַגע, וועלכע רינגעלט אונז אַרום פֿון אַלע זייטען. אָבער דיזע פֿראַגען זיינען נויטווענדיג; אמת, דער אַרבייטער וועט זיי ניט אַזוי לייכט פֿערשטעהן, אָבער נאָר דורך דעם שטודיאום פֿון דיזע פֿראַגען איז עס מעגליך, אַז דער מענש זאָל זיך קענען ענטוויקלען אַלס אַ זעלבסטשטענדיגער כאַראַקטער, וועלכער בעגרייפֿט די פֿאָלגען פֿון זיינע געדאַנקען און האַנדלונגען, אַ כאַראַקטער, וועלכער האַנדעלט לויט זיין פּערזענליכער איבערצייגונג און איניציאַטיווע, און וועלכער דאַרף ניט קיינע אויסערוועהלטע פֿערטרעטער, וואָס זאָלען דיינקען און האַנדלען פֿאַר איהם.

*
* *

ווען עס מאַכט זיך אַלזאָ אַ געוויסע פֿראַגע, וועלכע דער פּראָפּאַגאַנדיסט דאַרף אונטערזוכען, קען ער איהר ניט איגנאָרירען, ווייל זי איז פֿילייכט צו אַבסטראַקט, צו אונפֿערשטענדליך, און ווייל די, צו וועלכע ער רעדט און אַגיטירט זיינען ניט אימשטאַנד איהם באַלד צו פֿערשטעהן, ווען ער רעדט צו זיי דעם ערשטען מאָל.

ער דאַרף האַנדלען מיט דיזער פראַגע און דאַרף איהר ערקלעהרען מיט איינפאַכע און קלאָהרע ווערטער; זיינע ווערטער דאַרפען זיך ניט פערלירען אין דעם טומאַן פון אַ קינסטליכער פראַזעאָלאָגיע, ער דאַרף איבערהויפּט ניט זוכען קיין ערפאָלג אין קלינגענדע ווערטער, וועלכע זיינען אַנגענעהם פאַר זיינע צוהערער; זיין אויפגאַבע דאַרף זיין צו לעהרען און צו ערקלעהרען, ניט קוקענדיג דערויף, אַז די מאַסע איז ניט אימער פעהיג, איהם ריכטיג צו פערשטעהן דעם ערשטען מאָל.

אויב מיר זאָלען אַוועקמאַכען מיט אַלע פראַגען, וועלכע דער פּראָסטער מענש קען ניט באַלד פערשטעהן, דאַן וואָלטען מיר אין גאַנצען געדאַרפט אויפגעבען אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ, דען יעדע נייע אידעע איז אין אָנפאַנג ניט באַלד פערשטאַנען געוואָרען פון אַלעמען, און הויפּטזעכליך ניט פון די, פאַר וועלכע זי איז אייגענטליך בעשטימט געווען. אַנשטאָט זיך אויסצולערנען ווי צו אַגיטירען און ערקלעהרען אונזערע אידעע, וואָלטען מיר זיך בעסער געדאַרפט אויסלערנען צו דעקלאַמירען, ד. ה. מיר וואָלטען זיך געדאַרפט בענוצען מיט וואָס מעהר פראַזען אין וואָס ווייניגער געדאַנקען. דאָס איז די ראָלע פון די פערטהיידיגער פון דער בורזשואַזיע, וועלכע האָבען דאָך זיכער ניט די אויפגאַבע אויפצוקלעהרען און צו ענטוויקלען די מאַסען.

אויב די אַרבייטער ווילען זיך בעפרייען, דאַרפען זיי פריהער פערשטעהן, אַז זייער בעפרייאונג קומט ניט פון זיך אַליין, זיי דאַרפען בעגרייפען, אַז די פּערזענליכע בילדונג און אויפקלעהרונג פון יעדען איינציגען איז איינע פון די וויכטיגסטע פאָרמען פון דעם היינטיגען סאָציאַלען קאַמפּף.

לאָמיר ניט פערגעסען, אַז די בורזשואַזיע איז נאָר דערפאַר געווען אימשטאַנד אויסצובייטען די פּראָלעטאַרישע מאַסען פאַר אַזאַ לאַנגע צייט, ווייל דיזע מאַסען זיינען אונוויסענד, ווייל זייערע מוחות זיינען פערפינסטערט און זייערע אויגען פערבלענדעט געווען. אָט דערפאַר דאַרפען זיי פערשטעהן, אַז פריהער פון אַלעס, דאַרפען זיי זיך גייסטיג בעפרייען, אויב זיי ווילען זיך בעפרייען פון דער מאַטעריעלער שקלאַפעריי. און אויב זיי שרע־

קען זיך אָב פֿאַר די שווערינקייטען פֿון דער גייסטיגער בעפֿרייאונג, וועלכע פֿאָדערט ניט מעהר ווי דעם גוטען ווילען, ווי אַזוי וועלען זיי זיין אימשטאַנד צו בעזיגען די שוועריגקייטען פֿון אַ ווירקליכען קאַמפּף, וועלכער פֿאָדערט די גאַנצע קראַפֿט פֿון'ם כאַראַקטער, די גאַנצע ענטשלאָסענהייט פֿון אַ פֿעסטען און ענערגישען ווילען און דעם מוטה פֿון די טיעפֿסטע און אינערליכסטע איבערצייגונגען?

ווי אונניצליך און שעדליך די בורזשואַזיע זאָל ניט זיין אַלס אַ קלאַסע, דאַרפֿען מיר אָבער קיינמאָל ניט פֿערגעסען, אַז זי האָט פֿעראייניגט אין די מוחות פֿון איינינע פֿון איהרע פֿערטהיידיגער אַלע וויסענשאַפֿטליכע קענטניסע פֿון אונזער צייט וועלכע זיינען נויטווענדיג פֿאַר די ווייטערע ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט. אויב מיר ווילען ניט. אַז די קומענדע רעוואָלוציאָן זאָל זיין אַ שריט צוריק צו דער פֿערגאַנגענהייט, איז נויטווענדיג, אַז דער אַרבייטער זאָל אויך קענען פֿערנעהמען גייסטיג דעם פּלאַץ פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע ער האָט אין זינען אַראָבצואוואַרפֿען פֿון איהר טהראָן; זיין אונוויסענהייט דאַרף ניט זיין קיין אָבהאַלט פֿאַר די ווייטערע ענטוויקלונג פֿון די קענטניסע, וועלכע די מענשהייט האָט זיך שוין ערוואָרבען ביז יעצט. אַם ווייניגסטענס דאַרף ער זיי ניט אַראָבדריקען טיעפֿער, ווי ער געפֿינט זיי היינט.

קיין צווייפֿעל, מיר פֿערשטעהען גאַנץ גוט די אונגעדולדיגע, מיר בעגרייפֿען פֿאָלקאָמען, אַז די, וואָס געהען אויס פֿון הונגער, וואָלטען העכסט צופֿרידען געווען, אַז עס זאָל שוין קומען וואָס גיכער דער טאָג, ווען זייער עלענד וועט זיך ענדיגען. מיר פֿערשטעהן אויך די אונגעדולדיגקייט פֿון די, וועלכע טראָגען אויף זיך דעם טיראַנישען יאָך פֿון דער אויטאָריטעט מיט אַן אינערליכען האַס און צאָרן, און וועלכע וואָלטען אַם בעסטען געוואָלט, אַז דער גאַנג פֿון דער ענטוויקלונג זאָל זיין אין אָנקלאַנג מיט זייער אייגענעם גייסטיגען צושטאַנד, מיט זייער האַס, זייערע ווינשע, זייערע שטרעבונגען און זייער ליעבע צו גערעכטיגקייט.

אָבער ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דיזע אונגעדולדיגקייט, ווי בערעכטיגט עס זאָל ניט זיין דער וואונש זיך אָבצורעכענען און

דאָס בעדירפֿנים צו רעאַליזירען דיזען וואונש, קענען מיר אָבער ניט אָבלייקענען די טהאַטזאַכע, אַז די אידעען ענטוויקלען זיך ניט מיט אַמאָל, זאָנדערן ביסלעכווייז, און עס נעהמט געוועהנליך אַ לאַנגע צייט, איידער זיי אַרבייטען זיך אויס און ווערען רייף אין די קעפּ פֿון די מענשען.

ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז די בורזשואַזיע, וועלכע מיר ווילען אַרונטערוואַרפֿען פֿון איהר טהראָן, ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז דיזעלבע בורזשואַזיע האָט אַוועקגעלייגט אַן אַרבייט פֿון הונדערטער יאָהרען, איידער זי איז געווען אימשטאַנד צו פֿער־נעהמען דעם פּלאַץ פֿון דער אַריסטאָקראַטיע און דער זעלבסט־הערשונג, דאַן קענען מיר זיך מאַכען אַ קליינעם בעגריף פֿון דער אַרבייט, וועלכע עס בלייבט אונז נאָך צו טהאָן, ביז מיר וועלען זיין אימשטאַנד צו פֿערווירקליכען אונזערע אידעען און אַנשויאונגען.

אים 14־טען יאָהרהונדערט, ווען עטיען מאַרסעל האָט פֿערזוכט צו עראָבערן די עפֿענטליכע מאַכט פֿאַר דער בורזשואַ־זיע, וועלכע איז דאַן שוין אָרגאַניזירט געווען אין פֿעסטע קער־פּערשאַפֿטען און קאָרפּאָראַציאָנען, האָט זיך די בורזשואַזע קלאַסע שוין געפֿיהלט שטאַרק און מעכטיג; זי האָט דאַן שוין געהאַט אַ געוויסען איינפֿלוס אויף דער אויטאָריטערער מאַכט, זי האָט זיך אָרגאַניזירט, כדי צו פֿערווירקליכען איהרע פֿאָדערונגען, זי האָט זיך גייסטיג אונטערריכטעט און ענטוויקעלט און געאַרבייט פֿאַר איהר בעפֿרייאונג, פֿאַר די בעפֿרייאונג פֿון די קאָמונען, וועלכע האָבען געשמאַכטעט אונטער דעם שקלאַפֿען־יאָך פֿון׳ם פֿעאָדאַליזמוס.

אָבער טראָץ דעם האָט עס נאָך גענומען גאַנצע פֿיער־הונדערט יאָהר, איידער די בורזשואַזיע איז געווען אימשטאַנד צו דערגרייכען איהר ציעל, פֿאַר וועלכען זי האָט געקעמפּפֿט און געשטרעבט אַזאַ לאַנגע צייט.

אמת, מיר גלויבען ניט, אַז מיר דאַרפֿען וואַרטען אַזאַ לאַנגע צייט, איידער מיר וועלען זיין אימשטאַנד אַראָבצוּוואַר־פֿען פֿון זיך דעם יאָך פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג.

די אינערליכע שוואַכקייט און אונמעכטיגקייט פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע ציינט זיך ארויס וואָס ווייטער אַלס מעהר, אָבוואָהל עס איז ערשט אַריבער אַזאַ קורצע צייט, אַז זי האָט אַריינבעקומען די עפֿענטליכע מאַכט אין איהרע הענד, דיזע אינערליכע שוואַכקייט איז די בעסטע גאַראַנטיע פֿאַר איהר שנעלען אונטערגאַנג. אָבער מיר דאַרפֿען קיינמאָל ניט פֿערגעסען, אַז ווען די בורזשואַזיע איז אימשטאַנד געווען, צו פֿערנעהמען אין 1789 דעם פּלאַץ פֿון דער אַריסטאָקראַטיע, איז עס געווען דערפֿאַר, ווייל זי האָט זיך גייסטיג און מאָראַליש שוין לאַנג צוגעגרייט פֿאַר איהר ראָלע. וואָס דייטליכער עס צייגט זיך הייגט אַרויס דער מאָראַלישער באַנקראָט פֿון דער בורזשואַזיע, אַלס מעהר דאַרפֿען די אַרבייטער זיך פֿאָרבערייטען און זיך גייסטיג ענטוויקלען, ניט פֿאַר די „עראָבערונג פֿון דער פּאָליטישער מאכט", וועלכע מיר ווילען אין גאַנצען צושטעהרען, נאָר אום צו פֿערהינדערן, אַז קיין נייע אַריסטאָקראַטיע זאָל ניט פֿערנעהמען דעם פּלאַץ פֿון דער בעזיעגטער בורזשואַזיע.

*
* *

אויב מיר האָבען שוין יאָ אויפֿגעשטעלט די אידעע פֿון דער פֿרייער אינדיווידועלער איניציאַטיווע, דאַן דאַרפֿען זיך די אינדיווידוען אַליין אויסלערנען ווי צו האַנדלען, זיי דאַרפֿען זיך אַליין ענטוויקלען, כדי מיר זאָלען זיי ניט דאַרפֿען דערמאָהנען ביי יעדער געלעגענהייט, אַז זייער איניציאַטיווע דאַרף זיין דער אויסדרוק פֿון די אַלגעמיינע שטרעבונגען. אויב זיי האָבען ניט דעם ווילען און ניט די קראַפֿט צו בעפֿרייען זיך פֿון זייער אייגענער אונוויסענהייט, ווי אַזוי וועלען זיי זיין אימשטאַנד צו בעלעהרען די אַנדערע, ווען זיי אַליין האָבען ניט געלערנט און ניט פֿערזוכט זיך צו ענטוויקלען? אָט דערפֿאַר זאָגען מיר: האָט ניט קיין מורא צו דיסקוטירען די שווערסטע פֿראַגען, ווי אונפֿערשטענדליך און אַבסטראַקט זיי זאָלען ניט אויסזעהן, דען יעדע נייע ערקענטניס איז אַ שריט נעהנטער צו דער סאָציאַלער בעפֿרייאונג.

אויב מיר ווילען אויסקומען אָהן פֿיהרער, וועלכע זאָלען

אונז ציינגען דעם וועג, איז עס נויטווענדיג, אַז די קענטניסע, וועלכע זיי האָבען זיך ערוואָרבען, זאָלען אַריינדרינגען אין די קעפּ פֿון דער מאַסע; און דער איינציגער מיטעל דאָס אויסצופֿיהרען, איז די גייסטיגע ענטוויקלונג פֿון יעדעם איינציגען, די פּערזענליכע איניציאַטיווע צו לערנען און זיך אויסצובילדען ווי ווייט מעגליך און צו שטודירען אַלע פֿראַגען, וועלכע זיינען וויכטיג צו פֿערשטעהן די סאָציאַלע אינטערעסען. מיר ווידערהאָלען נאָך אַמאָל: לאָמיר זיין קלאָהר און דייטליך, ערקלעהרענדיג אונזערע אידעען, כדי יעדער איינציגער, וואָס האָט נאָר דעם גוטען ווילען אונז צו פֿערשטעהן, זאָל אונז קענען בעגרייפֿען; אָבער לאָמיר קיינמאָל ניט פֿערגעסען, אַז מיר דאַרפֿען זיך פֿאַר קיין פֿאַל ניט אַראָבלאָזען צו דער אונוויסענהייט פֿון די מאַסען, פֿערקעהרט, מיר דאַרפֿען שטענדיג פֿערזוכען אויפֿצוהויבען די מאַסען אויף אַ העכערע שטופֿע פֿון גייסטיגע ענטוויקלונג. אויב מיר וועלען עס ניט טהאָן, וועלען מיר קיינמאָל ניט בעזיגען די אונוויסענהייט, נאָר די אונוויסענהייט וועט אונז בעזיגען, און אָנשטאָט צו געהען פֿאָרווערטס, וועלען מיר געהען ריקווערטס. מעגען אַלזאָ אַנדערע אונז בעשולדיגען, אַז מיר זיינען צו אַב־סטראַקט, אַז אונזערע אידעען זיינען צו שווער צו פֿערשטעהן פֿאַר דער מאַסע — דאָס איז דער איינציגער וועג צו שאַפֿען דעם פּראָגרעס.

---

# איז דער מענש שלעכט?

„דער מענש איז צו שלעכט, אום ער זאָל אַליין פֿערשטעהן, ווי ער דאַרף זיך פֿיהרען!" אָט איז דער אַ־גומענט, מיט וועלכען די אָנהייגער פֿון דער אויטאָריטעט בענוצען זיך, אום צו רעכט־פֿערטיגען זייער פֿערזוך צו עטאַבלירען אַ נייע עפּענטליכע מאַכט.

„דער שטאַאַט איז נויטווענדיג, אום דעם מענשען צו מאַכען בעסער" — אַזוי לויטעט זייער ענטפֿער צו די אַנאַרכיסטען, ווען מיר ריידען פֿון אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע זאָל זיך גרינדען אויף די סאָלידאַריטעט, אויף פֿאָלשטענדיגע גלייכהייט און אויף די פֿאָל־קאָמענע אויטאָנאָמיע פֿון יעדען אינדיווידואום, אַ געזעלשאַפֿט אָהן אויטאָריטעט, אָהן געזעצע און אָהן צוואַנג.

דער מענש איז שלעכט! קיינער צווייפֿעלט ניט אין דעם; אָבער איז מעגליך, ער זאָל ווערען בעסער אָדער ערגער? איז דאָ אַ מעגליכקייט, ער זאָל זיך פֿערענדערן אין זיין יעצטיגען צושטאַנד? קען ער זיך קערפּערליך און גייסטיג פֿערבעסערן אָדער פֿערערגערן? און אויב עס איז יאָ מעגליך, ער זאָל זיך קענען ענטוויקלען אויף די איינע אָדער אויף די אַנדערע אַרט— אַזוי ווי די געשיכטע האָט אונז געציינט — דאַן שטעלט זיך די פֿראַגע, צו די ירושה פֿון די אַלטע געזעצע און אינסטיטוציאָנען, מיט וועלכע ער שלעפּט זיך אַרום, מאַכט איהם בעסער אָדער ערגער? דער ענטפֿער אויף דיזע פֿראַגע וועט אונז ערקלעהרען, וועמען פֿון דיביידע מען דאַרף צוערשט איבערמאַכען — דעם היינטיגען מענשען אָדער דעם יעצטיגען צושטאַנד פֿון דער גע־זעלשאַפֿט.

* * *

קיין מענש וועט היינט מעהר ניט אָבלייקענען, אַז די פֿי־זישע אומשטענדע האָבען אַ בעדייטענדען איינפֿלוס אויף דעם

פיזיאלאָגישען צושטאַנד פון'ם מענשען; און מיר האָבען נאָך פיעל מעהר אורזאַכע אָנצונעהמען, אַז די מאָראַלישע און גייס־טיגע בעדינגונגען, אין וועלכע דער מענש לעבט, האָבען אַ גרויסען איינפלוס אויף זיין פסיכאָלאָגישען צושטאַנד.

אויף וואָס גרינדעט זיך דען אייגענטליך אונזער יעצטיגע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג? פרובירט זי צו שאַפען הארמאָנישע בעציהונגען צווישען די מענשען? איז דער היינטיגער צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט אַזעלכער, אַז דאָס אונגליק פון איין מענ־שען זאָל ווירקען אויף די געפיהלען פון אַלע אַנדערע, און דאָס אַלע זאָלען פערזוכען צו פערגרינגערן זיינע ליידען אָדער צו פערהיטען זיי פאַר דער צוקונפט? גרינדעט זיך דער וואָהלזיין פון איין מענשען אויף דעם וואָהלזיין פון אַלעמען, און איז קיינער ניט פעראינטערעסירט צו שטעהרען די הארמאָניע פון די אַלגע־מיינע אינטערעסען? איז דען דאָ אַ מעגליכקייט אין דיזער געזעלשאַפט פון קעניגע, פריסטער, קרעמערס און עקספלאָטאַ־טאָרס פאַר די פרייע ענטוויקלונג פון גרויסע און נאָבעלע אידעען; פערזוכט זי אַם וויניגסטענס ניט צו דערשטיקען אַזעלכע אידעען און געדאַנקען? עקזיסטירט דען ניט יענע ברוטאַלע מאַכט — דאָס געלד, וועלכעס פערניכטעט די שוואַכע און גיט איבער די בעסטע און נאָבעלסטע כאַראַקטערע אין די הענד פון קליינליכע, ענגאָאיסטישע און געוויסענלאָזע עלעמענטען אין דער געזעלשאַפט?

יעדער איינציגער, וועלכער שטודירט נאָר די אָרגאַניזאַציאָן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, מוז קומען צו דער איבערצייגונג, אַז זי איז ניט פעהיג צו שאַפען עפּעס גוטעס. באמת, די אינערליכע שטרעבונגען צו גוטסקייט און שעהנהייט מוזען זיין זעהר שטאַרק ענטוויקעלט אין דער מענשליכער ראַסע, אַז זיי זיינען נאָך ניט אין גאַנצען דערשטיקט געוואָרען דורך דעם קליינליכען און אונפערנינפטיגען ענגאָאיזמוס און די רויב־גיריגקייט, וועלכע די אָפיציעלע געזעלשאַפט פלאַנצט איין אין יעדען איינציגען פון דעם וויגעלע ביז אין קבר.

די היינטיגע געזעלשאַפט גרינדעט זיך אויף דעם אַנטאַגאָ־ניזמוס פון די אינטערעסען און פעראורזאַכט האַס און פיינד־

שאַפֿט פֿון איין מענשען צו די אַנדערע. די אינטערעסען פֿון דעם פֿערקויפֿער זיינען פונקט אַנטקעגען די אינטערעסען פֿון'ם קויפֿער; דער בויער וואָלט העכסט צופֿרידען געווען, אַז אַ „גוטע קריינק" זאָל אַוועקלייגען די בהמות פֿון זיינע שכנים, אָדער אַ „בעזונדער האָגעל" זאָל צושטערען זייערע פֿעלדער, כדי ער זאָל קענען פֿאָדערען אַ בעסערען פרייז פֿאַר זיינע פראָדוקטען; ד.ה. אויב דער שטאַאַט „בעשיצט" איהם ניט פֿאַר דער קאָנקורענץ דורך בעזונדערע אָבגאַבען. דורך די ענטוויקלונג פֿון דער מאָדערנער אינדוסטריעלער טעכניק פֿערמעהרט זיך די צאָהל פֿון די אַרבייטסלאָזע וואָס ווייטער אַלס מעהר, און דיזער צושטאַנד איז די אורזאַכע פֿון שטענדיגע קריגערייען צווישען די וואָס אַרבייטען און די וואָס אַרבייטען ניט און וואָס ווילען פֿערנעהמען די פּלעצער פֿון די ערשטע. מיט איין וואָרט: אונזער היינטיגע געזעלשאַפֿט פֿעראייניגט ניט די מענשען, נאָר זי טהיילט זיי אָב איינע פֿון די אַנדערע. פֿאַר וואָס זיינען דאָ אַזוי פֿיעל אַרבייטסלאָזע און פֿאָלגליך אַזוי פֿיעל עלענד אין דעם יעצטיגען מאָמענט? — דערפֿאַר וואָס די מאַגאַזינען זיינען פֿול אָנגעפּאַקט מיט פראָדוקטען. און ווי אַזוי קומט עס, אַז מענשען פֿאַלען ניט אויף די אידעע צו פֿערברענען די פֿולע מאַגאַזינען אָדער אַוועקצונעהמען פֿון דאָרטען די פראָדוקטען, אום צו שאַפֿען אַ געלעגענהייט פֿאַר אַרבייט, כדי די אַרבייטער זאָלען אַליין זיין אימשטאַנד צו קויפֿען די פראָדוקטען, פֿאַר וועלכע זייערע עקספּלאָטאַטאָרס זוכען היינט אַ מאַרק אין ווייטע לענדער? „ס'איז דער־פֿאַר", זאָגט מען אונז, „ווייל יעדער איינציגער האָט מורא פֿאַר דער פּאָליציי און די זשאַנדאַרמען!" קיין צווייפֿעל, זיי האָבען מורא, אָבער דאָס ערקלעהרט אונז נאָך ניט אין גאַנצען דעם פּאַסיווען צושטאַנד פֿון די, וואָס געהען אוים פֿון הונגער. יעדער איינציגער פֿון זיי וואָלט זיכער געפֿונען אַ געלעגענהייט צו בעגעהן אַ „פֿערברעכען", ניט ריזיקירענדיג דערביי קיין זאַך, און ווען ער טהוט עס פֿאָרט ניט, איז עס צוליעב אַנדערע אורזאַכען ווי די „מורא פֿאַר דער פּאָליציי". און אויסערדעם איז די צאָהל פֿון די הונגעריגע אַזוי גרוים, אַז ווען זיי וואָלטען זיך

אַלע פּעראייניגט אין אַ שטאָדט ווי פּאַריז, וואָלטען זיי זיכער ניט גערדאַרפט מורא האָבען פאַר די זשאַנדאַרמען, עס וואָלט געווען אַ קלייניגקייט פאַר זיי, צו פּאַראַליזירען די מאַכט פון דער פּאָליציי חאָטש פאַר איין טאָג צייט, אויסלייידיגען די מאַגאַזינען און איין פאַר אַלע מאָל צו האָבען אַ יום טוב. און טהוט אַ קוק אויף די הונדערטער און טויזענדער, וועלכע מען פערשפּאַרט יעדען טאָג אין געפענגנים אַלס טרעמפּס און בעטלערס! איז עס ווירקליך די מורא פאַר'ן געפענגנים, וואָס מאַכט זיי צו בעטען, אָנשטאָט צו נעהמען, וויסענדיג, אַז זייער שטראָף וועט זיין דיזעלבע? זיכער ניט! עס איז איינפאַך דערפאַר, ווייל אויסער דער פייגהייט, עקזיסטירט אין יעדען מענשען אַ געוויסער אינסטינקט פון סאָציאַבּיליטעט, וועלכער האַלט איהם אָב צו בעלוינען שלעכטס מיט שלעכטס, אַ געפיהל, וועלכעס גיט איהם די מאָראַלישע קראַפט צו טראָגען אויף זיך די שווערע לאַסט, גלויבענדיג, אַז עס איז נויטווענדיג פאַר די עקזיסטענץ פון דער געזעלשאַפט.

גיט עס דען ווירקליך אַ מענש, וועלכער זאָל זיך איינריידען, אַז די געוואַלט אַליין איז גענוג, אום אויפצוהאַלטען דעם רעספּעקט פאַר'ן אייגענטהום, אפילו ווען עס וואָלט ניט עקזיסטירט אַ מאָראַלישער רעספּעקט פאַר דיזער אינסטיטוציאָן, וועלכער בעטראַכטעט דאָס אייגענטהום אַלס אַ רעזולטאַט פון אינדיווידועלער אַרבייט? האָבען דען אפילו די ערגסטע שטראַפען ווען עס איז געקענט פערהינדערן, אַז די, ביי וועלכע עס עקזיסטירט ניט דיזער מאָראַלישער רעספּעקט, און וועלכע קוקען נאָר אויס צו לעבען אויף יענעם'ס רעכנונג, זאָלען ניט אויספיהרען זייערע פּלענער? און וואָס וואָלט געוואָרען פון דער וועלט, ווען די מענשען, שטודירענדיג די אורזאַכען פון זייער עלענד און ענטדעקענדיג דעם אייגענטליכען אורשפּרונג פון פּריוואַט־אייגענטהום, וואָס וואָלט געוואָרען, ווען די מענשען וואָלטען ווירקליך געווען אַזוי שלעכט ווי מען שטעלט זיי געוועהנליך פאַר? דאַן וואָלט די געזעלשאַפט מעהר ניט געקענט עקזיסטירען פאַר אַ מאָמענט, דער „קאַמפּף אום דאַזיין" וואָלט זיך מאַניפעסטירט אין זיינע

גרויזאַמסטע און ברוטאַלסטע פֿאָרמען און עס וואָלט זיך אָנגע־פֿאַנגען אַ נייע פעריאָדע פֿון באַרבאַריי. ווען דער מענש לאָזט זיך אונטערדריקען, פֿערשקלאַפֿען, בעטריגען און עקספּלאָטירען, ווען ער שרעקט זיך אָב אָנצואווענדען פֿיזישע געוואַלט פֿאַר זיין בעפֿרייאונג, איז עס נאָר דערפֿאַר, ווייל עס עקזיסטירט אין איהם אַ געוויסער שטרעבען פֿאַר דאָס וואָס עס איז בעסער און ניט פֿאַר דאָס וואָס עס איז ערגער.

* *
*

די בעהויפּטונג, אַז דער מענש ווערט געבאָרען שלעכט, און אַז עס גיט ניט קיין האָפֿנונג, ער זאָל ווערען בעסער, מיינט אייגענטליך צו ערקלעהרען, אַז דער מיַנש איז שלעכט, פֿאָלגליך איז די געזעלשאַפֿט אויך שלעכט, און מיר האָבען פֿוןביידע ניט צו ערוואַרטען קיין. פֿערבעסערונג פֿאַר דער צוקונפֿט. וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָט עס, צו פֿערלירען די צייט מיט גאָרנישט און צו טרוימען פֿון אַ פֿאָלקאָמענער מענשהייט, ווען דיזער טרוים קען קיינמאָל ניט פֿערווירקליכט ווערען. זאָל יעדער זאָרגען פֿאַר זיך אַליין און זעהען ווי ער קען אַם בעסטען עקזיסטירען.

„אויב אונזער גליק, אונזער פֿערגניגען, אונזער צופֿרידענ־הייט ווערט פֿעראורזאַכט דורך דאָס בלוט און די טרעהרען פֿון די אָפּפֿער, וואָס פֿאַלען אויף אונזער וועג — וועמענס שולד איז עס? מען דאַרף פֿערניכטען די אַנדערע, אויב מען וויל ניט אַליין ווערען פֿערניכטעט. דאָס מעג זיין שלעכט פֿאַר די, וואָס פֿאַלען, אָבער עס קען אַנדערש ניט זיין!"

זעהר גוט! אָבער פֿאַרוואָס פריידיגען די פּריווילעגירטע קלאַסען ניט אָפֿען און פֿריי דיזע טהעאָריע? זאָלען זיי דאָך פֿערזוכען, די מאָנאָפּאָליסטען, וועלכע גרינדען זייער הערשאַפֿט אויף די פֿערשלעפֿערונג פֿון די אַרבייטער, מאַכענדיג פֿון זיי פֿערטהיידיגער פֿון זייערע פּריווילעגיעס, און פֿערשפּרעכענדיג זיי אַ בעסערען לעבען אין אַ יענע וועלט, זאָלען זיי דאָך פֿערזוכען עפֿענטליך צו פּראַקטיצירען דיזע אידעען, ניט בעהאַלטענדיג זייערע אַבזיכטען אונטער אַ מאַסקע. אָבער זיי האָבען עס קיינ־מאָל ניט געטהאָן. ווען דער גלויבען אין אַ גאָט איז געוואָרען

שוואַכער, האָבען זיי אָנגעהויבען פֿערטײדיגען פֿון מאָראַל, פֿון פאַטריאָטיזמוס, פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער ניצליכקייט און אַנ־דערע שעהנע זאַכען, און היינט פֿערשפרעכען זיי דעם פֿאָלק גאַנצע גליקען דורך די הילפֿע פֿון דעם אַלגעמיינען שטים־רעכט; זיי פֿערשפרעכען די מאַסען אַזעלכע רעפֿאָרמען, וועלכע זיי קענען קיינמאָל ניט פֿערווירקליכען. ווייל דער יעצטיגער צושטאַנד קען ניט ווער־ען פֿערבעסערט מיט דעם וואָס מען פֿערזוכט צו קאָ־ריגירען די ווירקונגען פֿין די געזעלשאַפֿטליכע איבלען, זאָנדערן נאָר דורך אַ ראַדיקאַלען איבערבייט פֿון דעם גאַנצען געזעל־שאַפֿטליכען אָרגאַניזמוס. — זאָלען זיי דאָך אָפֿען אַרויסטרעטען, די עקספלאָטאַטאָרם פֿון די אָרעמע און עלענדע, און פּראָקלאַמי־רען דאָם רעכט פֿון געוואַלט, און מיר וועלען זעהן ווי לאַנג זייער הערשאַפֿט וועט עקזיסטירען. געוואַלט מוז שטענדיג אַרויסרופֿען געוואַלט!

* * *

ווען דער מענש האָט געמאַכט דעם ערשטען פֿערזוך צו פֿעראייניגען זיך מיט זיינע מיטמענשען אין בעזונדערע גרופּי־רונגען, איז ער זיכער נאָך זעהר שטאַרק בעהערשט געוואָרען פֿון ריין טהיערישע אינסטינקטען, און די מענשליכקייט איז נאָך זעהר שוואַך געווען ענטוויקעלט ביי איהם; אידעען פֿון מאָראַל און גערעכטיגקייט האָבען דאַן פֿאַר איהם נאָך ניט עקזיסטירט. אָנפֿיהרענדיג אַ שטענדיגען קאַמפּף מיט אַנדערע טהיערע, מיט דער גאַנצער נאַטור, האָט די ביטערע נויטווענדיגקייט איהם געצוואונגען צו פֿעראייניגען זיינע קרעפֿטע מיט די קרעפֿטע פֿון אַנדערע, אָבער די פֿער־אייניגונג אין יענע צייטען איז זיכער ניט געווען אַ פֿאָלגע פֿון געוויסע סאָלידאַר־ישע אינסטינקטען און בעדירפֿניסע. עס איז אויך גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז די ער־שטע מענשליכע גרופּירונגען האָבען צוערשט נאָר געהאַט אַ פּעריאָ־דישען כאַראַקטער, ד.ה. זיי האָבען זיך נאָר ענטוויקעלט אויף אַ געוויסער צייט און פֿאַר אַ בעשטימטען צוועק, ווי צ.ב.ש. פֿאַר דער יאַגד, צו בעזיגען אַ שטאַרקען הינדערניס און שפּעטער פֿאַר דער פֿערטהיידיגונג אָדער אום אָנצוגרייפֿען פֿיינדליכע שטאַמען.

נאָר דורך דיזע פראַקטישע פֿעראיינינונג פֿון די קרעפֿטע האָט דער מענש ביכלעכווייז בעגריפֿען די גרויסע בעדייטונג פֿון געזעלשאַפֿטליכע גרופּירונגען, און אַזוי האָבען זיך מיט דער צייט ענטוויקעלט פֿעסטע געזעלשאַפֿטליכע פֿע־איינינונגען.

אָבער פֿון דער אַנדערער זייט האָט אַזאַ לעבען פֿון שטענ־דיגע קעמפּפֿע און מלחמות געמוזט ענטוויקלען ביי די מענשען געוויסע בלוט־גיריגע און דעספּאָטישע אינסטינקטען. די שוואַכע האָבען געמוזט אָנערקענען די בעשטימונגען פֿון די שטאַרקע, אויב די לעצטע האָבען זיי ניט אין גאַנצען אויפֿגעגעסען. עס האָט געמוזט זיין פֿיעל שפּעטער, אַז די כיטראָסט האָט בעקומען אַ גלייכע בעדייטונג פֿאַר דעם מענשען ווי די ברוטאַלע געוואַלט.

ווען מיר שטודירען דעם מענשען אין זיין ערשטען פּרימי־טיווען צושטאַנד, מוזען מיר צוגעבען, אַז ער איז דאַן געווען אַ צימליך בייזע חיה; אָבער ווען ער איז געווען אימשטאַנד דורכ־צומאַכען אַזאַ געוואַלטיגע ענטוויקלונג פֿון דאַמאָלסט אָן ביז היינט, ווען ער איז פֿעהיג געווען צו ענטוויקלען אין זיך אַזעלכע אידעען און בעגריפֿע, פֿון וועלכע ער האָט פֿריהער אפילו ניט גע'חלום'ט, וואָס פֿאַר אַ גרונד האָבען מיר דאַן אָנצונעהמען, אַז ער וועט זיך שוין מעה־ ניט ענטוויקלען ווייטער און בלייבען אַזוי ווי ער איז יעצט פֿאַר אַלע צייטען? אָבצולייקענען דעם שטענדיגען פּראָגרעס פֿון'ם מענשען וואָלט געווען דערזעלבער טעות, אַלס ווען אימיצער וואָלט בעהויפּטעט אין די אַלטע פּרימיטיווע צייטען, ווען דער מענש האָט נאָך געוואוינט אין אַ הייל, ווען זיין איינציגע וואַפֿע איז מעהר ניט געווען ווי אַ שטיק האָלץ אָדער אַ האַק פֿון שטיין, אַז ער וועט קיינמאָל ניט האָבען די פֿעהיגקייט צו בויען אַזעלכע רייכע שטעדט און צו בענוצען זיך מיט דער קראַפֿט פֿון דאַמפּף און עלעקטריציטעט, ווי ער טהוט עס היינט. וואָס פֿאַר אַן אורזאַכע האָבען מיר צו צווייפֿ־לען אין דער ווייטערער ענטוויקלונג פֿון'ם מענשען, אין דעם שטענדיגען פּראָגרעס פֿון זיינע גייסטיגע און מאָראַלישע פֿע־היגקייטען?

דער מענש האָט זיך ענטוויקעלט ביסלעכווייז און ענטוויקעלט זיך יעדען טאָג. זיינע אידעען מאָדיפיצירען זיך פון טאָג צו טאָג. די פיזישע געוואַלט, אַבוואָהל די אומשטענדע, אין וועלכע ער לעבט, צווינגען איהם פון צייט צו צייט צו בענוצען זיך מיט איהר, רופט היינט ניט מעהר אַרויס דיזעלבע בעוואונדערונג ווי אַמאָל. די אידעען פון מאָראַל, גערעכטיגקייט און סאָלידאַריטעט ענטוויקלען זיך אַלץ מעהר אין די מוחות פון די מענשען; דיזע אידעען זיינען שוין היינט אַזוי שטאַרק, אַז די פריווילעגירטע קלאַסען, אום אויפצוהאַלטען זייער הערשאַפט, זיינען געצוואונגען איינצורעדען די מענשען, אַז עס איז פאַר זייער אייגענעם אינטערעס צו לאָזען זיך עקספּלאָטירען און אונטערדריקען.

אָבער דיזער בעטרוג קען ניט אָנגעהן פאַר אימער. די מענשען פיהלען זיך צו פיעל פערענגט אונטער די אונגלייכע בעדינגונגען פון דער היינטיגער געזעלשאַפט. די גרויסע שטערבונגען, וועלכע האָבען זיך שוין מאַניפעסטירט מיט הונדערטער יאָהרען צוריק, צוערשט אין די קעפ פון איינצעלנע מענשען און אין אַן אונפאָלקאָמענער געשטאַלט, בעקומען היינט אַ קלאָהרען און בעשטימטען אויסדרוק. מיר געפינען זיי זאָגאַר ביי די, וואָס בעלאַנגען צו די פריווילעגירטע פון דער היינטיגער געזעלשאַפט. איהר וועט ניט געפינען קיין איינציגען מענשען, וועלכער זאָל ניט אויסדריקען — כאָטש אין געוויסע מאָמענטען — זיין פּראָטעסט און פעראַכטונג געגען די היינטיגע געזעלשאַפט, וועלכע ווערט נאָך אַלץ רעגירט פון טויטע מענשען, מענשען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו דערשטיקען אין אונז אַלע טיעפערע געפיהלען, אַלע נאָבעלע שטרעבונגען; און וואָס ווייטער מיר געהען אין אונזער גייסטיגער ענטוויקלונג אַלץ שמערצליכער און אונערטרעגליכער ווערט פאַר אונז דיזער צושטאַנד. די אידעען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט ווערען קלאָהרער און בעשטימטער פון טאָג צו טאָג; אמת, איהרע פערטהיידיגער זיינען יעצט נאָך אַ מינאָריטעט, אָבער דיזע מינאָריטעט איז שוין אַזוי שטאַרק, אַז די בעזיצענדע קלאַסען הויבען אָן צו ציטערן

און קוקען זיך אַרום מיט מורא'דיגע אויגען, אום צו געפֿינען אַן אויסוועג.

דער מענש, אָקוראַט ווי אַלע אַנדערע טהירע, איז דאָס פּראָדוקט פֿון אַן ענטוויקלונג, וועלכע פֿינדעט שטאַט דורך דעם איינפֿלוס פֿון די אומשטענדע, אין וועלכע ער לעבט, און דורך די בעדינגונגען פֿון זיין עקזיסטענץ, און ער איז געצוואונגען צו אַנערקענען דיזע בעדינגונגען אָדער צו קעמפּפֿען געגען זיי. דער גאַנצער אונטערשיעד צווישען איהם און אַנדערע טהיע־ע בעשטעהט אין דעם, אַז ער שטעהט אויף אַ העכערע שטופֿע פֿון ענטוויקלונג, אַז ער קען זיין פֿערגאַנגענהייט און איז אים־שטאַנד צו ענטוויקלען זיינע שטרעבונגען פֿאַר דער צוקונפֿט. עס ווענדעט זיך אַלזאָ אָן איהם אַליין אָבצושטעלען די אונפֿערמייד־ליכקייט פֿון דעם איבעל, וועלכעס איז פֿערבונדען מיט זיין עקזיסטענץ. און אין דעם מאָמענט, זואו עס וועט זיך איהם איינגעבען צו שאַפֿען אַנדערע לעבענס־בעדינגונגען, שאַפֿט ער אין דערזעלבער צייט די מעגליכקייט פֿאַר זיין אייגענע ווייטערע ענטוויקלונג.

* * *

די גאַנצע פֿראַגע לאָזט זיך אויסדריקען ווי פֿאָלגט: „האָט יעדער מענש, צו ער איז גוט אָדער שלעכט, אַ רעכט צו לעבען אויף זיין אייגענעם שטייגער? האָט ער אַ רעכט צו רעוואָלטירען, ווען אַנדערע עקספּלאָטירען איהם, אָדער ווען אַנדערע זוכען צו פֿערהינדערן, ער זאָל זיך בעפֿרייען פֿון אַזעלכע עקזיסטענץ־בעדינגונגען, וועלכע זיינען אָבשטויסענד און שעדליך פֿאַר איהם?"

די ליעבלינגע פֿון גליק, די, וואָס האַלטען די מאַכט אין זייערע הענד, בעטראַכטען זיך פֿאַר בעסער פֿון די אַנדערע; אָבּער ווען די אַנדערע, די „שלעכטע", וואָלטען זיי היינט אַראָבגעוואָרפֿען פֿון ביינקעל און פֿערנומען זייערע פּלעצער, וואָלטען זיי געהאַט דאָסזעלבע רעכט צו רופֿען זיך די „בעסטע".

דאָס סיסטעם פֿון פּריוואַט־אייגענטהום, וועלכעס קאָנצענ־טרירט אונזערע אַלע סאָציאַלע רייכטהימער אין די הענד פֿון אַ קליינע מינאָריטעט, האָט געגעבען צו איינינע פּערזאָנען די

מעגליכקייט צו לעבען אלס פאראזיטען אויף'ן קארג פון דער ברייטער מאסע; און דיזע פערשקלאפטע מאסע איז געצוואונגען אויפצוהאלטען מיט איהר ארבייט די עקזיסטענץ פון דיזע לײדיגגעהער, צו בעפרידיגען זייערע אויסברײנגערישע בעדירפניסע און צו פערטהיידיגען זייערע אינטערעסען. אבער דיזער צושטאנד קען ניט אנהאלטען פאר אלע צייטען, ווייל די אונטערדריקטע פיהלען אלץ מעהר די אונגערעכטיגקייט פון די יעצטיגע סאציאלע בעדינגונגען. די ארבייטער פאדערן דעם פולען גענוס פון זייערע ארבייטס־פראדוקטע, און זיי ווילען זיך אויפהויבען און רעוואלטירען, אויב מען וועט ווייטער אונטערדריקען זייער רעכט. עס וועט דער בורזשואזיע ווייניג וואס העלפען, צו בעהויפטען, אז דער „מענש איז שלעכט", זי וועט דאדורך ניט צוריקהאלטען די רעוואלוציאן. דאן וועט עס זיך ארויסצייגען, צו דער מענש אין ווירקליך אונפעהיג צו ווערען בעסער און פאלקאמענער — אין דיזעם פאל וואלט זיך אנגעפאנגען אן אלגעמיינע כאפעריי, און וואס עס וואלט ניט געווען די ענדע, די בורזשואזיע וואלט זיכער פערניכטעט געווארען, ווייל זי איז אין דער מינאריטעט!— אדער אבער עס וועט זיך ענדליך ארויסצייגען, אז דער מענש איז שלעכט, דערפאר ווייל די געזעלשאפטליכע אינסטיטוציאנען זיינען שלעכט — און אין דיזעם פאל וועט ער פערזוכען צו שאפען אזעלכע בעדינגונגען, וועלכע זאלען זיין גינסטיג פאר זיין גייסטיגע, מאראלישע און פיזישע ענטוויקלונג, אין דאס איז נאר מעגליך אין א סאלידארישער געזעלשאפט, וואו די אינטערעסען פון אלעמען זיינען דיזעלבע. נאר ווי די זאך זאל ניט זיין — די רעוואלוציאן וועט קומען! די מאדערנע ספינקס שטעלט אונז איהרע פראגען, און מיר ענטפערן איהר אהן שרעק, אהן מורא; דען מיר אנארכיסטען, מיר צושטעהרער פון געזעץ און אייגענטהום, קענען דאס צויבער־ווארט, וועלכעס וועט אויפלייזען דאס רעטהעניש.

# דאס אייגענטהום.

---

איידער מיר וועלען אָנגעהן ווייטער מיט דער ערקלעהרונג פֿון אונזערע אידעען, איז עס נויטווענדיג צו וואַרפֿען אַ בליק אויף די אינסטיטוציאָנען, וועלכע מיר ווילען צושטעהרען, צו אונטערזוכען דעם באַזיס, אויף וועלכען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט גרינדעט זיך, דעם פּאָזיטיווען ווערטה פֿון דיזען באַזיס, וואַרום אַן אמת'ע סאָציאַלע רעפֿאָרמע איז נאָר מעגליך דורך אַ פֿאָלשטענדיגע פֿערענדערונג פֿון דעם גאַנצען געזעלשאַפֿטליכען אָרגאַניזמוס, און וואַרום עס איז ניט דאָ קיין האָפֿנונג פֿאַר אַ פֿערבעסערונג, ביז וואַנען דיזע ראַדיקאַלע אומוועלצונג וועט ניט שטאַטפֿינדען. די אונטערזוכינג פֿון דיזע פֿראַגען איז אין דערזעלבער צייט אַן ערקלעהרונג פֿאַר וואָס מיר זיינען אַנאַרכיסטען און רעוואָלוציאָנערען.

די פֿערטהיידיגונג פֿון פּריוואַט־אייגענטהום און דאָס רעכט איבערצוגעבען בירושה די מאָנאָפּאָליזירטע רייכטהימער צו מיטגלידער פֿון דיזעלבע פֿאַמיליען, אָט דאָס איז דער פּרינציפּ, אויף וועלכען די היינטיגע געזעלשאַפֿט גרינדעט זיך. די אויטאָריטעט, די פֿאַמיליע, דאָס געריכט, די אַרמעע און אַלע אַנדערע שטאַאַטליכע און ביראָקראַטישע קערפּערשאַפֿטען, וואָס דריקען און שטיקען אונז, זיינען אַלע אַרויסגעוואַקסען פֿון דיזען פּרינציפּ. מיר וואָלטען נאָך געקענט דערמאָהנען די רעליגיאָן, אָבער די וויסענשאַפֿט האָט זי געטויטעט. זאָלען די טויטע זיך אָפּרוהען!

מיר האָבען ניט די אַבזיכט צו געבען דאָ אַ היסטאָרישע ערקלעהרונג איבער די ענטוויקלונג פֿון דעם אייגענטהום. דאָס איז שוין אָפֿט געטהאָן און ווידערהאָלט געוואָרען פֿון אַלע סאָציאַליסטישע שולען און ריכטונגען; זיי אַלע האָבען אונז

אויפגעוויזען, אַז רויב, שווינדעל און ברוטאַלע געוואַלט זיינען געווען און זיינען נאָך היינט די קוועלען פון פריוואַט-אייגענטהום. מיר וועלען נאָר אָנדייטען אויף אייניגע בעשטימטע טהאַטזאַכען, וועלכע אילוסטרירען די אונגערעכטיגקייט פון דיזער אינסטיטוציאָן, און די איבלען, וועלכע וואַקסען דערפון אַרויס; מיר וועלען עס טהאָן, אום צו בעווייזען, דאָס אַלע זאָגענאַנטע רעפאָרמען, וועלכע מען שלאָגט פאָר, זיינען ניט מעהר ווי בעשטימטע מיטלען, צו פערבלענדען די אויגען פון די אונטערדריקטע, און אויב מיר ווילען ווירקליך פערהיטען דיזע אַלע איבלען, מוזען מיר אַטאַקירען דעם הויפט-פונדאַמענט פון דער היינטיגער געזעלשאַפט — דאָס פריוואַט-אייגענטהום און די קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָן.

* * *

די מאָדערנע וויסענשאַפט ערקלעהרט אונז, אַז די ערד איז ענטשטאַנען פון אַ קערן פון קאָסמישער מאַטעריע, וועלכער האָט זיך אָבגעזונדערט פון די זונען-נעבלען. דורך די שטענדיגע בעוועגונג פון דיזען גאַז-קוגעל אַרום זיין אַקס און אַרום דעם גרויסען צענטראַל קערפּער, די זון, איז ענטשטאַנען אַזאַ געוואַלטיגער דרוק, אַז די גאַזען האָבען זיך אָנגעצונדען; און דיזער פייערדיגער קוגעל, אַ קינד פון דער זונן, האָט דאַן געמוזט אויסזעהן אין וויטען וועלט-רוים ווי אַ קליינינקער, פיצינקער שטערנדעל. אין פערלויף פון מיליאָנען און מיליאָנען יאָהרען האָט דיזער קליינער וועלט-קערפּער דורכגעמאַכט אַ געוואַלטיגע ענטוויקלונג. ער איז ביסלעכווייז אָבגעקיהלט געוואָרען און אויף זיין אויבערפלעכע האָט זיך אָנגעזאַמעלט וואַסער, אַ הייסער קאָכעדיגער ים; שפּעטער איז געקומען אַ פעריאָדע פון אַ קלעבעדיגען, בלאָטיגען צושטאַנד, ביז וואַנען עס האָט זיך ענדליך ענטוויקעלט אַ פעסטע שאָלאַכץ. אין דיזען פרימיטיווען שמעלץ-אויווען האָט די פעראייניגונג פון פערשידענע גאַזען אַרויסגערופען אַזוי פיעל קאָמפּליצירטע צוזאַמענמישונגען, אַז עס זיינען צולעצט ענטשטאַנען די הויפּט-שטאָפען, וועלכע שטעלען צונויף דעם ערד-קוגעל: מינעראַלען, מעטאַלע און גאַזען, אָבגעזונדערט פון דער

אַטמאָספֿערע. די לאַנגזאַמע אָבקיהלונג פֿון דער ערד, דער איינפֿלוס פֿון לופֿט און וואַסער אויף די מינעראַלען האָט ביס־לעכווייז געשאַפֿען אַ מעגליכקייט פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון פֿלאַנ־צונגען. וועהרענד דיזער אונגעהייער לאַנגער פעריאָדע האָט זיך ענטוויקעלט אויף דעם גרונד פֿון ים, דורך די צונויפֿמישונג פֿון וואַסער־שטאָף, זויער־שטאָף, קוילען־שטאָף און שטיק־שטאָף, אַ לעבעדיגע, געדיכטע, קלייאיגע זאַך אָהן אַ בעשטימטע פֿאָרמע, אָהן אָרגאַנע, אָהן בעוואוסטזיין, וועלכע איז אָבער שוין געווען אימשטאַנד צו פֿערענדערן איהר אָרט, אויסציהענדיג איהר קערפּער צו דעם פּלאַץ, וואו עס האָט זיך איהר פֿערוועלט צו קריכען, אָדער בעסער געזאָגט, פֿון וואַנען זי איז בעאיינפֿלוסט געוואָרען. די צווייטע פֿעהיגקייט איהרע איז געווען אַריינצונעהמען אין זיך פֿרעמדע שטאָפֿען, מיט וועלכע זי האָט זיך גענעהרט, און דערצו קומט נאָך אַ דריטע פֿעהיגקייט: ווען זי האָט נעמליך דערגרייכט אַ געוויסען גראַד פֿון ענטוויקלונג, האָט זי זיך געשפּאָלטען אין צווייען און געבאָרען אַ נייען אָרגאַניזמוס, וועלכער איז געווען עהנליך אין אַלע בעציהונגען צו דעם ערשטען.

* * *

אָט האָבען מיר דעם פּראָסטען אָנפֿאַנג פֿון דער מענשהייט! אַזוי פּראָסט, אַזוי בעשיידען, אַז עס האָט גענומען אַ לאַנגע, לאַנגע צייט, איידער מען האָט געקענט אונטערשיידען אַ טהיער פֿון אַ פֿלאַנצע; איידער דאָס איז מעגליך געווען, האָט פֿריהער שטאַטגעפֿונען אַ גאַנצע רייהע פֿון פֿערשידענע ענטוויקלונגען, און אַ בעשטימטע צאָהל פֿון פֿערשידענע פֿאָרמען האָבען פֿריהער געדאַרפֿט ענטשטעהן, אום ענדליך צו דערגרייכען דיזען אונ־טערשיעד. צו געבען אַן איבערבליק פֿון דער לאַנגער רייהע פֿון טויזענדער און טויזענדער פֿערשידענע בעשעפֿניסע, ביז וואַנען עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די פעריאָדע פֿון'ם מענשען, וואָלט געהייסען נאָך אַמאָל ווידערהאָלען די גאַנצע געשיכטע פֿון דער אַלגעמיינער ענטוויקלונג, וועלכע די מאָדערנע וויסענשאַפֿט האָט ערקלעהרט אַזוי קלאָהר און פֿערשטענדליך פֿאַר אַלע די, וועלכע האָבען דעם ווילען צו שטודירען דיזע פֿראַגען אָהן פֿאָראורטהיילע.

אָבער דאָס איז ניט געווען אונזער אַבזיכט. מיר האָבען נאָר אָנגעדייטעט אויף די וויכטיגסטע פאַקטען פון דעם ענטוויקלונגס־פּראָצעס, אום צו אונטערשטיצען אונזער מיינונג איבער די וויל־קירליכע מאָנאָפּאָליזירונג פון אַ טהייל פון דער ערד דורך אַ געוויסע קלאַסע מענשען, וועלכע האָבען צוגענומען דאָס לאַנד פאַר זייער פּערזענליכען פּראָפיט און דעם פּראָפיט פון זייער׳ע יורשים, צום שאָדען פון די וויניגער בעגינסטיגטע און די קו־מענדע דורות.

עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז דיזע ערקלעהרונג איבער די ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון׳ם מענשען אויף דער ערד פערניכטעט איין פאַר אַלע מאָל די אַלע וואונדערבאַרע לעגענ־דען, וועלכע דערצעהלען אונז די מערקווירדיגע געשיכטע פון זיין בעשאַפינג. ניטאָ מעהר קיין גאָט און קיין בעשעפער! דער מענש איז ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט פון דער נאַטירליכער ענטוויקלונג פון לעבען; דאָס לעבען אַליין איז ניט אַנדערש ווי דאָס פּראָדוקט פון אַ צונויפמישונג פון פערשידענע גאַזען און עס איז פריהער נייטיג געווען אַ לאַנגע, לאַנגע ענטוויקלונג, איידער דיזע גאַזען האָבען בעקומען די נויטווענדיגע געדיכטקייט און פּראָפּאָרציאָן פאַר דער ענטשטעהונג פון דער ערשטער לע־בענדיגער ערשיינונג.

* * *

די טהעאָריע פון דער איבערנאַטירליכער ענטשטעהונג פון׳ם מענשען האָט היינט מעהר קיין בעדייטונג ניט, און די אידעע, אַז די געזעלשאַפט, אַזוי ווי זי איז יעצט, מיט איהרע אָבטהיי־לונגען פון רייכע און אָרעמע, רעגירער און רעגירטע, איז דאָס פּראָדוקט פון אַ געטליכען ווילען, האַלט ניט אוים קיין פערנינפ־טיגען אַרגומענט. די אויטאָריטעט, וועלכע האָט פאַר אַזאַ לאַנגע צייט שטאָלצירט מיט איהר „געטליכען אורשפּרונג" — אַ לע־גענדע, וועלכע האָט זיכער ניט וויניגער בייגעטראָגען אויפצו־האַלטען די אויטאָריטערע אינסטיטוציאָנען, ווי די ברוטאַלע געוואַלט — האָט פערלאָרען איהר בעדייטונג דורך די דיסקו־סיאָנען, וועלכע האָבען שטאַטגעפונען, זי האָט מאָראַליש

באַנקראָטירט ; איהר לעצטע פֿעסטונג איז היינט דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט און די הערשאַפֿט פֿון דער מאַיאָריטעט. דער גלויבען אין די נויטווענדיגקייט פֿון דער אויטאָריטעט האָט זיך נאָר געקענט אויפֿהאַלטען, אַזוי לאַנג ווי מען האָט איהם ניט דיסקוטירט ; און מיר וועלען שפּעטער זעהען, אַז זי האָט מעהר קיין וואַפֿע ניט זיך צו פֿערטהיידיגען אויסער דער ברוטאַלער געוואַלט. מיר קענען אַלזאָ רוהיג בעהויפּטען, אַז אייגענטהום און אויטאָריטעט זיינען פֿעראורטהיילט צום אונטערגעהן, ווי באַלד מען הויבט אָן צו דיסקוטירען זייער בערעכטיגונג, ווייל דער רעספּעקט פֿאַר דיזע אינסטיטוציאָנען געהט צו גרונדע דורך דעם, וואָס מען דיסקוטירט וועגען זיי ; און וואָס די געוואַלט האָט אויפֿגעבויט, קען אויך צושטעהרט ווערען דורך דער געוואַלט.

* * *

די פֿלאַנצונגען ערנעהרען זיך פון די מינעראַלען און פֿון דער אַטמאָספֿערע, די חיות לעבען פֿון די פֿלאַנצונגען און שפּע־טער פֿון אַנדערע חיות ; אָבער דיזער גאַנצער פּראָצעס שפּילט זיך אָב אָהן אַ שום פּלאַן, וועלכער איז פֿריהער אויסגעאַרבייט געוואָרען פֿון אַ בעשעפֿער אָדער פֿון אַ שאַפֿענדער קראַפֿט, אַ פּלאַן, וואָס האָט בעשטימט אין פֿאָראויס, אַז די פֿלאַנצונגען זאָלען דיענען אַלס שפּייז פֿאַר די חיות, אַז די חיות זאָלען ער־נעהרען דעם מענשען, און אַז די שקלאַפֿען אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט האָבען די אויפֿגאַבע צו בעפֿרידיגען דעם לוקסוס און די פֿערגעניגונגען פֿון די אויסערוועהלטע. ניין, דיזע אַלע ערשיינונגען זיינען ניט מעהר ווי די פֿערשידענע פֿאָרמען פֿון אַ לאַנגער ענטוויקלונג, אַ מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון נאַטירליכע געזעצע : דורך דעם דרוק און די פֿערדיכטונג פֿון די גאַזען זיינען ענט־שטאַנען די מינעראַלען, פֿון די מינעראַלען האָט זיך ענטוויקעלט דאָס ערשטע לעבען פֿון די פֿלאַנצונגען, און דערפֿון איז שפּעטער ענטשטאַנען אַן אָרגאַנישע פֿערבינדונג, וועלכע האָט געהאַט די קראַפֿט צו ענטוויקלען די ערשטע סמנים פֿון אַ טהיערישען לעבען.

ווי באַלד מיר גיבען צו דיזען לאַנגזאַמען ענטוויקלונגס־פּראָצעס, וועלכער האָט ביסלעכווייז געפֿיהרט צו דער ענטשטעהונג פֿון'ם מענשען, דאַן וועלען מיר אויך בעגרייפֿען, אַז ווען די ערשטע דיינקענדע בעשעפֿעניסע זיינען ערשינען אויף דער ערד, איז זיכער ניט נייטיג געווען קיין בעשיצענדע השגחה, כדי צו פֿערלייכטערן זייער ענטוויקלונג; און פֿאָלגליך איז עס לעכערליך צו רעדען פֿון אַ געטליכען ווילען, וועלכער האָט בעשטימט, אַז איניגע אויסערוועהלטע זאָלען בעהערשען זייערע מיטמענשען, מאָנאָפּאָליזירען די ערד, אַז די גרויסע מאַסע זאָל לעבען און שטאַרבען אין עלענד און נויטה, אום צו בעפֿרידיגען דורך איהר אַרבייט די אונצעהלבאַרע בעדירפֿניסע פֿון איהרע הערען.

ס'איז אמת, אַז דער „קאַמפּף אום דאַזיין" איז אין אָנפֿאַנג געווען דאָס איינציגע געזעץ פֿון לעבען פֿאַר די מענשען, מען האָט אויפֿגעגעסען אַנדערע, כדי מען זאָל אַליין ניט ווערען אויפֿגעגעסען — דאָס איז געווען דער איינציגער שטרעבען פֿון אַלעמען. שפּעטער אָבער, ווען די מענשען האָבען אָנגעהויבען צו פּראַקטיצירען אונבעוואוסטערהייט דאָס אַנדערע, פֿיעל העכערע געזעץ פֿון לעבען: די געגענזייטיגע הילפֿע אין דער צייט פֿון קאַמפּף, דאַן איז ביי זיי שוין געווען שטאַרק ענטוויקעלט דער אינסטינקט פֿון קאַמפּף און קריעג און דאָס בעדירפֿנים צו אונטערדריקען דעם בעזיעגטען, צוויי אינסטינקטיווע שטרעבונגען, וועלכע האָבען זיך איבערגעטראָגען בירושה פֿון דור צו דור, און די טהאַטזאַכען בעווייזען אונז, אַז דיזער גייסט פֿון קאַמפּף און הערשאַפֿט, וועלכער האָט ביסלעכווייז אָנגעפֿילט די מוחות פֿון די פֿערגאַנגענע דורות האָט אויך שפּעטער געהאַט דעם וויכטיגסטען איינפֿלוס, ווען עס זיינען ענטשטאַנען די ערשטע געזעלשאַפֿטליכע גרופּירונגען. אַזעלכע אינדיווידוען, ביי וועלכער דיזער אינסטינקט איז געווען שטאַרק ענטוויקעלט, האָבען געצוואונגען די אַנדערע, ביי וועלכע דער שטרעבען צו קאַמפּף און הערשאַפֿט איז געווען שוואַכער, צו אַנערקענען זייער ווילען. דיזער אויטאָריטערער גייסט האָט זיך שטענדיג צוגעפּאַסט צו די פֿערשידענע פֿאָרמען פֿון דער מענשליכער אינטעליגענץ, און די

פֿערענדערונגען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען אָרגאַניזמוס זיינען שטענדיג בעאיינפֿלוסט געוואָרען דורך דער געוואַלט — אַמאָל איז עס געוועזען די מאַכט פֿון'ם רעליגיעזען געדאַנק, וועלכע האָט טריאומפֿירט, אַן אַנדער מאָל דער קאָמערציעלער גייסט. די אויטאָריטעט אין איהרע אַלע פֿערשידענע פֿאָרמען האָט זיך אויפֿגעהאַלטען ביז היינטיגען טאָג, און זי וועט ווייטער עקזיס־טירען, ביז וואַנען דער מענש וועט זיך ענדליך בעפֿרייען פֿון די אַלע טעות'ן און פֿאָראורטהיילע, וועלכע די פֿערגאַנגענהייט האָט איהם איבערגעלאָזט בירושה, ביז ער וועט ענדליך זיין זיין אייגענער הערר און מעהר ניט צווינגען קיין אַנדערן צו אַנער־קענען זיין ווילען, פונקט ווי ער אַליין וועט מעהר ניט אַנערקענען דעם ווילען פֿון איינעם וואָס איז שטאַרקער פֿון איהם.

*
* *

אפילו די בורזשואַזע וויסענשאַפֿט אַליין אַנערקענט שוין היינט ניט מעהר דעם געטליכען אורשפרונג פֿון אויטאָריטעט און אייגענטהום, און די בורזשואַזיע האָט פֿערזוכט צו געבען דיזע ביידע אינסטיטוציאָנען אַ פֿעסטען און נאַטירליכען באַזיס. די עקאָנאָמיסטען האָבען גענומען געזעלשאַפֿטליכע פֿאַקטען, וועלכע זיינען די לאָגישע פֿאָלגען פֿון אַ שלעכטער אָרגאַניזאַציאָן, און האָבען געמאַכט דערפֿון „נאַטירליכע געזעצע"; זיי בעהויפטען, אַז דיזע זאָגענאַנטע געזעצע זיינען די אורזאַכע פֿון דעם יעצטי־גען צושטאַנד, נאָר אין דער אמת'ן זיינען זיי ניט מעהר ווי די אונפֿערמיידליכע ווירקונגען פֿון דיזען צושטאַנד. און צו דיזע אַבסורדע און לעכערליכע בעהויפטונגען האָט מען צוגעטשעפעט דעם נאָמען וויסענשאַפֿט, אום צו רעכטפֿערטיגען די געפֿעהר־ליכסטע סאָציאַלע פֿערברעכען, די אָבשייליכסטע רויבעריען פֿון דעם קאַפיטאַליזמוס, מען ערקלעהרט, אַז די אָרעמע און עלענדע זיינען אַליין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זייער אָרימקייט, אַז דער ברוטאַלסטער עגאָאיזמוס איז אַ געזעץ, וועלכער האַלט אויף די מענשליכע געזעלשאַפֿט, וועהרענד ער איז אין דער ווירקליכקייט די אורזאַכע פֿון שטענדיגע קריגערייען, אַ פֿערלוסט פֿון ענערגיע און אַ הינדערנים פֿאַר דעם פראָגרעס, אַזוי לאַנג ווי ער ווערט

ניט בעאיינפלוסט און אָבגעשוואַכט דורך דאָס אַנדערע, מעהר ענטוויקעלטע און מעהר מענשליכע געזעץ פון סאָלידאַריטעט.

* * *

די בורזשואזע געזעלשאַפט גרינדעט זיך אויף דאָס קאַפּי־טאַל, וועלכעס ווערט היינט פּרעזענטירט דורך דאָס געלד; די עקאָנאָמיסטען, וועלענדיג פערמאַסקירען די בעזונדערע ראָלע, וועלכע דאָס געלד שפּילט אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציאָן און אויסטויש, האָבען פון אַלצדינג געמאַכט קאַפּיטאַל. דער מאַן, וואָס פּראָדוצירט קינדער מיט זיין פרוי, גיט אוים קאַפּיטאַל, אָבער ער שאַפט אויך אין דער זעלבער צייט קאַפּיטאַל, ווייל דאָס קינד, אויסוואַקסענדיג ביסלעכווייז א מאַן, וועט זיין קאַפּי־טאַל! די קראַפט פון די מוסקלע, וועלכע דער אַרבייטער פער־ווענדעט אין דער פּראָדוקציאָן, איז קאַפּיטאַל! פאַרבײַגעהענדיג איז נויטווענדיג צו בעמערקען, אַז ביי יעדער סאָרט אַרבייט פערווענדען די אַרבייטער ניט אַליין די קראַפט פון זייערע מוס־קלען נאָר אויך אַ געוויסע סומע פון אינטעליגענץ, וועלכע איז אָפטמאָל גרעסער ווי די פון דעם פאַבריקאַנט. אָבער צו אַנער־קענען דיזען פאַקט וואָלט געהייסען צו אַנערקענען, אַז די אַרביי־טער האָבען אַ רעכט אויף צוויי טהייל פון דעם קאַפּיטאַל; נאָר דאָס וואָלט געווען א שטריך אין דער רעכנונג פון די עקאָנאָמען, און דערפאַר מאַכען זיי זיך בעסער ניט וויסענדיג.

אָבער זאָגאַר דער פערזוך צו פערוואַנדלען יענע מענשליכע טהעטיגקייט אין אַ בעשטימטען קאַפּיטאַל, איז נאָך קיין ער־קלעהרונג פאַר די ענטשטעהונג פון דעם קאַפּיטאַל, וועלכעס ווערט רעפּרעזענטירט דורך געלד. די עקאָנאָמיסטען האָבען אויסגעפונען, אַז „געלד־קאַפּיטאַל איז דער טהייל פון דער אַרבייט, וועלכען פליסיגע און פאַרזיכטיגע מענשען האָבען ניט באַלד פערברויכט, זאָנדערן אָבגעשפּאָרט פאַר שפּעטערע בעדירפניסע.” אָט דאָ איז דער פּונקט, וואו די רעכנונג פאַנגט אָן צו ווערען אינטערעסאַנט.

* * *

די עקאָנאָמיסטען בעהויפּטען מיט אַ דאָגמאַטישער זיכער־

הייט, אַז יעדעס קאַפּיטאַל, וועלכעס געפֿינט אַ פֿערוועגדונג, מוז אַריינברייגגען — ערשטענס: אַ סומע, וועלכע רעפּרעזענטירט דעם גלייכען ווערטה פֿון דעם אַריינגעלייגטען קאַפּיטאַל, און צווייטענס: דאַרף ער נאָך אַריינברייגגען אַ מעהר־ווערטה, אַן איבערשוס, ווייל יעדע שפּעקולאציע איז פֿערבונדען מיט אַ ריזיקע, און דערפֿאַר איז נויטווענדיג צו שאַפֿען אַ פֿערזיכערונג געגען דער געפֿאַהר.

דאָס מיינט אַלזאָ, אַז דער אַרבייטער, וועלכער בעקומט באַלד בעצאָהלט פֿאַר זיין אַרבייט און וועלכער האָט פֿאָלגליך קיין זאַך ניט צו ריזיקירען, האָט נור אַ רעכט אויף די ערשטע פֿאָדערונג, ער דאַרף זעהן אַריינצובעקומען אַזוי פֿיעל קאַפּיטאַל, ווי ער האָט אויסגעגעבען; ד.ה. זיין אַרבייט דאַרף איהם געבען די מעגליכקייט צו בעקומען נאַהרונג, קליידונג און וואוינונג, כדי ער זאָל קענען צוריק אָנקלייבען די נייטיגע קראַפֿט, וועלכע ער האָט אַוועקגעלייגט ביי דער אַרבייט. ער דאַרף ניט פּראָדוצירען מעהר קינדער, ווי זיין לוין ערלויבט איהם צו ערנעהרען. אויב ער טהוט עס יאָ, איז ער אַליין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די פֿאָלגען.

אָבער דער קאַפּיטאַליסט, דער פֿאַבריקאַנט? אָט דאָס איז אַן אַנדער מעשה. פֿריהער פֿון אַלעס דאַרף ער אויסלעגען אַ גרונד קאַפּיטאַל, דאָס נויטווענדיגע געלד, אום צו בעצאָהלען די אַר־בייטער, צו קויפֿען רוי־שטאָפֿען א.ז.וו. דיזעס קאַפּיטאַל — אַזוי דערצעהלען אונז די עקאָנאָמיסטען — שטעלט פֿאָר די אַלע פֿערגניגענס און בעדירפֿניסע, פֿון וועלכע דער קאַפּיטאַליסט האָט זיך ענטזאָגט, כדי ער זאָל קענען צונויפֿקלייבען די נויטווענדיגע סומע פֿאַר די קאָסטען פֿון דער פּראָדוקציאָן. דאָס קאַפּיטאַל פֿון דעם פֿאַבריקאַנט, אָקוראַט ווי דאָס פֿון דעם אַרבייטער דאַרף אַלזאָ צוערשט צוריק אַריינברייגגען זיין אורשפּרינגליכען ווערטה; אָבער אויסער דעם דאַרף עס אויך נאָך אַריינברייגגען אַ געוויסען פּראָפֿיט, אום צו בעלוינען דעם קאַפּיטאַליסט פֿאַר דער ריזיקע, וועלכע ער דאַרף אויסשטעהן. און ווייטער אויב די אונטערנעהמונג איז אַן אינדוסטריעלע, דאַן זיינען נויטווענדיג הייזער און מאַשינען

פֿאַר די אַרבייטער, ד.ה. נאָך אַ קאַפּיטאַל, וועלכער דארף אַריינברייגגען זיין אייגענטליכען ווערטה און אויסער דעם נאָך אַ מעהר־ווערטה, אום צו פֿערזיכערן דעם קאַפּיטאַליסט פֿאַר דער ריזיקע פֿון זיין אונטערנעהמונג. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. די אינטעליגענץ פֿון דעם עקספּלאָטאָטאָר ווערט אויך גערעכענט פֿאַר קאַפּיטאַל און זאָגאַר פֿאַר אַ זעהר בעדייטענדען קאַפּיטאַל. אַ קאַפּיטאַליסט דאַרף וויסען ווי צו מאַכען אַ פֿערנינפֿטיגען געברויך פֿון זיין קאַפּיטאַל, ער דאַרף וויסען ווי צו פֿיהרען זיינע געשעפֿטען און זיך אַליין; ער דאַרף שטענדיג זוכען אויסצוגעפֿינען וואָס פֿאַר פּראָדוקטען עס ווערען אַם מייסטען פֿערלאַנגט, און וועלכע עס ברייגגען אַריין דעם גרעסטען געווין א.ז.וו. אויך דער ווערטה פֿון דיזען דריטען קאַפּיטאַל דאַרף צוריק אַריינגעבראַכט ווערען דורך דער אונטערנעהמונג. און ווען דער אונטערנעהמער איז אַן אינזשעניר, אַ געלעהרטער, אַ דאָקטאָר, דאַן איז דער ווערטה פֿון דעם גייסטיגען קאַפּיטאַל נאָך פֿיעל גרעסער, ווייל צו שאַפֿען דיזען קאַפּיטאַל קאָסט זעהר טהייער, און פֿאָלגליך איז אויך דער פּרייז פֿאַר זיין פֿערווענדונג זעהר אַ הויכער.

* * *

דיזע ביטרע אונטערשיידונג איז גרויסאַרטיג; מען ערקלעהרט איינפֿאַך, אַז די פֿערשידענע קרעפֿטע, וועלכע זיינען בעטהייליגט אין דער פּראָדוקציאָן, שטעלען פֿאָר בעזונדערע קאַפּיטאַלען, וועלכע מוזען צוריק אַריינגעבראַכט ווערען; דער קאַפּיטאַליסט בעקומט דריי חלקים, דער אַרבייטער איינעם, אַן דאָס שפּיל איז פֿאַרטיג. דער אַרבייטער האָט בעקומען זיין חהייל, פֿאַרוואָס זאָל ער פֿאָדערן מעהר? זאָל ער זיין עקאָנאָמיש מיט זיין לוין און אָבשפּאָרען אַ קליינעם קאַפּיטאַל, וועט ער אויך האָבען אַ מעגליכקייט צו בעקומען דריי חלקים אָנשטאָט איינעם! זאָל ער ניט האָבען אַזוי פֿיעל קינדער! דער קאַמפּף איז האַרט, און אויב די אַרבייטער ווילען קומען ווייטער אין דער וועלט, דאַרפֿען זיי זעהען ווייניגער צו געניסען און איינצושריינקען זייערע פֿערגעניגענס. נאָר דאָס פּאַסט זיי ניט, די יונגאַטשעס!

וואָלטען די העררען עקאָנאָמיסטען, וועלכע דערצעהלען אונז אַזוי פֿיעל פֿון דער גרעסערער אינטעליגענץ פֿון די קאַפּיטאַליסטען, וואָלטען זיי ווירקליך געהאַט דעם מוטה צו בעהויפּטען, אַז די אינטעליגענץ פֿון אַ מענשען, וועלכער געווינט מיליאָנען דורך בערזען־שווינדלערייען, דונקעלע שפּעקולאַציעס און אַנדערע עהנליכע מיטלען, איז מיט אַ מיליאָן מאָל גרעסער פֿון דער אינטעליגענץ, וועלכע דער אַלערגעוועהנליכסטער אַרבייטער, ווי פּראָסט זיין אַרבייט זאָל ניט זיין, לייגט אַריין אין זיין פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט, שוין גאָר ניט ריידענדיג פֿון דעם געשיקטען אַרבייטער, וועלכער איז אַ קינסטלער אין זיין פּראָפֿעסיאָן?

נעהמט צום ביישפּיעל אַן אַרבייטער, וועלכער לעבט אינטער די בעסטע בעדינגונגען — איינער וואָס פֿערדינט אַ בעסערען לוין פֿון זיינע קאַמעראַדען, האָט שטענדיג אַרבייט און איז קיינמאָל ניט קראַנק! האָט דיזער אַרבייטער די מעגליכקייט צו לעבען אויף אַזאַ שטייגער, ווי ער וואָלט אייגענטליך בעדאַרפֿט לעבען אַלס אַ פּראָדוצירער; ד. ה. זייענדיג אַן אַרבייטער, איז ער אימשטאַנד צו בעפֿרידיגען זיינע אַלע פֿיזישע און גייסטיגע בעדירפֿניסע? זיכער ניט! ער קען אפילו ניט בעפֿרידיגען אַ הונדערט־חלק פֿון זיינע בעדירפֿניסע, ווי קליין און בעשיידען זיי זאָלען ניט זיין; און אויב ער וויל אַוועקלייגען עטליכע גראָשענס פֿאַר דער עלטער, דאַרף ער זיך נאָך מעהר בעשריינקען מיט זיינע נויטוועניגסטע אויסגאַבען. און ווי קאַרג ער זאָל ניט זיין וועט זיך איהם קיינמאָל ניט איינגעבען אָבצושפּאָרען אַזוי פֿיעל, אים ער זאָל קענען לעבען ניט אַרבייטענדיג. עס איז זאָגאַר זעהר שווער, אַז די קליינע סומע, וועלכע ער קען אָבשפּאָרען וועהרענד דער גאַנצער פּעריאָדע פֿון זיין פּראָדוקטיווער טהעטיגקייט, זאָל זיין גענוג, אום צו דעקען דעם דעפֿיציט פֿון דער עלטער, סיידען ער כאַפּט אַריין אַ ירושה אָדער אַן אַנדער גליק, וואָס האָט ניט צו טהאָן מיט זיין אַרבייט.

און וויפֿיעל אָרעמע און עלענדע, וועלכע האָבען אפילו ניט די מעגליכקייט איינצושטילען זייער הונגער, קומען אויף יעדען איינציגען פֿון דער קליינער צאָהל פּריווילעגירטע אַרבייטער,

וועלכע מיר האָבען געגומען פֿאַר אַ ביישפּיעל! די ענטוויקלונג פֿון די מאַשינען גיט די פֿאַבריקאַנטען די מעגליכקייט צו פֿער־קלענערן די צאָהל פֿון זייערע אַרבייטער; די אָרמעע פֿון די אַרבייטסלאָזע האַלט אין איין וואַקסען, און די פֿאָלגע איז אַ פֿערגרינגערונג פֿון די אַרבייטס־פּרייזען, וועהרענד די צייט פֿון אַרבייטסלאָזיגקייט און געצוואונגענעם ליידיג־געהען ווערט אימער לענגער און ביטערער; דערצו קומען נאָך די קראַנקהייטען, וועלכע מאַכען די לעבענס־בעדינגונגען פֿון דעם אַרבייטער נאָך ערגער — ניט דאָ די קלענסטע האָפֿנונג פֿאַר איהם אַרויסצו־קריכען פֿון זיין עלענד, פֿערקעהרט, אויב די בורזשואַזיע געזעל־שאַפֿט וועט נאָך עקזיסטירען לאַנג, וועט די לאַגע פֿון די אַרבייטער ווערען נאָך אונערטרעגליכער און גרוילזאַמער, ווי זי איז יעצט.

* * *

נאָר זאָלען מיר אפילו שוין אָננעהמען, אַז דער פּריווילעגיר־טער אַרבייטער, דער, וואָס לעבט אונטער בעסערע אַרבייטס־בעדינגונגען, אָנשטאָט צו פֿערווענדען די פֿרוכט פֿון זיין שפּאַר־זאַמקייט פֿאַר אירגענד אַן אַנדער זאַך, וועט ער בעסער פֿערזוכען צו ווערען זעלבסטשטענדיג און אָנפֿאַנגען אַ געשעפֿטעל, ווען ער האָט אָבגעשפּאָרט אַ געוויסע סומע. אָבער דאָס איז וואָס ווייטער אַלס שווערער, ווייל די ענטוויקלונג פֿון דער מאַשינעריע פֿאָדערט געוואַלטיגע קאַפּיטאַלען און לאָזט ניט איבער קיין פּלאַץ פֿאַר דעם קליינען פּראָדוצירער, וועלכער אַרבייט אויף זיין אייגענע רעכנונג. נאָר זאָלען מיר שוין צוגעבען די מעגליכקייט פֿון אַזאַ עקזיסטענץ! אויב די בעהויפּטונגען פֿון די עקאָנאָמיסטען זיינען ריכטיג, אַז יעדע פֿעהיגקייט פֿון מענשען איז אַ קאַפּיטאַל, וועלכע שאַפֿט אַ פֿערמעגען פֿאַר דעם, וועלכער בענוצט זיך מיט איהר, דאַן האָבען מיר דאָ אַן אינדיווידואום, וועלכער פֿעראייניגט דריי פֿערשידענע קאַפּיטאַלען אין איין פּערזאָן: דאָס קאַפּיטאַל געלד, דאָס קאַפּיטאַל אַרבייט און דאָס קאַפּיטאַל אינטעליגענץ; און ווייל ער דאַרף זיך אַלזאָ ניט טהיילען מיט קיינעם, וואָלטען מיר אייגענטליך בעדאַרפֿט ערוואַרטען, אַז זיין פֿערמעגען, זיין „געלד־קאַפּיטאַל” וועט זיך אין אַ קורצע צייט אַזוי שטאַרק

פֿערמעהרען, אַז ער וועט אין גיכען ווערען אַ מיליאָנער. אָבער איז דאָס ווירקליך אַזוי?

* * *

דער אַרבייטער, וועלכער אַרבייט אַליין פֿאַר זיך, עקזיס־טירט כמעט ניט אין דער ווירקליכקייט. דער קליינער מייסטער, וועלכער אַרבייט מיט צוויי אָדער דריי אַרבייטער, לעבט פֿילייכט אַ ביסעל בעסער פֿון זיינע אַרבייטער, אָבער ער מוז אַרבייטען שווער און אָפֿטמאָל שווערער פֿון די אַרבייטער, וועלכע ער בעשעפֿטיגט; ער האָט שטענדיג צו קעמפֿפֿען, כדי ער זאָל קענען אויספֿיהרען זיינע פֿערפֿליכטונגען, אַ פֿערבעסערונג פֿון זיין לאַגע קען ער איבערהויפּט ניט ערוואַרטען, און ער דאַרף זיך פֿיהלען העכסט גליקליך, אויב עס גיט זיך איהם איין אויפֿצוהאַלטען זיין פֿערהעלטניסמעסיג גינסטיגע עקזיסטענץ אָנשטאָט צו באַנקראָ־טירען.

די געוואַלטיגע פּראָפֿיטען, די גרויסע פֿערמעגענס און דאָס גוטע לעבען זיינען נאָר בעשערט פֿאַר די גרויסע אייגענטהימער, די גרויסע אַקציען־האַלטער, די גרויסע פֿאַבריקאַנטען, די גרויסע בערזען־שפּעקולאַנטען, פֿאַר די, וואָס לייגען ניט אַריין קיין פֿינגער אין קאַלטע וואַסער, נאָר זיי האַלטען הונדערטער אַר־בייטער, וועלכע אַרבייטען פֿאַר זיי. אָט דאָס איז אַ בעוויז, אַז קאַפּיטאַל איז ניט אַנדערש ווי צונויפֿגעקליבענע אַרבייט, הייסט עס, די אַרבייט פֿון אַנדערע, צונויפֿגעקליבען אין די הענד פֿון איין פּערזאָן, פֿון איין רויבער!

אויסערדעם גיט עס נאָך אַ פֿאַקט, דער בעסטער בעוויז פֿאַר די פֿונדאַמענטאַלע אונגערעכטיגקייט פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן: אונזער גאַנצער טעכנישער פּראָגרעס, די געוואַלטיגע ענטוויקלונג פֿון דער מאַשינעריע איז די פֿרוכט פֿון די אַלע וויסענשאַפֿטליכע קענטניסע, וועלכע האָבען זיך איבערגעטראָגען בירושה פֿון איין דור אויף דעם צווייטען, פֿאָלגליך וואָלט יעדער איינציגער מענש געדאַרפֿט דערפֿון פּראָפֿיטירען; אונזער לעבען וואָלט בעדאַרפֿט ווערען ברייטער, שעהנער און גרינגער, ווייל די מאַשינען גיבען אונז די

מעגליכקייט צו פראָדוציִרען געוואַלטיגע רייכטהימער אין אַ קורצע צייט; אָבער טראָץ דעם זעהען מיר, אַז דיזע גאַנצע טעכנישע ענטוויקלונג האָט נאָך פערגרעסערט דאָס עלענד און די ליידען פון די אַרבייטער. די קאַפּיטאַליסטען זיינען די איינ־ציגע, וועלכע פּראָפיטירען היינט פון דער גאַנצער מאַשינעלע־ענטוויקלונג, פון יעדער נייער טעכנישער ערפינדונג און ענט־דעקונג, וועלכע גיט זיי די מעגליכקייט צו פערקלענערן די צאָהל פון זייערע אַרבייטער. אויף אַזאַ מין אַרט שאַפען זיי אַ קינסטליכען אַנטאַגאָניזמוס, אַ שטענדיגען קאַמפּף צווישען די אַרבייטער, וועלכע זיינען בעשעפטיגט, און יענע, וועלכע געהען אַרום ליידיג; דער רעזולטאַט דערפון איז אַ פערקלענערונג פון דעם לוין, ווייל דאָס עלענד צווינגט די אַרבייטסלאָזע צו פערקויפען זייער אַרבייט פאַר יעדען פּרייז, אפילו ווען דער פּרייז איז אַזוי קליין, אַז זיי זיינען ניט אימשטאַנד צו בעפרידיגען זייערע נויטווענדיגע בעדירפניסע. דעס צייגט אונז, אַז די זאָגענאַנטע „נאַטור־געזעצע", וועלכע אונזערע עקאָנאָמיסטען האָבען ענטדעקט, פערניכטען זיך אַליין דורך זייער טהעטיגקייט, און אויב דאָס זיינען שוין יאָ געזעצע, זיינען עס אָבער זיכער קיינע נאַטירליכע געזעצע.

* * *

פון דער אַנדערער זייט זעהען מיר, אַז די קאַפּיטאַליסטען, מיט זייער קאַפּיטאַל און זייערע אַלע מאַשינען און פאַבריקען, קענען קיין זאַך ניט פּראָדוציִרען אָהן די הילפע פון די אַרביי־טער, וועהרענד די אַרבייטער אַליין, ווען זיי וואָלטען זיך פער־שטענדיגט איינע מיט די אַנדערע און פעראייניגט זייערע קרעפטע, וואָלטען גאַנץ גוט געקענט אָנגעהן מיט דער פּראָדוקציאָן אָהן די אונטערשטיצונג פון'ם קאַפּיטאַל. נאָר מיר ווען שוין ניט רעדען דערפון, אַלעס, וואָס מיר ווילען אויפצייגען איז פאָלגענ־דעס: אין דעם אויגענבליק, ווען יעדער איינציגער מוז צוגעבען, אַז די קאַפּיטאַליסטען קענען קיין זאַך ניט טהאָן מיט זייער קאַפּיטאַל אָהן די פעראייניגונג פון די אַרבייטער, דאַן בעווייזט עס קלאָהר און דייטליך, אַז דער אַרבייטער איז דער וויכטיגסטער פאַקטאָר אין דער פּראָדוקציאָן, פאָלגליך וואָלט ער אויך בעדאַרפט

בעקומען דעם גרעסטען אַנטהייל פֿון דעם פּראָדוקט. ווי אַזוי קומט עס אַלזאָ, אַז ניט דער אַרבייטער, נאָר דער קאַפּיטאַליסט פֿערכאַפּט דעם גרעסטען חלק פֿון דער פּראָדוקציאָן? וואָס וויינינגער ער פּראָדוצירט, אַלס גרעסער איז זיין געווין. און פֿער־קעהרט, וואָס מעהר די אַרבייטער פּראָדוצירען, אַלס גרעסער ווערט די געפֿאַהר פֿון אַרבייטסלאָזיגקייט, אַלס וועניגער מעגליכ־קייט האָבען זיי צו קאָנסומירען. ווי אַזוי קומט עס, אַז וואָס מעהר אונזערע מאַגאַזינען זיינען פֿול געפּאַקט מיט פּראָדוקטען, אַלס מעהר פּראָדוצירער שטאַרבען פֿון הונגער? ווי אַזוי קומט עס, אַז דאָס, וואָס האָט אייגענטליך בעדאַרפֿט זיין אַ קוועלע פֿון אַלגעמיינען וואָהלזיין און פֿערגניגען, איז פֿאַר דעם אַרבייטער אַ קוועלע פֿון הונגער און עלענד?

* * *

אייף דיזע פֿראַגען גיט עס נאָר איין ענטפֿער: אום צו ערווערבען פּריוואַט־אייגענטהום גיט עס נאָר איין מיטעל — די אויסבייטונג פֿון אַנדערע מענשען. די היסטאָרישע ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט צייגט אונז, אַז די היינטיגע פֿאָרמע פֿון אייגענטהום איז ניט געווען די פֿון די ערשטע מענשליכע פֿער־איינינגונגען. ערשט אין אַ פֿיעל שפּעטערער פּעריאָדע פֿון דער מענשליכער ענטוויקלונג, ווען די פֿאַמיליע האָט אָנגעהויבען צו ענטשטעהן אין דער אַלגעמיינער פֿערמישונג פֿון די געשלעכטער, האָבען זיך אַרויסגעצייגט די ערשטע סמנים פֿון פּריוואַט־אייגענ־טהום אין דעם געמיינשאַפֿטליכען אייגענטהום פֿון די פֿערשידענע שטאַמען.

דאָס וואָלט, פֿערשטעהט זיך, נאָך קיין בעוויז געווען געגען די בערעכטיגונג פֿון פּריוואַט־אייגענטהום, ווען דיזע צואייגנונג וואָלט ניט געווען קיין ווירקליכע. מיר רעדען נאָר דערפֿאַר פֿון דיזער טהאַטזאַכע, אום צו צייגען די קאַפּיטאַליסטען, וועלכע בעהויפּטען ביי יעדער געלעגענהייט, אַז דאָס אייגענטהום איז שטענדיג געווען דאָס וואָס עס איז היינט, אַז דיזער אַרגומענט האָט מעהר קיין בעדייטונג ניט אין אונזערע אויגען.

* * *

צום שלום וואָלט עס געווען זעהר אינטערעסאַנט צו וויסען, וואַרום די, וואָס בייזערן זיך אַזוי שטאַרק אויף די אַנאַרכיסטען, ווייל זיי פריידיגען די געוואַלטזאַמע עקספּראָפּריאַציאָן, האָבען גאָרניט וואָס אויסצוזעצען געגען די עקספּראָפּריאַציאָן פון דער אַריסטאָקראַטיע אין 1789; וואַרום פערדאַמען זיי ניט די בורזשואַזיע, וועלכע האָט דאַן געהאָלפען עקספּראָפּריאירען די אַדעלמענער, און וועלכע האָט שפּעטער בעשווינדעלט די בויערן, נאָכדעם ווי זיי האָבען אויפגעטהאָן אַזאַ ניצליכע אַרבייט פאַר די בורזשואַזע קלאַסען, מיט דעם וואָס זיי האָבען אויפגעהאַנגען די פעאָדאַלע באַראָנען, פערברענט די אַרכיוועון מיט ד איינענטהומס־דאָקומענטען און צוגענומען די ערד פון די פעאָדאַליסטען?

וואָס פאַר אַ צוועק האָבען דען געהאַט די אַלע קאָנפיסצירונגען און דער פערקויף פון די פעאָדאַלע אימעניעס—וועלכער איז אָדער אין גאַנצען געווען אויסגעטראַכט. אָדער ער האָט ווירקליך שטאַטגעפונען פאַר לעכערליך גרינגע פּרייזען — אויב ניט צו בערויבען די פריהערדיגע בעזיצער און די בויערן, וועלכע האָבען געהאָלפען צו בעקומען אַ חלק, כדי די בורזשואַזיע זאָל אַליין האָבען דעם פּראָפיט? האָט זיך דען די בורזשואַזיע ניט בענוצט מיט דעם איינפאַכען רעכט פון דער געוואַלט, וועלכעס זי האָט פערזוכט צו בערעכטיגען און צו פערמאַסקירען דורך געזעצליכע קאָמעדיעס? און איז דיזע בערויבונג ניט געווען אַן אונגערעכטע, דערפאַר וואָס זי האָט ניט שטאַטגעפונען פאַר דעם נוצען פון דער אַלגעמיינהייט, זאָנדערן נאָר צו דעם צוועק צו פערגרעסערן דעם רייכטהום פון עטליכע קרעמער, וועלכע האָבען באַלד אָנגעפיהרט אַ קריעג געגען די בויערן און זיי דערשאָסען ווי די הינט און בעהאַנדעלט אַלס באַנדיטען, דערפאַר וואָס זיי האָבען אַטאַקירט די שלעסער?

די בורזשואַזיע האָט אַלזאָ זיכער קיין רעכט ניט צו שרייען געוואַלט, ווען אַנדער־עווילען איהר צווינגען צוריק אַרויסצוגעבען די גנבה, ווייל איהר אייגענטהום איז אַליין ניט אַנדערש ווי די פרוכט פון אַ גנבה.

# די פאמיליע.

אייגענטהום, פאַמיליע און אויטאָריטעט האָבען אַלע דריי דורכגעמאַכט דיזעלבע גלייכמעסיגע ענטוויקלונג, וועגען דעם איז היינט מעהר קיין צווייפעל ניט. אויב מיר אָנערקענען, אַז די מענשען האָבען פעראייניגט זייערע קרעפטע, ווייל דער איינפלוס פון אַלגעמיינע נויטווענדיגקייטען האָט זיי געצוואונגען דערצו, געוויסע הינדערניסע, וועלכע די אינדיווידועלע קראַפט פון'ם מענשען איז געווען צו שוואַך צו בעקעמפפען, דאַן איז ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז דער נוצען, דער רעזולטאַט פון די פעראייניגטע קרעפטע, איז געווען אַ געמיינשאַפטליכער, און יעדער איינציגער האָט דערפון גלייכמעסיג פראָפיטירט. דיזע פעראייניגונגען, וועלכע האָבען צוערשט נאָר עקזיסטירט פאַר געוויסע צייטען, אום צו בעפרידיגען מאָמענטאַנע נויטווענדיגקייטען, זיינען העכסט וואַהרשיינליך זעהר עהנליך געווען צו די גרופירונגען, וועלכע מיר געפינען נאָך היינט ביי געוויסע זויג־טהיערע, און זיי שטע־לען פאָר דעם קערענדעל, פון וועלכען די פאַמיליע איז אַרויס־געוואַקסען. איינע אָדער עטליכע פרויען מיט זייערע קינדער האָבען זיך גרופירט אַרום דעם שטאַרקסטען מאַן, וועלכער — אום אויפצוהאַלטען זיין אויטאָריטעט — האָט פערטריבען אַלע מענליכע קינדער פון זיין גרופע, ווי באַלד זיי האָבען דערגרייכט דעם עלטער, אַז ער האָט געדאַרפט מורא האָבען פאַר זייער קאָנקורענץ. עס וואָלט אָבער, פערשטעהט זיך, געווען איבעראיילט צו בעהויפטען, אַז די אויטאָריטעט פון דעם מאַן איז באַלד פון אָנפאַנג אָן געווען אַ פאָלשטענדיגע און האָט עקזיסטירט אין יעדער גרופע; דען אָבוואָהל מיר האָבען געוויסע ביישפיעלע פון ווילדע שטאַמען, וואו די צאָהל פון די פערבונדענע מיטגלידער

פֿערגרעסערט זיך דורך די פֿעראייניגונג פֿון עטליכע פֿאמיליען־צענטערס, נאָר די אויטאָריטעט פֿון׳ם מאַן האָט פֿאָרט דעם שטאַרקסטען איינפֿלוס אין דער פֿעראייניגונג, קען אָבער פֿון דער צווייטער זייט איבערצייגט ווערען פֿון א סך פֿאַקטען און צאָהל־רייכע מנהגים, ווי צ.ב.ש. די „קואוואַד", אַז דאָס רעכט פֿון דער מוטער אויף די קינדער איז העכסט וואהרשיינליך געווען דאָס ערשטע רעכט, וועלכעס איז אַנערקענט געוואָרען. עס גיט געוויסע פֿעלקער, וואו די קינדער בעלאנגען צו דעם שטאַם פֿון דער מוטער, און אַנדערע, וואו די אויטאָריטעט פֿון דעם מאַן איז שוין פֿאָלשטענדיג אַנערקענט, נאָר זיין אייגענטהום געהט איבער בירושה צו די קינדער פֿון זיין שוועסטער און ניט צו זיינע אייגענע. דאָס איז אייגענטליך אַ צווישען־שטופֿע, וואו די אויטאָריטעט פֿון דער מוטער טראָגט זיך איבער אויף די אויטאָריטעט פֿון פֿאָטער. נאָך אַ כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג אין דיזער בעציהונג איז דער מנהג פֿון דער „קואיוואַד"; ד.ה. ווען די פֿרוי האָט בעקומען אַ קינד, לייגט זיך דער מאַן אין בעט אריין, נעהמט איין מעדיצין און ציעלט נאָכצומאַכען אַלע שמערצען פֿון אַ קינפעטאָרין. די שכנים בעזוכען איהם און גיבען איהם אָב מזל טוב, אָקוראַט ווי ער אַליין וואָלט בעקומען דאָס קינד.*) דאָס איז אַ בעווייז, אַז דער מאַן, אום צו בעהויפּטען זיין אויטאָריטעט איבער זיינע קינדער, האָט פֿריהער געדאַרפֿט בעווייזען דורך פֿאַקטען זיין רעכט אַלס פֿאָטער. ער וואָלט דאָס זיכער ניט געטהאָן, אויב ער וואָלט ניט געווען געצוואונגען דערצו דורך אוראַלטע געוואוינהייטען, וועלכע עקזיסטירען שוין אפילו ניט מעהר, נאָר די עראינערונג לעבט נאָך אַלס ווייטער אין די מנהגים פֿון די פֿעלקער און פֿערשאַפֿט זיך אַ פּראַקטישען אויסדרוק.

* * *

ווי אָפֿט האָט זיך שוין ניט איבערגעביטען די פֿאָרמע פֿון

*) די „קואוואַד" עקזיסטירט ניט נאָר ביי פֿיעלע ווילדע און האַלב־ווילדע שטאַמען אין אַמעריקא, אַזיען און אַפֿריקא, נאָר מיר געפֿינען איהר זאָגאַר נאָך היינט ביי אייראָפּעאישע פֿעלקער, ווי צ.ב.ש. אין קאָרסיקאַ.
(דער איבערזעצער.)

דער פֿעראייניגונג צווישען מאַן און פֿרוי? אין די או־אַלטע צייטען, ווען די מענשהייט האָט נאָר וואָס אָנגעפֿאַנגען צו עקזיסטירען, איז די הייראַטה געווען אַן אונבעקאַנטע זאַך; די פֿאָלשטענדיגע פּראָמיסקויאיטעט, די אַלגעמיינע פֿערמישונג פֿון די געשלעכטער איז דאַן געווען די איינציגע פֿאָרמע פֿון די סעקסועלע בעציהונגען. דער מאַן האָט בעפֿרידיגט זיינע געשלעכטליכע בעדירפֿניסע מיט דער ערשטער פֿרוי, וועלכע ער האָט אָנגעטראָפֿען, און די פֿרוי האָט אָנגענומען אָדער זיך אונטערוואָרפֿען צו דעם פֿערלאַנג פֿון אַלע מענער, וועלכע האָבען מיט איהר געוואָלט פֿערברייגען. אפילו שפּעטער, ווען דער מענש איז שוין געווען מעהר ענטוויקעלט און וויניגער ברוטאַל, האָט די פּראָמיסקויאיטעט נאָך אימער בעהערשט די געשלעכטליכע בעציהונגען צווישען מאַן און פֿרוי; אָבער מען האָט שוין אָנגעהויבען צו אונטערשיידען אַ פּרימיטיווע פֿאָרמע פֿון פֿערוואַנדשאַפֿטליכקייט. דאָס הייסט אַ בעשטימטע אונטערשיידונג צווישען די בעגריפֿע פֿון פֿאָטער און מוטער, ברודער און שוועסטער האָט דאַן אויך נאָך ניט עקזיסטירט, אָבער מען האָט שוין ניט דערלאָזען, אַז מענער און פֿרויען פֿון אַזעלכע גרופּירונגען, וועלכע האָבען געהאַט דעם זעלבען שטאַם־צייכען אָדער דיזעלבע אָבשטאַמונג, זאָלען זיך פֿעראייניגען. נאָר די פֿרויען האָבען אויך אין דיזער פּעריאָדע נאָך בעלאַנגט צו אַלע מענער און די מענער צו אַלע פֿרויען פֿון דעמזעלבען שטאַם. נאָך שפּעטער, ווען דער מאַן האָט שוין געהאַט אַ געוויסע אויטאָריטעט, האָט ער אָנגעהויבען צו אַנערקענען געוויסע פֿאָרמען פֿון בלוט־פֿערוואַנדשאַפֿט און געשלעכטליכע פֿערבינדונגען; אָבער אפילו דאַן איז די הייראַט צווישען ברודער און שוועסטער געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך און דער זוהן האָט איבערגענומען בירושה יעדע פֿרוי פֿון זיין פֿאָטער׳ס האַרעם. עס האָט נאָך גענומען אַ לאַנגע צייט פֿון ענטוויקלונג, איידער די מוטער פֿון דעם יורש איז מעהר ניט מיט אַריינגערעכענט געוואָרען אין דער ירושה.

עס איז אויך נויטווענדיג צו דערמאָהנען, דאָס אויב עס גיט געוויסע פֿעלקער, ביי וועלכע איין מאַן בעזיצט עטליכע פֿרויען,

גיט עס פֿון דער אַנדערער זייט אויך אַזעלכע, וואו איין פֿרוי לעבט מיט עטליכע מענער. דיזע פֿערשידענע פֿאָזען פֿון פראָגרעס, די פֿערענדערונגען פֿון די מנהגים און געוואוינהייטען, מוזען ניט אונבעדינגט פֿאָלגען איינע אויף די אַנדערע אַזוי ווי אין אַ פּראָגראַם, עס טרעפֿט זאָגאַר, אַז צוויי פֿערשידענע פֿאָרמען פֿערשווינדען אין גאַנצען, ווען עס ענטוויקעלט זיך אַ נייע פֿאָרמע, וועלכע איז נאָך קאָמפּליצירטער פֿון די ערשטע. נאָר איין זאַך איז זיכער: דיזע אַלע זיטען און געוואוינהייטען זיינען אַרויסגע־וואַקסען איינע פֿון די אַנדערע, זיי זיינען אַזוי ענג פֿערבונדען דורך טויזענדער פֿערשידענע בעציהונגען, אַז עס איז מאַנכעסמאָל כמעט אונמעגליך ריכטיג אויסצוגעפֿינען פֿון וואַנען זיי האָבען זיך גענומען. זייערע גענענזייטיגע בעציהונגען זיינען אַזוי פֿיעל־זייטיג און די אַלגעמיינע געוואוינהייטען אַזוי פֿערוויקעלט איינע מיט די אַנדערע, אַז מיר האָבען ניט קיין אַנדער וועג ווי צו שטודירען די בעאָבאַכטונגען פֿון די אַלטע פֿאָרשער און די מנהגים פֿון די ווילדע שטאַמען, וועלכע עקזיסטירען נאָך יעצט, אום צו בעקומען אַ נאָהנטען בעגריף פֿון דער מענשליכער ענטוויקלונג.

* * *

דאָס אַלעס בעווייזט אונז, אַז דאָס אייגענטהום האָט אין אָנפֿאַנג געהאַט אַן אַנדערן באַזיס ווי היינט, אַז די מעטהאָדע פֿון זיין צוטהיילונג איז געווען אַן אַנדערע, און אַז זיין יעצטיגע בעשטימונג גרינדעט זיך אויסשליסליך אויף געוואַלט, כיטראָסט און גנבה; דען עס איז גאַנץ קלאָהר, אַז ווען די פֿאַמיליע האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט אַן אַלגעמיינער פֿעראייניגונג צווישען מענער און פֿרויען, האָט ניט געקענט עקזיסטירען קיין פריוואַט־אייגענ־טהום, און פֿאָלגליך האָט דאָס וואָס האָט אין אָנפֿאַנג בעלאַנגט צו אַלעמען ניט געקענט ווערען דאָס אייגענטהום פֿון עטליכע אינדיווידועןֹ, סיידען דורך געוואַלט און בערויבונג.

אויך די פֿאַמיליע האָט ניט אימער געהאַט דעמזעלבען איינזעהען ווי היינט, און די פֿערטהיידיגער פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע בעהויפּטען, אַז דיזעביידע אינסטיטוציאָנען גרינדען זיך אויף אייביגע, אונפֿערענדערליכע פֿונדאַמענטען, ווייסען ניט וואָס

זיי רעדען, דען עס גיט זיכער קיין גרונד, ווארום א געוויסע אינסטיטוציאָן, וועלכע האָט דורכגעמאַכט אַ שטענדיגע ענטוויקלונג, זאָל זיך ניט ענטוויקלען ווייטער אין דער צוקונפט. אַזאַ בעהויפּטונג וואָלט נאָר בעוויזען איין זאַך: אויב דיזעביידע אינסטיטוציאָנען קענען זיך ווירקליך ניט ווייטער ענטוויקלען, דאַן וועלען זיי אין גאַנצען אָבשטאַרבען, דען עס איז אַ געזעץ פון לעבען, דאָס אַלעס, וואָס עס קען זיך מעהר ניט ענטוויקלען, מוז אונטערגעהן, אום צו מאַכען פּלאַץ פאַר אַנדערע פאָרמען און פאַר אַ נייע ענטוויקלונג.

* * *

דיזע וואַהרהייט איז אַזוי קלאָהר און אונבעשטרייטבאַר, אַז די בורזשואַזיע אַליין איז געווען געצוואונגען צו אַנערקענען דעם גט אַלס אַ נויטוועגדיגע איינריכטונג, אָבוואָהל איהרע פערטרעטער וואָלטען זיכער בעסער פאָרגעצויגען צו מאַכען פון יעדער הייראַטה אַן אונאויפלייזבאַרע פערבינדונג. אמת, אַ גט קען נאָר שטאַטפינדען אונטער בעזונדערע אומשטענדען, ער פאָדערט אַ געזעצליכע ענטשיידונג, אַ סך שרייבערייען און אַ מאַסע געלד, נאָר פון דעסטוועגען בלייבט עס אימער אַן אַרגומענט געגען די בעשטענדיגקייט פון דער פאַמיליע, וועלכע מען האָט פערטהיידיגט אַזאַ לאַנגע צייט, איידער מען האָט ענדליך אַליין געמוזט אָנערקענען די נויטווענדיגקייט צו צוברעכען אַ פאַמיליע דורך אַ גט.

דאַרף מען נאָך אַ בעסערע אַנערקענונג פון דער פרייער פעראייניגונג צווישען מאַן און פרוי? צייגט אונז דאָס ניט קלאָהר און דייטליך, אַז עס איז אוממיצליך און איבערפליסיג צו שמידען אַן אייביגען פערבאַנד צווישען צוויי מענשען דורך אַ געוויסע צערעמאָניע, וויסענדיג, אַז דיזע פעראייניגונג קען צוריק צובראָכען ווערען דורך אַן אַנדער צערעמאָניע? וואָס פאַר אַ ווערטה האָט עס, אַז איין פערטרעטער פון דער רעגירונג זאָל מקדש זיין אַ פערבינדונג פון אַ יונגע פּאָר, ווען דריי אַנדערע זיינע אימשטאַנד צוריק צוצושטעהרען די גאַנצע חתונה?

* * *

אָט דערפֿאַר האַלטען די אַנאַרכיסטען ניט פֿון דער גאַנצער הייראַט. זיי זיינען מיט דער מיינונג, אַז ווען צוויי מענשען ליעבען זיך איינע די אַנדערע, דאַרפֿען זיי ניט קיין דריטען, וועלכער זאָל זיי ערלויבען צו שלאָפֿען אין איין בעט. ווי באַלד זיי ווילען זיךביידע פֿעראייניגען, האָט קיין אַנדערער קיין רעכט ניט אַריינצושטעקען דעם נאָז אין זייערע אָנגעלעגענהייטען.

ווייטער זיינען די אַנארכיסטען מיט דער מיינונג, דאָס אויב אַ פֿעראייניגונג צווישען מאַן און פֿרוי, איז דער רעזולטאַט פֿון זייער אייגענעם ווילען, דאַן גיט עס קיין אורזאַכע, וועלכע זאָל זיי פֿערדאַמען צו פֿערברייגגען זייער גאַנצעס לעבען צוזאַמען, אפֿילו דאַן, ווען עס ענטוויקעלט זיך אַן אַנטיפּאַטהיע צווישען ביידע. אַ פֿעראייניגונג, וועלכע זיי האָבען פֿרייוויליג געשאַפֿען, קען אויך פֿרייוויליג ווידער אויפֿגעלייזט ווערען. צוויי מענשען, שטעהענדיג אונטער דעם איינפֿלוס פֿון זייערע לײדענשאַפֿטליכע געפֿיהלען און בעדירפֿניסע, זעהען מייסטענטהיילס נאָר זייערע גוטע אייגענשאַפֿטען און זיינען בלינד פֿאַר זייערע פֿעהלער; זיי פֿעראייניגען זיך, און דורך זייער צוזאַמענלעבען פֿערשווינדען ביסלעכווייז די גוטע אייגענשאַפֿטען, און זייערע שלעכטע זייטען ציינען זיך אַרויס אַלס דייטליכער און ווירקען צולעצט ווי אַן אונערטרעגליכער מאָראַלישער שמערץ אויף די ביידע פּערזאָנען. איז עס ווירקליך נויטווענדיג, דאָס אַזעלכע צוויי מענשען זאָלען בעצאָהלען מיט אַ גאַנצען לעבען פֿון לײדען או שמערצען פֿאַר אַ פֿעהלער וועלכען זיי האָבען בעגאַנגען אין אַ לײדענשאַפֿטליכען מאָמענט, גלויבענדיג אַז זייער ליעבע וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיגען, און ניט וויסענדיג, אַז עס איז מעהר ניט געווען ווי דער רעזולטאַט פֿון אַ מאָמענטאַנער קערפּערליכער אויפֿרעגונג?

לעכערליך! עס וואָלט ווירקליך שוין צייט געווען אַז די מענשען זאָלען בעקומען געזונדערע אַנשויאונגען אין דיזער בעציהונג. איז דען ניט די ליעבע צווישען מאַן און ווייב אימער שטאַרקער געווען פֿון אַלע געזעצע, פֿון יעדער ציערעריי, פֿון אַלע פֿערדאַמונגען, דורך וועלכע מען האָט פֿערזוכט צו קאָנטראָלירען דעם געשלעכטליכען פֿערקעהר? די בירגערליכע געזעלשאַפֿט

פֿערדאַמט מיט דער גרעסטער ענערגיע די פֿרוי, וועלכע בעטריגט איהר מאַן — פֿון דעם מאַן איז ניט דאָ וואָס צו רעדען, ווייל ער איז שטענדיג געווען מאָ־אַליש אויף זיין אייגענעם שטייגער — זי גיסט אויס איהר טיעפֿסטע פֿעראַכטונג אויף די מוטער, וועלכע האָט ניט קיין געזעצליכען מאַן פֿאַר איהר קינד, אָבער וואָס פֿאַר אַ נוצען האָט עס געבראַכט? האָבען דען דיזע אַלע פֿערדאַמונגען געקענט פֿערהינדערן פֿאַר איין מאָמענט, אַז פֿרויען זאָלען ניט אָבנאַרען זייערע מענער, אַז מיידלאַך זאָלען זיך ניט אַוועקגעבען צו דעם מאַן, וועלכען זיי ליעבען, אָדער וועלכער פֿערשטעהט ווי אויסצונוצען דעם ריכטיגען מאָמענט, ווען די ליידענשאַפֿט איז שטאַ־קער פֿון דער פֿערנונפֿט?

די געש כטע, די ליטעראַטור האַלטען אונז אין איין דער־צעהלען פֿון בעטראָגענע מענער און פֿרויען און פֿערפֿיהרטע מיידלאַך. דער געשלעכטליכער אינסטינקט האָט דעם שטאַרקסטען איינפֿלוס אויף'ן מענשען; מיר זוכען דאָס צו בעהאַלטען פֿאַר דער עפֿענטליכקייט, אָבער מיר גיבען זיך אונטער אין דער שטיל.

אויף די ווייניגע ליידענשאַפֿטליכע, אָבער שוואַכע און מורא'־דיגע כאַראַקטערע, וועלכע בעגעהען זעלבסטמאָרד, צוזאַמען מיט דער געליעבטער, ניט האָבענדיג דעם מוטה און די מאָראַלישע קראַפֿט צו בעפֿרייען זיך פֿון די געזעלשאַפֿטליכע פֿאָראורטהיילע און צו קעמפֿפֿען געגען די הינדערניסע, וועלכע די מנהגים אָדער דער אידיאָטיזמוס פֿון אוניוויסענדע עלטערן לייגען זיי אין וועג, אויף דיזע ווייניגע קומען מיליאָנען, וועלכע לאַבען זיך אויס פֿון די פֿאָראורטהיילע, ניט עפֿענטליך, פֿערשטעהט זיך, נאָר שטי־לע־הייט... דיזע אַלע פֿערדאַמונגען און פֿאָראורטהיילע האָבען מעהר ניט אויסגעפֿיהרט ווי איין זאַך: זיי האָבען מיטגעהאָלפֿען מאַכען פֿון אונז בעטריגער און היפּאָקריטען, דאָס איז אַלעס.

* * *

וואַרום זאָלען מיר זיך איינשפּאַ־ען צו וועלען רעגולירען אַ זאַך, וועלכע לאָזט זיך ניט רעגולירען, ט־אָץ אַלע פֿערפֿאָלגונגען און אונטערדריקונגען פֿון הונדערטער און הונדערטער יאָהרען?

לאָמיר בעסער פערשטעהן איין פאַר אַלע מאָל, אַז די מענשליכע געפיהלען פערטראָגען ניט קיין אויסערליכע רעגולאַציעס, און אַז די פאָלשטענדיגע פרייהייט איז די איינציגע בעדינגונג פאַר זייער געזונדע און נאָרמאַלע ענטוויקלונג. לאָמיר זיין וויניגער קאָנווענציאָנעל און מיר וועלען זיין מעהר אָפּענהערציג און מאָראַליש.

דער מאַן, נאָכדעם ווי ער איז געוואָרען אַן אייגענטהימער, האָט, פערשטעהט זיך, געוואָלט איבערלאָזען די פרוכט פון זיין גנבה צו זיינע קינדער, און ווייל די פרוי איז ביז היינט צו טאָג בעטראַכטעט געוואָרען פאַר נידריגער פון איהם — מען האָט איהר מעהרער גערעכענט פאַר אַ שטיק אייגענטהום, איידער פאַר אַ גענאָסין — אָט דערפאַר האָט דער מאַן געגעבען דער פאַמיליע אַזעלכע פאָרמען, וועלכע האָבען איהם פערזיכערט די אַבסאָלוטע הערשאַפט איבער דער פרוי און איהם אין דערזעלבער צייט געגעבען די מעגליכקייט איבערצוטראָגען זיינע רייכטהימער בירושה אויף זיינע קינדער; דאָס איז די איינציגע ערקלעהרונג, וואָרום די פאַמיליע איז בעטראַכטעט געוואָרען און ווערט נאָך היינט בעטראַכטעט פאַר אַ לעבענסלענגליכע פעראייניגונג. גרינדענדיג זיך אויף ריין מאַטעריעלע אינטערעסען און ניט אויף די ליעבע און צונייגונג פון צוויי מענשען, איז לייכט צו פערשטעהן, אַז מען איז געווען געצוואונגען צו שאַפען אַ געוויסע קראַפט, אַ געזעצליכע בעשטעטיגונג פאַר דיזער אינסטיטוציאָן, אים צו פערהינדערן אַ צושיידונג, ווען עס מאַכט זיך פון צייט צו צייט אַ שטרייט צוליעב פערשידענע אינטערעסען.

די אַנאַרכיסטען, וועלכע מען בעשולדיגט, אַז זיי ווילען צושטעהרען די פאַמיליע, ווילען מעהר ניט צושטעהרען ווי דיזען העסליכען אַנטאַגאָניזמוס, זיי זיינען מיט דער מיינונג, אַז די פעראייניגונג צווישען מאַן און פרוי דאַרף זיך גרינדען אויף געגענזייטיגע ליעבע און אַכטונג, כדי זי זאָל קענען לענגער עקזיסטירען. זיי האָבען קיינמאָל ניט בעהויפּטעט, דאָס אַ מאַן און פרוי, וואָס האָבען דעם וואונש צו פערברייגען זייער גאַנצעס לעבען איינע מיט די אַנדערע, האָבען דערצו קיין רעכט ניט,

ווייל עס איז געגען דעם פרינציפּ פֿון פֿרייער פֿעראייניגונג. זיי האָבען אויך קיינמאָל ניט ערקלעהרט, אַז עלטערן זאָלען ניט האָבען קיין רעכט אויפֿצוברייגגען זייערע קינדער, אָבוואָהל זיי פֿאָדערן, אַז די פֿרייהייט פֿון דעם קינד דאַרף רעספּעקטירט ווערען. און אַז קינדער זאָלען ניט לענגער בעטראַכטעט ווערען אַלס דאָס אייגענטהום פֿון זייערע עלטערן. די אַנאַרכיסטען ווילען אָבשאַפֿען די געזעצליכע פֿאמיליע, זיי ווילען, אַז מענער און פֿרויען זאָלען זיך פֿעראייניגען פֿריי און פֿריי פֿונאַנדער־געהן, אויב זיי קענען ניט שטימען איינע מיט די אַנדערע. זיי האַלטען עס פֿאַר לעכערליך, דום און דעספּאָטיש, דאָס אַ געזעץ זאָל בעשטימען און רעגולירען די בעציהונגען צווישען די מענשליכע געפֿיהלען, וועלכע זיינען אין ערגעץ ניט אַזוי קאָמפּליצירט און פֿערשידען ווי אין ליעבע צווישען מאַן און ווייב.

* *
*

אויב אַ מענש איז ניט בעשטענדיג אין זיינע געפֿיהלען, אויב זיין ליעבע קען זיך ניט קאָנצענטרירען אויף איין פּערזאָן, אַזוי ווי די, וואָס ווילען רעגולירען די געשלעכטליכע בעציהונגען, פֿאָדערן עס, וואָס האָט עס צו טהאָן מיט אונז? און וואָס וואַלטען מיר געקענט טהאָן דערצו? ביז יעצט האָט נאָך קיין פֿערפֿאָלגונג עפּעס פֿערהינדערט אין דיזער בעציהונג, זי האָט מעהר ניט געשאַפֿען ווי נייע פֿעהלער, נייע אויסגעלאַסענהייטען. לאָמיר שוין לאָזען דער מענשליכער נאַטור איהר פֿרייען וועג! זאָל זי זיך פֿריי ענטוויקלען, לויט איהרע אינערליכע אינסטינקטען און שטרעבונגען! זי איז גענוג אינטעליגענט, אום אַליין אויסצוגעפֿינען, וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט פֿאַר איהר, און די פּראַקטישע ערפֿאַהרונג וועט איהר בעסער אָנווייזען דעם ריכטיגען וועג פֿון איהר ענטוויקלונג ווי אַלע געזעצע און רעגולאַציעס. דאָס געזעץ פֿון ענטוויקלונג מאַניפֿעסטירט זיך פֿריי, און מיר זיינען איבערצייגט, אַז דיזעס געזעץ וועט זיין דאָס בעסטע אין איינציגע, וועלכעס וועט עקזיסטירען אין דער צוקונפֿט און שטענדיג שאַפֿען נייע לעבענס־קרעפֿטע.

און אויב עס עקזיסטירט ווירקליך אין דער מענשהייט אַן

אינערליכע שטרעבונג צו דער מאנאגאמיע, צו א שטענדיגער פעראייניגונג פון צוויי מענשען, וועלכע האבען זיך קענען און רעספעקטירען געלערנט איינע די אנדערע, דאן וועט זייער פערבינדונג זיין אזוי פאלקאמען ווי נאר מעגליך, זיי וועלען הארמאנירען אין זייערע געדאנקען און ווינשע, אז זיי דארפען נים קיין געזעץ, וועלכעס זאל זיי דערמאהנען, אז זיי דארפען זיך ליעבען איינע די אנדערע. וועט ניט זייער אייגענער ווונש זיין א בעסערע גאראנטיע פאר די בעשטענדיגקייט פון זייער צוזאמענלעבען, ווי אלע געזעצע?

אויב מאן און פרוי וועלען מעהר ניט זיין צוזאמען געשמידט איינע מיט די אנדערע, אויב עס וועט עקזיסטירען א ווירקליכע ליעבע צווישען ביידע, דאן וועט יעדער פון זיי פערזוכען צו פערדינען די ליעבע און דעם רעספעקט פון דעם אנדערען. וויסענדיג, אז יעדער פון זיי קען פריי פערלאזען דעם צווייטען, אויב ער אדער זי וועט ניט געפינען די בעפרידיגונג אין דעם צוזאמענלעבען, וועלכע זיי האבען ערווארטעט, וועלען ביידע פערזוכען זיך וואס מעהרער צוצוציהען איינער דעם אנדערען. אזוי ווי ביי יענע סארטען פייגעל, וואו דער ער פיצט זיך אויס מיט נייע פעדערן, כדי ער זאל איהר געפעלען ווערען, אזוי וועלען אויך די מענשען פערזוכען צו ענטוויקלען זייערע אלע גוטע איגענשאפטען, אום צו מאכען זייער צוזאמענלעבען וואס אנגענעהמער. אז דאס וועט זיין די בעסטע גאראנטיע פאר די בעשטענדיגקייט פון זייער געגענזייטיגער ליעבע.

*
* *

מיר האבען ניט געהאט די אבזיכט צו קריטיקירען די „מאדערנע הייראט“, וועלכע שטעהט אויף דער זעלבער שטופע ווי די געמיינסטע פראסטיטוציאן. די געשעפטס־הייראט, וואו די געפיהלען שפילען איבערהויפט קיין ראלע ניט; די פערמטלונגס הייראט, וועלכע קומט מייסטענטהיילס פאר אין די בורזשואזע קרייזען, וואו די עלטערן ארראנזשירען דאס גאנצע געשעפט, אהנע זיך אפילו צו בעראטהען מיט די, וועלכע מען זוכט חתונה צו מאכען; און דאן די גרויסע צאהל פון די אוננאטירליכע פער־

בינדונגען, וואו אַלטע אָבגעלעבטע מענער פֿעראייניגען זייערע פֿערוועלקטע קערפּערס מיט דער שענהייט און פֿרישקייט פֿון יונגע מיידלאַך, דערפֿאַר וואָס זיי זיינען רייך, אָדער וואו אַן אַלטע מכשפה קויפֿט מיט גאָלדענע קלינגערס די צערטליכקייט פֿון אַ יונגען פּראָסטיטוט, וועלכער בעצאָהלט מיט זיין הויט און אַ ביסעל שאַנדע זיין געלד־גיריגקייט. דיזע עקעלהאַפֿטע ער־שיינונגען זיינען שוין אָפֿט גענוג קריטיקירט געוואָרען, און וואָס פֿאַר אַ ווערטה וואָלט עס געהאַט צו ווידערהאָלען נאָך אַמאָל, וואָס איז שוין טויזענד מאָל געזאָגט געוואָרען? אונזער גאַנצע אויפֿגאַבע איז געווען צו בעווייזען, אַז די פֿאָרמען פֿון דער געשלעכטליכער פֿעראייניגונג זיינען ניט אימער געווען דיזעלבע, און אַז זי קען נאָר דאַן דערגרייכען דעם העכסטען גראַד פֿון איהר מאָראַלישער ענטוויקלונג, ווען זי וועט זיין בעפֿרייט פֿון אַלע קייטען. אַלעס אַנדערע שפּילט נאָר אַ קליינע ראָלע.

# די אויטאָריטעט.

די אייגענטהומס־פֿראַגע איז אַזוי ענג פֿערבונדען מיט דער פֿראַגע פֿון אויטאָריטעט, אַז אום צו געבען אַן ערקלעהרונג איבער די ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פֿון דער לעצטער, וואָלטען מיר געדאַרפֿט נאָך אַ מאָל ווידערהאָלען פֿון דאָס נײַ אַלעס דאָס, וואָס מיר האָבען שוין פֿריהער געזאָגט אין אַ בעזונדערען קאַפּיטעל איבער דאָס אייגענטהום. אָט דערפֿאַר וועלען מיר זיך דאָ נאָר בעשעפֿטיגען מיט דער יעצטיגער פֿאָרמע פֿון דער אויטאָריטעט, וועלכע — אַזוי ווי מען דערצעהלט אונז — גרינדעט זיך אויף דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט, אויף דאָס געזעץ פֿון דער מאַיאָריטעט.

אַזוי ווי מיר האָבען געזעהן, האָט די לעגענדע וועגען דעם געטליכען אורשפּרונג פֿון אייגענטהום און אויטאָריטעט היינט מעהר קיין באָדען ניט, און דערפֿאַר איז די בורזשואַזיע געזוען געצוואונגען אויסצוגעפֿינען אַ נייען און בעסערען באַזיס פֿאַר דיזעביידע אינסטיטוציאָנען. נאָך דעם ווי זי האָט אַליין צושטעהרט דאָס געטליכע רעכט פֿון די קעניגע און מיטגעהאָלפֿען קעמפּפֿען געגען דאָס רעכט פֿון געוואַלט, האָט זי פֿערזוכט צו בעגרינדען אַ נייעס רעכט, דאָס רעכט פֿון געלד, איינפֿיהרענדיג די זאָגענאַנטע „קלאַסען־שטייער" אַלס באַזיס פֿון דעם וואַהל־סיסטעם. אויף אַזאַ מין אַרט האָט נאָר אַ געוויסע קלאַסע פֿון פּריווילעגירטע מענשען, וועלכע האָבען בעצאָהלט די העכסטע אָבגאַבען, געהאַט דאָס רעכט אויסצוואוועהלען די פֿערטרעטער פֿאַר'ן פּאַרלאַמענט. שפּעטער איז בעשטימט געוואָרען, דאָס אויך די, וואָס האָבען די נויטווענדיגע פּאָליטישע „פֿעהיגקייטען," האָבען אַ רעכט צו

וועהלען, ווייל אַ געוויסער טהייל פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע איז דורך די ערשטע פֿאָרמע פֿון דעם וואַהל־רעכט געווען אויסגעשלאָסען פֿון דער פּאָליטישער טהעטיגקייט, האָט עס געפֿאָדערט.

אָבער דיזע אַלע פֿאָרמען האָבען נאָר עקזיסטירט פֿאַר אַ קורצע צייט. דען ווי באַלד מען האָט שוין אָנגעפֿאַנגען דיסקוטירען איבער דער אויטאָריטעט, האָט זי געמוזט פֿערלירען איהר אמאָליגען איינפֿלוס, און די, וואָס האָבען פֿריהער ניט גענומען קיין אַנטהייל אין דער וואַהל פֿון זייערע הערען, האָבען ניט פֿערפֿעהלט צו פֿאָדערן דאָס רעכט אָבצוגעבען זייער מיינונג איבער די וואַהל פֿון די רעגירער.

* * *

די בורזשואַזיע, וועלכע האָט מורא געהאַט פֿאַר'ן פֿאָלק, האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען, זי האָט געהאַט די עפֿענטליכע מאַכט אין איהרע הענד און האָט ניט געהאַט קיין לוסט צו טהיילען איהר מיט אַנדערע. אום צו בעקומען דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט, זיינען די אַרבייטער געצוואונגען געווען צו מאַכען אַ רעוואָלוציאָן. זיי האָבען געהאָלפֿען דער בורזשואַזיע צו בעקומען די מאַכט אין איהרע הענד, אָבער דיזעלבע בורזשואַס האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום אויסצושליסען די אַרבייטער פֿון דעם ניי ערוואָרבענעם רעכט; זיי האָבען פּשוט מורא געהאַט, אַז דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט וועט זיי פֿערניכטען, און דערפֿאַר האָבען זיי פֿערזוכט אָבצושניידען די נעגעל פֿון דיזען מאָנסטער. ערשט שפּעטער, ווען די פּראַקטישע ערפֿאַהרונג האָט זיי געלערנט, אַז דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט איז ניט קיין געפֿאַהר צו זייערע פּריווילעגיעס אַז עס איז ניט מעהר ווי אַ פֿידעל, אויף וועלכער מען דאַרף נאָר וויסען ווי צו שפּיעלען, זיינען זיי געוואָרען ווייכער; זיי האָבען פֿערשטאַנען, אַז דיזע וואונדערבאַרע וואַפֿע, דורך וועלכע די אַרבייטער האָבען זיך איינגערעדט אויסצופֿיהרען זייערע פֿאָדערונגען — און זיי האָבען פֿערגאָסען זייער בלוט דערפֿאַר — איז ניט מעהר ווי אַן אויסגעפֿיינערטער מיטעל פֿון הערשאַפֿט און אונטערדריקונג, וועלכער

פֿערשקלאַפּט די יעניגע, וואָס בענוצען זיך דערמיט. האָפֿענדיג, אַז זיי האָבען ענדליך געפֿונען דעם וועג ווי זיך צו בעפֿרייען.

און לאָמיר זיך ניט נאַרען! וואָס דען אַנדערש איז דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט, אויב ניט דאָס רעכט פֿון די אונטער־דריקטע אַליין אויסצוואוועהלען זייערע אונטערדריקער, דאָס רעכט אַליין אויסצוקלייבען דעם רוט, מיט וועלכען מען שמייסט זיי? דער וועהלער רעפּ־עזענטירט די העכסטע מאַכט אים שטאַאַט — אַזוי זאָגט מען כאָטש — ער האָט דאָס רעכט אַליין אויס־צואוועהלען זיין הערר, אָבער ער האָט קיין רעכט ניט צו ענט־זאַגען זיך צו געהאָרכען דעם הערר, וועלכע זיינע שכנים האָבען אויסגעוועהלט פֿאַר איהם. אין דעם מאָמענט, ווען ער פֿאַקט אַריין זיין שטיקעל פּאַפּיר אין שטים־קעסטעל, אַנערקענט ער אָפֿיציעל, אַז ער האָט מעהר קיין אייגענעם ווילען, פֿאַר איהם עקזיסטירט יעצט מעהר קיין אַנדער זאַך, ווי די קאַפּריזען פֿון זיינע הערען, וועלכע ער האָט אַליין אויסערוועהלט, זיי מאַכען די געזעצע, זיי פֿיהרען זיי אויס, און זיי זעצען איהם אַריין אין טורמע, אויב ער וועט ניט אַנערקענען זייערע בעשלוסע.

* * *

מיר האָבען ניט די אַבזיכט אויפֿצוצייגען דאָ אַלע א נזיניג־קייטען און שעדליכע פֿאָלגען פֿון דעם אַלגעמיינען שטים־רעכט, מיר וועלען זיך אפילו ניט בעשעפֿטיגען מיט די אַלע פֿערבע־סערונגען און רעפֿאָרמען, וועלכע די פֿערשידענע פֿעלקער האָבען פֿאָרגעשלאָגען און פּראַקטיצירט, כדי די אויסערוועהלטע זאָלען ניט קענען אויספֿיהרען זייערע פּערזענליכע קאַפּריזען, אין אום צו פֿערזיכערן דאָס זעלבסטבעשטימונגס־רעכט פֿון די וועהלער, געבענדיג זיי די מעגל בקיים צו צווינגען זייערע דעפּוטאַטען אויסצופֿיהרען זייערע פֿערשפּרעכונגען. דאָס וואָלט אונז אַוועק־געפֿיהרט צו ווייט און פֿערנומען צו פֿיעל פּלאַץ, און אויסערדעם איז עס אויך גאָר ניט וויכטיג פֿאַר אונז, ווייל אונזער גאַנצע אַבזיכט איז ניט מעהר ווי צו בעווייזען, אַז דאָס געזעץ פֿון דער מאַיאָריטעט איז פּונקט אַזוי ווייניג בערעכטיגט ווי דאָס זאָגע־נאַנטע געטליכע רעכט פֿון די זעלבסטהערשענדע קעניגע, און

אַז עס גיט ניט קיין אַנדער געזעץ פֿאַר דעם מענשען ווי זיין אייגענער ווילען און זיין פּערזענליכע איבערצייגונג.

אָבער דאָס רעכט פֿון דער מינאָריטעט, וועלכעס בילדעט כלומר שט די גרונדלאַגע פֿון די מאָדערנע שטאַאַטען, איז אויך ניט מעהר ווי אַ פּוסטע בעהויפּטונג, ווייל אין דער ווירקליכקייט עקזיסטירט עס גאָרניט. ווען מיר אַנאַליזירען דעם גאַנצען אָנגאַנג פֿון דעם אַלגעמיינען שטים־רעכט, ווילען מיר באַלד אויסגעפֿינען אַז עס איז ניט די מאַיאָריטעט, וואָס רעגירט, זאָנדערן אַ גאַנץ קליינע מינאָריטעט, וועלכע נעהמט זיך פֿון אַן אַנדער מינאָריטעט, און דיזע צווייטע מינאָריטעט, שטעלט אַליין ווידער פֿאָר אַ מינאָריטעט, וועלכע איז אויסגעקליבען געוואָרען פֿון די רעגירטע מאַסען.

*
*   *

אַז פֿרויען און קינדער, וועלכע זיינען אַזוי גוט אונטערוואָרפֿען צו די געזעצע ווי די מענער, זיינען אויסגעשלאָסען פֿון׳ם שטים־רעכט, איז ניט מעהר ווי אַ ווילקירליכע בעשטימונג. אָבער אפילו צווישען די, וואָס האָבען שוין יאָ אַ רעכט צו שטימען, געפֿינען זיך אַ סך מענשען, וועלכע בענוצען זיך ניט מיט זייער „רעכט", צוליעב דיזע אָדער יענע אורזאַכען. ווען מיר רעכענען אַרונטער דיזע אַלע מענשען, וועלכע קענען אָדער ווילען זיך ניט בענוצען מיט דעם שטים־רעכט, דאַן בלייבט מעהר ניט איבער ווי אַ מינאָריטעט פֿון מענשען, וועלכע מען אַנערקענט — אויף אַ גאַנץ ווילקירליכען שטייגער, פֿערשטעהט זיך — אַלס די איינציגע, וואָס זיינען פֿעהיג אויסצוקלייבען די רעגירער פֿאַר אַלעמען.

אין דער טהעאָריע ענטשיידעט די מאַיאָריטעט אין דעם טאָג פֿון די וואַהלען, ווער עס איז אויסערוועהלט געוואָרען אַלס פֿערטרעטער פֿון אַ געוויסען בעצירק; אָבער אין דער פּראַקטיקע בעקומט די געשיכטע אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער: די שטימען פֿון די וועהלער צוטהיילען זיך אויף זעקס, אַכט, צעהן און מאַנכעסמאָל נאָך מעהר פֿערשידענע קאַנדידאַטען, שוין גאָר ניט ריידענדיג פֿון די, וועלכע געפֿינען איבערהויפּט ניט צווישען די

אַלע קאַנדידאַטען קײן פּאַסענדען פֿערטרעטער פֿון זײערע אַנ־זיכטען און שטימען דערפֿאַר געגען זײערע אײגענטליכע מײנונגען. דער ערפֿאָלגרײכער קאַנדידאַט איז אַלזאָ אויך ניט מעהר װי דער אויסערװעהלטער פֿון אַ צװײטער מינאָריטעט.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס: אין דער טהעאָריע בע־הויפּטעט מען, אַז װען די אויסערװעהלטע פֿערזאַמלען זיך אין פּאַרלאַמענט, זאָל די מאַיאָריטעט ענטשײדען איבער אַלע פֿאָר־שלעגע, װאָס װערען געמאַכט; אָבער אויך דאָרטען ענטװיקלען זיך װידער פֿערשידענע גרופּען און גרופּעלאַך, און אין דער װירק־ליכקײט רעגירט ניט די מאַיאָריטעט, זאָנדערן קלײנע קליקען פֿון עהרגײציגע פּאָליטיקער, װעלכע שטעהען צװישען די עקסטרעמע פּאַרטײען און גיבען אָב זײערע שטימען פֿאַר יעדען פֿאָרשלאַג, װעלכער פֿערשפּרעכט זײ דעם בעסטען נוצען.

פֿון די װײניגע בײשפּיעלע, װעלכע מיר האָבען דאָ אָנגעדײ־טעט, צײגט זיך קלאָהר און דײטליך אַרויס, אַז די בעריהמטע סואװערעניטעט פֿון דעם װעהלער שפּיעלט אין דער אמת׳ן זעהר אַ קלײנע ראָלע; אָבער מיר מוזען אויסדריקליך בעמערקען, אַז מיר האָבען געהאַלטען אונזער קריטיק אַזוי אײנפֿאַך װי נאָר מעגליך, אום ניט צו פֿערטומלען דעם לעזער; אָט דערפֿאַר האָבען מיר אָנגענומען פֿאַר אַ מאָמענט, אַז יעדער װעהלער האַנדעלט לאָגיש און װײס גענוי װאָס ער טהוט. אָבער װען מיר װאָלטען ערשט אַרײנגענומען אין אונזער קריטיק אַלע אינטריגעס, אַלע שװינדלערײען און עהרגײציגע בערעכענונגען, װען מיר װאָלטען אָנגעדײטעט אויף דעם פֿאַקט, אַז קײן געזעץ קען ניט אויסגעפֿיהרט װערען, אײדער עס איז אָנגענומען געװאָרען פֿון אַ צװײטער פּאַרלאַמענטאַרישער קערפּערשאַפֿט, דעם סענאַט, װעל־כער װערט אויסגעװעהלט פֿון אַ גאַנץ בעזונדערע קלאַס װעה־לער, װען מיר װאָלטען נאָך גענומען אין אָנבעטראַכט, אַז די לעגיסלאַטיװע קערפּערשאַפֿט בעשטעהט פֿון פֿינף הונדערט און עטליכע דעפּוטאַטען, אַז יעדער װעהלער האָט נאָר אָבגעגעבען זײן שטימע פֿאַר אײנעם פֿון דיזע פֿינף הונדערט, אַז זײן װילען שטעלט פֿאָלגליך פֿאָר מיט זיך ניט מעהר װי אַ פֿינף הונדערט

חלק פֿון דעם אַלגעמיינען ווילען, און אַז זאָגאַר דיזער אונבע־דייטענדער איינפֿלוס ווערט נאָך ווייטער אָבגעשוואַכט דורך דאָס בעשטימונגס־רעכט פֿון דעם סענאַט, ווען מיר וואָלטען זיך בעשעפֿטיגט מיט דיזע אַלע איינצעלהייטען, וואָלטען מיר צולעצט זיכער אויסגעפֿונען, אַז די בעריהמטע אויבערהערשאַפֿט פֿון דעם וועהלער פֿערלירט זיך אויף אַזוי פֿיעל אין דער אויבער־הערשאַפֿט פֿון דער נאַציאָן, אַז עס בלייבט דערפֿון אין גאַנצען מעהר ניט איבער.

אָבער דאָס אַלעס איז נאָך ניט דאָס ערגסטע. דאָס אַלגע־מיינע שטים־רעכט האָט נאָך אַן אַנדער ווירקונג, וועלכע איז נאָך פֿיעל געפֿעהרליכער: עס ענטוויקעלט אַ הערשאַפֿט פֿון גאָרנישטען און מיטעלמעסיגע כאַראַקטערע, אַזוי ווי מיר וועלען באַלד זעהען.

יעדע נייע אידעע, וועלכע פֿעראייניגט אין זיך די פֿאָרט־געשריטענע געדאַנקען פֿון איהר צייט, ווערט אין אָנפֿאַנג פֿון איהר ענטוויקלונג אימער נאָר אַנערקענט פֿון אַ קליינע מינאָרי־טעט, דען עס גיט נאָר ווייניגע מוחות, וועלכע זיינען באַלד פֿעהיג אויפֿצוכאַפּען נייע געדאַנקען און זיי צו פֿערטהיידיגען. דיזע וואַהרהייט איז אונבעשטרייטבאַר, און דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואָרום מענשען, וועלכע האָבען ווירקליך טיעפֿע און ברייטע אַנשויאונגען, זיינען שטענדיג אין דער מינאָריטעט. די מאַסע בענוגענט זיך מיט די אַלגעמיינע אידעען, וועלכע זיינען אַריין אין מאָדע, און זיי מאַכען דאָס די מאַיאָריטעט, זיי וועהלען דאָס אוים די דעפּוטאַטען, און אום ניט צו פֿערלירען די אויסזיכטען זיינען דיזע פֿערטרעטער פֿון דער מאַיאָריטעט זעהר פֿאָרזיכטיג, זיי זאָלען זיך ניט צוריהרען צו די פֿאָראורטהיילע פֿון זייערע וועהלער און צו די טראַדיציאָנעלע אידעען פֿון דער פֿערגאַנגענ־הייט. פֿערקעהרט, אום צו בעקומען וואָס מעהר שטימען, וועט ער אויסמיידען יעדעס שפּיציגע וואָרט און זיך בענוצען מיט אַ גאַנצען מאַגאַזין פֿון פּוסטע פֿראַזען, מיט וועלכע ער קען נאָר צוטרעפֿען זיינע וועהלער. אום זיי ניט אָבצושטויסען פֿון זיך, וועט ער זיך אונטערשמייכלען ביי זיי און אַנערקענען זייער

דומהייט און אונוויכטיגקייט פֿאַר אַ גוטע זאַך. וואָס פּוסטער און איבערפֿלעכליכער ער וועט זיין, אַלס גרעסער זיינען די אויס־זיכטען פֿאַר איהם צו ווערען איינער פֿון די אויסערוועהלטע.

* * *

אויב מיר קוקען זיך צו מיט אויפֿמערקזאַמקייט צו דער טהעטיגקייט פֿון די מייסטע אָרגאַניזאַציאָנען: קאָמיטעס, פֿעראיינען פֿאַר געגענזייטיגע הילפֿע, געזעלשאַפֿטען פֿון קינסטלער, ליטע־ראַטען א. ז. וו. ווּעלען מיר באַלד בעמערקען, אַז די פֿערוואַלטונג פֿון דיזע אַלע קערפּערשאַפֿטען ליגט אין די הענד פֿון געוויסע פּערזאָנען, וועלכע זיינען אויסגעקליבען געוואָרען דורך דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט; און דיזע איינצעלנע אינדיווידועןֿ, שוין ניט קוקענדיג אויף זייער קליינליכע אַמביציע, זייער בעדירפֿניס זיך אַרויסצושטעלען ביי יעדער געלעגענהייט, כדי מען זאָל ריידען פֿון זיי, זייער שטרעבען צו פֿערשאַפֿען זיך אַ געוויסע שטעלונג אויף די רעכנונג פֿון זייערע קאַמעראַדען און זייער פֿעהיגקייט אָנצימאַכען אינטריגעס, דיזע איינצעלנע אינדיווידועןֿ זיינען כמעט אַלע מאָל די איבערפֿלעכליכסטע און אונבעדייטענדסטע כאַראַק־טערע פֿון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָן.

און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, ווייל יעדער זעלבסטשטענדיג דיינקענדער מענש, וועלכער איז איבערגעגעבען אין גאַנצען צו דער פֿערווירקליכונג פֿון זיינע אידעען, וועט זעלטען געפֿינען די אַלגעמיינע סימפּאַטהיע, דערפֿאַר וואָס ער וועט זיך פֿאַר קיין פֿאַל ניט קענען צופּאַסען צו יענעם סאָרט מענשען — און עס גיט אַ סך פֿון זיי — וועלכע פֿאָלגען שטענדיג די געזעצע פֿון דער הייליגער געוואוינהייט. יעדער איינציגער וועט אָנדייטען אויף איהם און זאָגען: „זעהט נאָר דעם נאַר, ער וויים דאָך אפילו ניט וואָס ער וויל!" אַ מענש, וואָס זוכט די וואַהרהייט און פֿאָ־דערט איהר אין יעדער בעציהונג, האָט זיכער קיין צייט ניט זיך אָבצוגעבען מיט די אַלע שמוציגע אינטריגעס, וועלכע געהען אָן הינטער די קוליסען, און ער וועט געוויס דורכפֿאַלען ביי דער אָבשטימונג, דען נאָר אַזאַ מענש, וועלכער האָט איבערהויפּט קיינע אָריגינעלע און זעלבסטשטענדיגע אידעען, און וועלכער

האַלט זיך דערפֿאַר ביי די אַנשויאונגען פֿון דער מעהרצאָהל, האָט די בעסטע אויסזיכטען אויף אַן ערפֿאָלג, ווייל ער קען זיך צופּאַסען צו אַלעמען און טרעט קיינעם ניט אויף די הינעראויגען אָבער וואָס מעהר איינער פּאַסט זיך צו צו דער גאַנצער וועלט, אַלס ברייטער ווערט דער אָבגרונד צווישען די אַלטע טראַדי־ציאָנעלע אידעען און די נייע פּראָגרעסיווע אַנשויאונגען, און עס בלייבט מעהר ניט איבער ווי די הערשאַפֿט פֿון פּוסטקייט און מיטעלמעסיגקייט. אָט דאָס איז דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט — אַן אויפֿגעבלאָזענע עזעל־פֿעל, וועלכע מאַכט אָן אַ גרויסען ליאַרם, ווען מען קלאַפּט דערויף, דאָס איז אלעס.

* * *

אָבוואָהל מען האָט שוין פֿיעל דיסקוטירט איבער די ניצ־ליכקייט אָדער בערעכטיגונג פֿון דער אויטאָריטעט, זיך אויסגע־לאַכט פֿון איהר און אויפֿגעדעקט איהרע געפֿעהרליכע זייטען, עקזיסטירט זי אונגליקליכערוווייזע נאָך אַלס אין אונזערע אַנשויאונגען און געוואוינהייטען. די מייסטע מענשען זיינען שוין אַזוי צוגע־וואוינט געוואָרען, מען זאָל זיי פֿיהרען ביי אַ שטריקעל, אַז זיי וואָלטען זיך געהאַלטען פֿאַר פֿערלאָרענע, אויב עס וואָלט זיך פּלוצלונג מעהר ניט געפֿונען אַ מענש, וועלכער זאָל זיי פֿיהרען און רעגירען. אין אַלע האַנדלונגען פֿון זייער לעבען זעהען זיי שטענדיג דעם היטעל פֿון'ם זשאַנדאַרם, די יוניפֿאָרמע פֿון דעם בירגערמייסטער, די חוצפה פֿון די בעאַמטע, די זויערע פּנים'ער פֿון דעם ריכטער און פּאָליציסט, אַז זיי זיינען שוין געוואוינט געוואָרען צו דיזע אַלע פֿערדאָרבענע און קאָרומפּירטע ערשיי־נונגען; זיי בעטראַכטען זיי זאָגאַר אַלס עפּעס אונאַנגענעהמעס, און אויב זיי האָבען נאָר אַ מעגליכקייט אָבצוטהאָן אַ שפּיצעל צו איינעם פֿון די אויבען דערמאָנטע פֿערטרעטער פֿון דער אויטאָריטעט, וועלען זיי עס טהאָן מיט אַן אינערליכער צופֿרי־דענהייט, אָבער זיי קענען זיך פֿאַר קיין פֿאַל ניט פֿאָרשטעלען, אַז דיזע פֿערטהיידיגער פֿון דער עפֿענטליכער מאַכט זאָלען אין גאַנצען פֿערשווינדען, ווייל דאָס וואָלט ביי זיי געהייסען דער אונטערגאַנג פֿון דער מענשהייט. דאָס איז זיכער איינע פֿון די

מערקווירדיגסטע ווידערשפּרעכונגען אין די מוחות פֿון די מענשען. פֿון איין זייט שלעפּען זיי מיט אונצופֿריעדענהייט אין האַס דעם יאָך פֿון דער אויטאָריטעט, זיי לאַכען זיך אויס פֿון איהרע פֿערטרעטער, און אויב זיי קענען נאָר, ברעכען זיי די געזעצע שטילערהייט, און פֿון דער צווייטער זייט האָבען זיי מורא און האַלטען זיך פֿאַר פֿערלאָרענע, ווען מען רעדט צו זיי וועגען דער אָבשאַפֿונג פֿון דער אויטאָריטעט. ווי עס ווייזט אויס, האַנדעלט זיך דאָ אום אַ פֿראַגע פֿון געוואוינהייט.

אָבער דיזער פֿאָראורטהייל ווייזט זיך אונז אויס נאָך אונגלאָגישער — אויב מיר קענען זיך בענוצען מיט דיזען וואָרט — נאָך לעכערליכער און אַבסורדער, וויסענדיג, אַז דער אידעאַל פֿון אַ „גוטער“ רעגירונג ווערט אויפֿגעפֿאַסט פֿון יעדען איינציגען אַלס אַזאַ סאָרט רעגירונג, וועלכע מען קען מיט לייכטיגקייט שיקען אַהיים, אויב זי וועט פֿערזוכען צו פֿערהינדערן די בעפֿרידיגונג פֿון די פּערזענליכע ווינשע און בעדירפֿניסע פֿון די בירגער. אָט דערפֿאַר האָט די בורזשואַזיע ערפֿונדען דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט, אום צו געבען דיזען אונבעשטימטען און אונגעפֿעהרליכען אידעאַל פֿון דער אַלגעמיינהייט אַ פּראַקטישען אויסדרוק.

* * *

אויב די רעפּובליק האָט געפֿונען אַזוי פֿיעל סימפּאַטהיע ביי די אַרבייטער, אויב די אונטערדריקטע בעטראַכטען נאָך אַלס דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט פֿאַר אַ מיטעל זיך צו בעפֿרייען, טראָץ די אַלע ביטערע ענטטוישונגען, וועלכע זיי האָבען שוין געהאַט, איז עס דע־פֿאַר וואָס מען האָט זיי איינגערעדט, אַז דורך אַן איבערבייט פֿון דער רעגירונג קען מען איבערבייטען דעם קאַפּיטאַליסטישען אויסבייטונגס־סיסטעם און שאַפֿען אַ צושטאַנד פֿון גליק און וואָהלשטאַנד פֿאַר אַלע מענשען. אָט דיזער געפֿעהרליכער פּאָליטישער אָבערגלויבען גיט די אינטריגאַנטען די מעגליכקייט צו פֿערבלענדען די אויגען פֿון די אַרבייטער מיט פּוסטע האָפֿנונגען אויף אונפּרוכטבאַרע רעפֿאָרמען, וועלכע האָבען ניט די קלענסטע ווירקונג אויף דעם יעצטיגען סיסטעם און קע־

נען ניט שאַפֿען קיין שום פֿערבעסערונג פֿון דעם אַרבייטער'ס לאַגע; ער גיט זיי די מעגליכקייט אַראָבצופֿיהרען די מאַסען פֿון דעם ריכטיגען וועג און ענטוויקעלט וואָס ווייטער אַלס מעהר אין זיי די פֿאַטאַליסטישע פֿאָרשטעלונג, דאָס אַ פֿערענדערונג פֿון די מענער, וועלכע שטעהען אָן דער שפּיצע פֿון יענער אונטערדריי־קונגס־אָרגאַניזאַציאָן, וואָס רופֿט זיך שטאַאַט, קען אויפֿטהאָן נסים פֿאַר זיי. עס איז דערזועלבער טעות, וועלכער האָט אין אַלע רעוואָלוציאָנען די פּאָליטישע שאַרלאַטאַנען געגעבען די מעגליכקייט צו בעטריגען דאָס פֿאָלק אום די פֿרוכט פֿון דעם זיעג, און זיך אַליין צו שטעלען אויף דעם פּלאַץ פֿון די, וועלכע דער רעוואָלוציאָנערער שטורם האָט אַוועקגעבלאָזען, צו עטאַב־לירען אַ נייע קלאַסע אויסבייטער, שאַפֿענדיג אַרום זיך נייע אינטערעסען, און אין דעם מאָמענט, ווען זייער נייע מאַכט איז געווען בעפֿעסטיגט, האָבען זיי אונטערדריקט מיט דערזועלבער ברוטאַליטעט די מאַסען, וועלכע זיינען געווען גענוג נאַאיוו זיי אַרויפֿצוזעצען אויף'ן ביינקעל.

* * *

וואָס פֿאַר אַ מורא'דיגע ווידערשפּרעכונג דאָס איז אין די מענשליכע פֿאָרשטעלונגען! ווען מען הייבט אָן דיסקוטירען מיט מענשען, וועלכע בעזיצען זאָגאַר אַ געוויסע אינטעליגענץ, וועלען זיי באַלד צוגעבען, אַז מיר וואָלטען ניט געדאַרפֿט קיין רעגירונג, אויב אַלע מענשען וואָלטען געווען פֿערנינפֿטיג. זיי אַליין וועלען, פֿערשטעהט זיך, בעהויפּטען, אַז זיי קענען גאַנץ גוט אויסקומען אָהן אַ רעגירונג. אָבער לײדער זיינען ניט אַלע מענשען פֿער־אַנטוואָרטליך פֿאַר זייערע האַנדלונגען; אייניגע פֿון זיי וואָלטען פּילייכט בענוצט זייער שטאַרקייט צו אונטערדריקען די אַנדערע, אפשר וואָלטען זיי אַרומגעגאַנגען ליידיג און געלעבט אויף די רעכנונג פֿון די אַנדערע. אָט אום דאָס צו פֿערהינדערן, איז נויטווענדיג אַן אויטאָריטעט, וועלכע זאָל אַלעמען האַלטען אין אָרדנונג.

אָט דאָס זיינען די געוועהנליכע אַרגומענטען, מיט וועלכע מען בענוצט זיך געגען אונזערע אידעען. אָבער וואָס איז דער

אייגענטליכער זין פֿון דיזע בעהויפּטונגען? אין דער ווירקליכקייט מיינט עס, אַז די מענשען אַלס אַן אַלגעמיינהייט זיינען צו שלעכט, אום זיך צו פֿערשטענדיגען צווישען זיך; אָבער ווען מיר נעהמען יעדען איינציגען בעזונדער אָדער בעזונדערע פּאַרטייען, דאַן ווייסען זיי יאָ ווי צו רעגירען די אַנדערע, פֿאָלגליך דאַרפֿען מיר זעהן ווי אַם שנעלסטען אַריינצולייגען די עפֿענטליכע מאַכט אין די הענד פֿון די אויסערוועהלטע, כדי זיי זאָלען צווינגען די אַנדערע צו אַנערקענען זייער ווילען. אונגליקליכע לאָגיק! ווי די מענשליכע פֿערנונפֿט שטעלט דיר אונטער אַ פּיסעל!

אַזוי לאַנג ווי עס וועט געבען פּערזאָנען, וועלכע קאָמאַנדעווען, מוזען דיזע פּערזאָנען דען ניט נויטווענדיגערווייזע אַרויסרופֿען אַנטאַגאָניסטישע געפֿיהלען ביי די, וועלכע זיינען געצוואונגען זיי צו געהאָרכען? און וועלען דען די, וואָס האָבען די מאַכט אין זייערע הענד, וועלען זיי דען ניט פֿערזוכען, אויב זיי זיינען עהרליך, צו פֿערווירקליכען זייערע אייגענע אידעען? עס קען טרעפֿען, אַז דיזע אידעען זאָלען זיין גוט, אָבער עס קען אויך טרעפֿען, זיי זאָלען זיין שלעכט. אויב דיזע אידעען עקזיסטירען נאָר ביי אייניגע פּערזאָנען צווישען די מאַסען, וועלען זיי ניט האָבען קיין מאַכט, אָבער ביי פּערזאָנען, וועלכע האָבען די אויטאָריטעטע געוואַלט אין זייערע הענד, פֿערוואַנדלען זיך דיזע אידעען אין אַ געזעץ פֿאַר אַלעמען, אפילו פֿאַר די, וועלכע זיינען ניט איינשטימיג דערמיט. און וואָס ערנסטער און עהרליכער די פּערזאָנען זיינען, וועלכע האָבען די מאַכט אין זייערע הענד, אַלס ברוטאַלער וועלען זיי אונטערדריקען די יעניגע, וועלכע בעטראַכטען אַ זאַך פֿון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט, דערפֿאַר וואָס זיי זיינען איבערצייגט, אַז זייערע פּערזענליכע אַנשויאונגען זיינען גוט פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט.

* * *

אין דעם פֿאָריגען קאַפּיטעל האָבען מיר ערקלעהרט, אַז פּאָליטישע שקלאַפֿעריי איז די פֿאָלגע פֿון אונזער יעצטיגען עקאָנאָמישען צושטאַנד; מיר האָבען זשאַנדאַרמען, ריכטער, מיניסטאָרען א. ז. וו. דערפֿאַר וואָס מיר האָבען באַנקירען און

אייגענטהימער —ביידע זיינען איינג פערבונדען איינע מיט די אַנדערע. אויב עס וועט אונז געלינגען אַראָבצואוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון אונזערע אויסבייטער אין די וואָרקשאָפּס און פאַבריקען, אויב עס וועט זיך אונז איינגעבען פטור צו ווערען פון די, וועלכע האַלטען אונז פעסט ביי די קישקעס, דאַן וועט מעהר ניט זיין קיין נויטווענדיגקייט פאַר אַ מאַכט, וועלכע האָט נאָר די אויפגאַבע צו בעשיצען די עקספלאָטאַטאָרס.

היינט איז דאָ אַ נויטווענדיגקייט פאַר אַ רעגירונג, פאַר געזעצע, פאַר דעפּוטאַטען וואָס מאַכען די געזעצע, פאַר ריכטער וואָס ווענדען זיי אָן, און פאַר פּאָליציסטען, וועלכע פיהרען אויס די בעשליסע פון די ריכטער, דערפאַר ווייל די בעזונדערע קלאַסען דאַרפען האָבען אַ מאַכט, וועלכע זאָל זיי בעשיצען געגען די גערעכטע פאָדערונגען פון די בעזיצלאָזע.

אָבער דער אַרבייטער, וואָס האָט ער דען צו פערטהיידיגען? וואָס פאַר אַ נוצען ברייננגט איהם דער גאַנצער רעגירונגס־מעכאַניזמוס, וועלכען ער אַליין דאַרף אויסהאַלטען, ניט האָבענדיג דערפון דעם קלענסטען געווין, און וועלכער עקזיסטירט נאָר, אום איהם צו צייגען, אַז ער האָט נאָר איין רעכט, דאָס רעכט צו שטאַרבען פון הונגער אין אַ וועלט פון רייכטהום און איבער־פלוס, וועלכען זיינע פלייסיגע הענד האָבען געשאַפען?

אין דער ערנסטער צייט פון אַן אויפשטאַנד, ווען דאָס עלענד טרייבט די אַרבייטער־מאַסען אַרויס אין גאַס, דאַן זיינען עס ווידער דיזע „סאָציאַלע" אינסטיטוציאָנען פון דער רעגירונג, וועלכע פערשפאַרען זיי דעם וועג צו אַ בעסערער צוקונפט. דיזע אינסטיטוציאָנען מוזען צושטעהרט ווערען, און מיר דאַרפען זיין זעהר פאָרזיכטיג, עס זאָל ניט ענטשטעהען פון דאָס ניי אַ נייע אַריסטאָקראַטיע, וועלכע קען נאָר האָבען איין ציעל: צו געניסען וואָס מעהר און וואָס גיכער אויף די רעכנונג פון די, וועלכע זי פרעטענדירט צו בעשיצען. עס שפילט אַ קנאַפּע ראָלע, ווער עס וועט אונז שמייסען; מיר דאַרפען זעהען, אַז מען זאָל אונז איבערהויפּט מעהר ניט שלאָגען און טרעטען מיט די פיס.

לאָמיר ניט פערגעסען, דאָס אונטער וואָס פאַר אַ פאָרמע

־י נייע אויטאָריטעט זאָל זיך ניט פֿאָרשטעלען, ווי מילד זי זאָל ניט פֿערזוכען צו ערשיינען, וואָס פֿאַר פֿערבעסערונגען זי זאָל ניט פֿאָרשלאָגען, אויף וואָס פֿאַר אַ מין שטייגער זי זאָל ניט אויסקלייבען איהרע פֿערטרעטער, וועלען מיר זיך שטענדיג דאַרפֿען רעכענען מיט די פֿאָלגענדע פֿראַגען: אָדער איהרע בעשליסע וועלען האָבען אַ געזעצליכע קראַפֿט און דאַרפֿען אָנ־גענומען ווערען פֿון אַלעמען — אויב אַזוי דאַרפֿען מיר ווייטער האָבען אונזערע אַלע יעצטיגע אינסטיטוציאָנען, אום אויסצו־פֿיהרען די געזעצע, און דאָס וואָלט געהייסען דער אונטערגאַנג פֿון פֿרייהייט; — אָדער אָבער די מענשען וועלען בלייבען פֿריי און אַליין דיסקוטירען אַלע בעשליסע פֿון דער רעגירונג, אויב עס פּאַסט זיי, וועלען זיי דיזע בעשליסע אַנערקענען, אויב ניט וועלען זיי שיקען די רעגירונג צו אַל די שוואַרצע יאָהר; אויב אַזוי, וואָלטען זיי טאַקע געווען פֿריי, אָבער די רעגירונג וואָלט דאַן איבערהויפּט קיין ווערטה ניט געהאַט און וואָלט מעהר ניט געווען ווי אַ קייט פֿון דער פֿערגאַנגענהייט און אַ שטענדיגע געפֿאַהר פֿאַר דער צוקונפֿט.

פֿאָלגליך איז אונזער מאָטאָ: קיין רעגירונג ניט!

# די מאגיסטראטור.

מיר האָבען געזעהן, אַז די אויטאָריטעט נעהמט זיך פֿון דעם רעכט, וועלכעס די געוואַלט האָט זיך אַליין צוגעליינגט. אָבער ווען דער מענשליכער גייסט האָט זיך מעהר ענטוויקעלט און פֿערגרעסערט דאָס פֿעלד פֿון זיין טהעטיגקייט, זיינען די פֿערטהיידיגער פֿון דער אויטאָריטעט געצוואונגען געווען צו רעכטפֿערטיגען איהר עקזיסטענץ, פֿערבונדען מיט רעליגיעזע געפיהלע און שטרעבונגען, און האָבענדיג די אונטערשטיצונג פֿון די פריסטער, האָט די אויטאָריטעט פראָקלאַמירט איהר געטליכען אורשפרונג און געשאַפֿען פֿאַר זיך אַ גאַנץ בעזונדערע קלאַסע, וועלכע איז זאָגאַר מאַנכעסמאָל אימשטאַנד געווען צו אָפּאָנירען געגען די ברוטאַלע געוואַלד פֿון די קעניגע און אַדעל־מענער. אָט אַזוי איז ענטשטאַנען די געריכטס־אָרגאַניזאַציאָן, די מאַגיסטראַטור. ווען די בורזשואַזיע האָט אַריינגענומען אין 1789 די עפֿענטליכע מאַכט אין איהרע הענד, איז זי געווען זעהר פֿאָרזיכטיג ניט צו צושטערען דיזע זייל פֿון דער סאָציאַלער אָרדנונג. און דערפֿאַר האָט זי געזוכט אַ נייע פֿאָרמע פֿאַר דיזע אינסטיטוציאָן, וועלכע זאָל זיין מעהר אין אָנקלאַנג מיט די נייע שטרעבונגען.

דורך די הינריכטונג פֿון לואי דעם 16טען האָט דאָס זאָגענאַנטע געטליכע רעכט פֿון די קעניגע געקראָגען אַ געפֿעהרליכען קלאַפּ, און די מאַגיסטראַטור האָט זיך ניט לענגער געקענט שטיצען אויף דיזעס רעכט, אויב זי האָט ניט געוואָלט ריזיקירען צו האָבען דעמזעלבען שיקזאַל. אָט דערפֿאַר האָט מען ערפֿונדען דאָס געזעץ, אָדער בעסער געזאָגט די פֿערגעטערונג פֿון דעם געזעץ. די מאַגיסטראַטור האָט זיך עטאַבלירט אַלס זיין היטער

און זיין זאָגענאַנטער אונבעשטעכליכער פערוואַלטער. די געשיכטע האָט זיך איינגעגעבען, און איינע פון די שרעקליכסטע און נויטוועגדיגסטע אינסטיטוציאָנען פאַר דער פערטהיידיגונג פון פריוואַט־אייגענטהום איז ענטשטאַנען אַלס די פריסטערין פון דעם נייען גאָט, דעם געזעץ, וועלכעס די נייע הערשער האָבען געשאַפען.

*
* *

די אונטערוואַרפונג פון פראַנקרייך אונטער דער הערשאַפט פון דעם געזעץ איז אין דער ווירקליכקייט איינע פון די ער־פאָלגע פון 1789, וועלכע די בורזשואַזע היסטאָריקער ווערען ניט מיעד פאָרצושטעלען אַלס איינע פון די גרעסטע גוטע טהאַ־טען אין דער געשיכטע. די געזעצליכע איינאָרדנונג פון דער אויטאָריטעט דורך איהרע נייע פערטהיידיגער האָט באַלד געהאַט די ווירקונג צו לעגאַליזירען די שעדליכסטע און נידערטרעכ־טיגסטע האַנדלונגען. פון דאַן אָן זיינען אַלע פראַנצויזען געווען גלייך, און דאָס פאָלק האָט מעהר קיין רעכט ניט געהאַט צו פאָדערן וואָס עס איז. זיי האָבען דאַן מעהר ניט געהאַט ווי איין הערר, פאַר וועלכען אַלע האָבען איינגעבויגען דעם רוקען — דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון גלייכהייט — און דיזער הערר איז געווען דאָס געזעץ.

אָבער מיר, וואָס שטעלען זיך ניט צופרידען מיט פוסטע ווערטער, ווען מיר זוכען אויסצוגעפינען, וואָס דער אַרבייטער האָט אייגענטליך געוואונען דורך דיזען איבערבייט, מיר קענען מעהר ניט זעהן ווי איין זאַך: אַז ער איז רייכער געוואָרען מיט אַ שווינדעל מעהרער. אין דער צייט פון דער אַבסאָלוטער מאָ־נאַרכיע, ווען דער קעניג און די אַדעלמענער האָבען געצוואונגען די בויערן צו דינען זיי אַלס שקלאַפען, איז ניט מעגליך געווען, אַז אַ מענש זאָל זיך אַליין אָבנאַרען וועגען זיין לאַגע. אַלע פעאָדאַלע דעקרעטען פון יענער צייט האָבען זיך געענדיגט מיט די ווערטער: „אָט אַזוי געפעלט עס אונז”, און דיזע ווערטער אַליין האָבען בעוויזען, פון וואַנען דאָס רעכט פון די אַלטע הערשער האָט זיך גענומען. זיי האָבען עס געפאָדערט מיט

דעם רעכט פֿון דעם שווערד, צו וועלכען זיי האָבען געהאַט אַ גרעסערען צוטרוי ווי צו גאָט'ס ווילען; יעדער איינציגער האָט געזעהען, אַז זייערע זאָגענאַנטע רעכטע גרינדען זיך אויף די ברוטאַלע געוואַלט. מען האָט אויסגעפֿיהרט זייערע בעפֿעהלע און זיך אונטערגעוואָרפֿען צו זייערע פֿאָדערונגען, ווייל דאָס פֿאָלק איז ניט געווען אימשטאַנד צו קעמפֿפֿען געגען זיי. אָבער אַם וויינינגסטענס האָט מען דאַן נאָך ניט געוואוסט פֿון אַזעלכע גייסטיגע קריפּעל, וועלכע האָבען ערקלעהרט, אַז מען דאַרף געהאָרכען די בעפֿעהלע פֿון די מעכטיגע, דערפֿאַר וואָס דאָס געזעץ פֿאָדערט עס, און אַז עס איז די פֿליכט פֿון יעדען איינציגען צו פֿאָלגען די בעשטעהענדע געזעצע, ביז וואנען מען וועט זיי איבערבייטען אויף אַנדערע.

* * *

אויב מיר אַנערקענען, אַז מען קען איבערבייטען די געזעצע, דאַן מוזען מיר אויך אַנערקענען די מעגליכקייט, אַז מען קען זיי איבערבייטען אויף ערגערע און מעהר רעאַקציאָנערע געזעצע; אָבער דיזער פֿאַקט אַליין איז אַ שטענדיגע בעליידיגונג פֿאַר די, וועלכע בעלאַנגען צו די פּראָגרעסיווע עלעמענטען פֿון זייער צייט. דאָס געזעץ איז אַלזאָ ניט גערעכט, און עס בעזיצט פֿאַר קיין פֿאַל ניט דיזען הייליגען כאַראַקטער, וועלכען די מענשען האָבען פֿערזוכט איהם צו געבען. אויב דאָס געזעץ שעדיגט מיינע אינטערעסען און פֿערניכטעט מיין פֿרייהייט, וואָס פֿאַר אַן אורזאַכע האָב איך דאַן איהם צו געהאָרכען? און וואו איז דער אָבמאַך, וועלכער זאָל בערעכטיגען דיזען בעטרוג?

* * *

ביי ווימענשאַפֿטליכע פֿראַגען, ווען די געלעהרטע פֿאָרמולירען נאָך לאַנגע אונטערזוכונגען און אַ סך אַרבייט אַ זאָגענאַנטעם נאַטור־געזעץ, איז עס ניט דערפֿאַר, ווייל אַ מאַיאָריטעט אָדער אַ פּאַרלאַמענטאַרישע קערפּערשאַפֿט, בעשטעהענדיג פֿון מענשען, וואָס האָבען זיך איינגערעדט, אַז זיי שטעהען העכער פֿון אַלע אַנדערע, האָבען בעשלאָסען דורך דעם ווילען פֿון זייערע מיטגלידער צו בעשטימען דיזען אָדער יענעם וועג פֿון דער

נאַטירליכער ענטוויקלונג. מיר אַלע וואָלטען זיך אויסגעלאַכט פֿון אַ מענשען, וועלכער זאָל אויפֿשטעלען אַזאַ נאַרישע בעהויפּטונג.

אויב געלעהרטע שטעלען פֿעסט אַ נאַטור־געזעץ, איז עס דערפֿאַר ווייל מען האָט אויסגעפֿונען, אַז ווען עס פֿינדעט שטאַט אַ געוויסע ערשיינונג, אייב עס קומט פֿאָר אַ געוויסע כעמישע פֿערבינדונג, איז עס צוליעב דיזער אָדער יענער קראַפֿט אָדער צוליעב דיזע אָדער יענע נאַטירליכע בעציהונגען; די אומשטענדע, אונטער וועלכע דיזע ערשיינונג האָט זיך אַרויסגעצייגט האָבען עקזיסטירט, אויב ניט, וואָלט זי קיינמאָל ניט שטאַטגעפֿונען. דאָס נייע ענטדעקטע געזעץ האָט אַלזאָ ניט די אויפֿגאַבע צו בעהערשען אַ געוויסע ערשיינונג, נאָר צו ערקלעהרען איהרע אורזאַכען. אַזעלכע געזעצע קען מען אויסגעפֿינען, מען קען צווייפֿלען אין זיי אָדער זיי אין גאַנצען אָבלייקענען; די פֿערשידענע שטאָפֿען, וועלכע שטעלען צונויף אונזער ערד וועלען זיך טראָץ דעם ווייטער פֿערמישען, לויט זייערע נאַטירליכע אייגענשאַפֿטען און עהנליכקייטען, די ערד וועט זיך ווייטער דרעהען אַרום איהר אַקס, ניט נייטיגענדיג זיך אין אַ מאַכט, וועלכע זאָל בעשיצען איהר בעוועגונג און בעשטראָפֿען די, וואָס ווילען ניט אָנערקענען איהרע געזעצע.

אין אונזער געזעלשאַפֿט איז פונקט פֿערקעהרט. ווי עס ווייזט אויס, מאַכט מען ביי אונז די געזעצע, כדי מען זאָל זיי בעליידיגען און האַנדלען געגען זיי. די, וואָס מאַכען די געזעצע, לאָזען זיך, פֿערשטעהט זיך, נאָר בעאיינפֿלוסען פֿון זייערע פערזענליכע מיינונגען, פֿון די אינטערעסען פֿון דער קלאַסע, וועלכע זיי פֿערטרעטען און פֿון דער דורכשניטליכער מאָראַלישער ענטוויקלונג פֿון זייער צייט; זיי קימערט ניט דער כאַראַקטער, די שטרעבונגען און די נאַטירליכע בעציהונגען פֿון דער גרויסער מאַסע, וועלכע איז אונטערוואָרפֿען צו די געזעצע; דאָס וואָלט איבערהויפּט געווען אַ זאַך דער אונמעגליכקייט, ווייל די אינדיווידועלע כאַראַקטערע און שטרעבונגען זיינען צו פֿערשידען. יעדעס שטיקעל אייגענטהום האָט דערפֿאַר זיינע בעזונדערע געזעצע; ווייל אין דער סאָציאָלאָגיע קען עס נאָך ווייניגער געבען

איין איינציגעס און אַלגעמיינעס געזעץ ווי אין די פיזישע וויסענ־
שאַפטען, און אויב מען וויל עס יאָ איינפיהרען, וועט עס זיין
ווילקירליך אונמעגליך אָנצוואווענדען.

אין דער ווירקליכקייט גיט עס אין דער היינטיגער געזעל־
שאַפט קיין איינציגעס געזעץ, וועלכעס זאָל ניט בעליידיגען און
פערוואונדען אַ טהייל פון איהרע מיטגלידער, סיי אין זייערע
מאַטעריעלע אינטערעסען, סיי אין זייערע אידעען, עס גיט קיין
איינציגעס געזעץ, וועלכעס די הערשענדע פאַרטיי זאָל ניט קענען
אָנווענדען געגען איהרע געגנער. יעדע אונגעזעצליכע פאַרטיי
ווערט געזעצליך, ווי באַלד זי בעקומט אַריין די מאַכט אין איהרע
הענד, און איהרע אָנהייגער, וועלכע זיינען פריהער פערפאָלגט
געוואָרען דורך די געזעצע, ווערען אויף אַזאַ אַרט פלוצלונג די
פערטהיידיגער און פאַרשטעהער פון דעם געזעץ.

* * *

פון דעם קען מען שליסען, אַז דאָס געזעץ איז אייגענטליך
ניט אַנדערש ווי דער ווילען פון׳ם שטאַרקסטען; מען איז גע־
צוואונגען צו געהאָרכען, דערפאַר ווייל מען איז צו שוואַך צו
קעמפפען דאַגעגען; די גאַנצע וואונדערבאַרע „געזעצליכקייט" איז
אַלזאָ אין דער אמת׳ן נאָר אַ פראַגע פון מעהר אָדער וויניגער
געוואַלט. אויב געוויסע פורים־שפּיעלער וועלען אַלזאָ בעקעמפ־
פען די אַ־בייטער מיט זייער אַלטער וואַפע, דער געזעצליכקייט,
מעגען זיי זיך רוהיג אויסלאַכען פון זיי און זיי שטעלען די פראַגע,
צו מען האָט דען זיי, די אַרבייטער, געפרעגט, ווען מען האָט
פאַבריצירט די געזעצע. און אויב דאָס פאָלק זאָל אפילו שוין יאָ
צושטימען צו די געזעצע פאַר אַ געוויסע צייט, דאַן קענען זיי
דאָך אויך נאָר אויסגעפיהרט ווע־ען אַזוי לאַנג, ווי די, וואָס
האָבען זיי אָנגענומען, וועלען גלויבען אין זייער ניצליכקייט און
זיי זעהען אויפצוהאַלטען.

עס וואָלט דאָך זיכער געווען אַ לעבערליכע זאַך צו בעהויפּ־
טען, אַז ווייל מיר זיינען איינשטימיג געווען אין אַ געוויסען
מאָמענט פון אונזער לעבען מיט דיזע אָדער יענע פיהרונגען, אָט
דערפאַר זיינען מיר געצוואונגען זיי צו אַנערקענען פאַר אַלע

ציימען, ניט זייענדיג אימשטאַנד זיי צו מאָדיפיצירען, ווייל דאָס וואָלט געווען אונבעקוועם פאַר אַ געוויסע צאָהל מענשען, וועלכע ווילען אויפהאַלטען די יעצטיגע בעדינגונגען, דערפאַר וואָס זיי פּראָפיטירען פון דער געגענווערטיגער אָרדנונג.

אָבער נאָך מעהר לעכערליך איז דער שטרעבען צו אונ־טערוואַרפען אונז צו די געזעצע פון פערגאַנגענע גענעראַציאָנען, די פאָדערונג, אַז מיר זאָלען גלויבען, רעספּעקטירען און אויס־פיהרען די קאַפּריזען, וועלכע איניגע פּראָסטאַקעס האָבען מיט פופציג יאָהר צוריק אַריינגעשריבען אין די געזעץ־ביכער. דיזער שטרעבען מיינט אייגענטליך ניט מעהר און ניט וועניגער ווי צו פערשקלאַפען די געגענוואַרט דורך די אַלטע בעגריפע און אַנ־שויאונגען פון דער פערגאַנגענהייט.

אָט דאָ איז דער פּונקט, וואו אַלע פאַבריקאַנטען פון די געזעצע און די, וואָס מאַכען אַ לעבען פון זיי, קומען אַרויס מיט אַ געגען־בעשולדיגונג: זיי בעהויפּטען נעמליך, אַקוראַט ווי די גרויסע מאַסע, דאָס אָהן געזעצע קען די געזעלשאַפט ניט עקזיס־טירען, אַז איינער וואָלט איבערגעשניטען דעם צווייטען'ס האַלז, ווען מיר וואָלטען ניט געהאַט קיין שיצענדע אויטאָריטעט, וועלכע וואָלט די מענשען געהאַלטען אין מורא און זיי געצוואונגען צו רעספּעקטירען די יעצטיגע בעדינגונגען.

מיר ווילען שפּעטער זעהען, אַז מען הערט ניט אויף צו בעגעהען פערברעכען טראָץ דעם געזעץ, טראָץ דעם צוואַנג, אַז די געזעצע זיינען ניט אימשטאַנד צו אונטערדריקען אָדער צו פערהינדערן פערברעכען, דערפאַר וואָס די פערברעכען זיינען די אונפערמיידליכע פאָלגען פון אונזער יעצטיגער געזעלשאַפט־ליכער אָרדנונג, און אַז מיר דאַרפען פאָלגליך זעהען איבערצו־בייטען דעם יעצטיגען סאָציאַלען סיסטעם, אָנשטאָט צו פער־שווענדען די צייט מיט רעפאָרמירען די געזעצע.

* * *

אָבער אַם מייסטען פיהלען מיר זיך בעליידיגט דורך דעם וואָס געוויסע מענשען זיינען גענוג אונפערשעהמט אַליין צו מאַכען זיך פאַר ריכטער פון די אַנדערע. ווען די אויטאָריטעט האָט זיך

נאָך געשטיצט אויף איהר זאָגענאַנטען געטליכען אורשפּרונג, אַזוי לאַנג ווי מען האָט נאָך געזעהן אין יעדען אורטהייל פון אַ ריכ־טער דעם אויסדרוק פון גאָט'ס ווילען, קען מען פערשטעהען, אַז די פערטרעטער פון דער אויטאָריטעט האָבען זיך אַליין געהאַלטען פאַר אַ בעזונדערע קלאַסע מענשען, צו וועלכע גאָט האָט געגעבען אַ שטיק פון זיין אייגענער אַלמעכטיגקייט און אונפעהלבאַרקייט, כדי זיי זאָלען בעזיצען די פעהיגקייט צו בע־שטראָפען די פראָסטע שעפסען פון דער מענשליכער סטאַדע.

אָבער איין אונזער יאָהרהונדערט פון וויסענשאַפט און פרייער קריטיק, היינט, ווען יעדער ווייס, דאָס אַלע מענשען בעשטעהען פון דערזעלבער מאַטעריע און זיינען אונטערוואָרפען צו דיזעלבע ליידענשאַפטען, דיזעלבע קאַפּריזען, דיזעלבע פעהלער, היינט, ווען די אָבשטאַרבענדע גאָטהייט קען מעהר ניט בעלעבען מיט איהר אָטהעם די בעשריינקטע מענשליכע פערנונפט פון שטערב־ליכע מענשען, היינט פרעגען מיר זיך, ווי אַזוי קומט עס, אַז מענשען זאָלען זיין אַזוי אונוויסענד און איינגעבילדעט צו נעהמען אויף זיך מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט די מורא'דיגע פעראַנטוואָרטליכקייט צו פערניכטען אַ מענשען'ס לעבען אָדער אַ טהייל פון זיין פרייהייט און אונאַבהייגיגקייט ?

* * *

אפילו אין די געוועהנליכע אַנגעלעגענהייטען פון'ם אַלטעג־ליכען לעבען זיינען מיר מייסטענטהיילס ניט אימשטאַנד צו אַנאַליזירען די אורזאַכען, וועלכע טרייבען אונזערע נעכסטע פריינד צו בעגעהן געוויסע האַנדלונגען, נאָך מעהר, מיר זיינען זאָגאַר אָפטמאָל ניט פעהיג צו געפינען אַן ערקלעהרונג פאַר די אייגענטליכע מאָטיווען פון אונזערע אייגענע האַנדלונגען, ווי אַזוי איז אַלזאָ גאָר מעגליך, אַז אַ מענש זאָל שטעלען אויף זיך אַזוי פיעל, אַז ער נעהמט זיך אונטער אויסצוגעפינען דעם אמת אין אַ געוויסער אַפערע, ניט קענענדיג דערפון די אורזאַכע, די מענשען און די מאָטיווען פון זייערע האַנדלונגען, און וויסענדיג, אַז דיזע אַפערע קומט ערשט דאַן פאַר'ן געריכט, נאָכדעם ווי זי איז פריהער איבערטריבען, קאָמענטירט און פערדרייט געווא־

רען דורך די פֿאַלשע פֿאָרשטעלונגען פֿון די, וועלכע זיינען דערביי פֿעראינטערעסירט אויף די איינע אָדער די אַנדערע אַרט, און וועלכע ווייסען אָפֿטמאָל ניט מעהר פֿון דער גאַנצער געשיכטע ווי דאָס, וואָס מען האָט זיי דערצעהלט?

איהר, וואָס איהר מאַכט זיך פֿאַר שטריינגע און אונפֿעהל־באַרע ריכטער פֿון יענעם מאַן, וועלכער האָט געטויטעט אָדער בערויבט אַן אַנדערן, ווייסט איהר די מאָטיוועו פֿון זיין אַקט? זייט איהר בעקאַנט מיט די אומשטענדען, אין וועלכע ער האָט געלעבט, מיט די אייגענשאַפֿטען, וועלכע ער האָט בעקומען בירושה פֿון זיינע עלטערן, אָדער מיט דער געלעגענהייט, וועלכע האָט בעאיינפֿלוסט זיין מוח און אִהם געמאַכט צו בעגעהען זיין מהאָט? איהר, מענער, מיט דער אייזערנער שטריינגקייט, וועלכע גיט אָב אייער אורטהייל איבער דעם „שולדיגען", וועלכען די עפֿענטליכע מאַכט האָט אַויעקגעשטעלט פֿאַר אייער ריכטער־שטוהל, האָט איהר אייך ווען עס איז געשטעלט די פֿראַגע, צו איהר וואָלט ניט אפשר געהאַנדעלט ערגער פֿון דעם „פֿערברע־כער", ווען איהר וואָלט געלעבט אונטער דיזעלבע אומשטענדען, אַרומגערינגעלט פֿון דיזעלבע בעדינגונגען? און ווען איהר וואָלט אפילו שוין יאָ געווען אַזעלכע ריינע, ערהאַבענע און אונפֿעהל־באַרע מענשען, אַזוי ווי איהר שטעלט זיך פֿאַר, איהר, וועלכע האָט די מאַכט צו פֿערניכטען מיט איין גרויזאַמען וואָרט דאָס לעבען און פֿרייהייט פֿון אייערע מיטמענשען, וואָלט איהר זיכער ניט געהאַט דעם מוטה אָבצוגעבען אייער אורטהייל, אויב איהר וואָלט כאָטש איינמאָל ריכטיג נאָכגעדיינקט איבער די מענשליכע שוואַכקייט; אויב איהר וואָלט געהאַט דעם בעוואוסטזיין פֿון אייערע האַנדלונגען, וואָלט איהר זיכער אַוועקגעוואָרפֿען אייער פּראָפֿעסיאָן!

דען ווי אַזוי וואָלט איהר געקענט רוהיג שלאָפֿען? ווי אַזוי וואָלט מעגליך געווען, אַז די גייסטער פֿון אייערע טעגליכע אָפּ־פֿער וואָלטען אייך ניט ערשיענען אין אייערע חלומות? אויב איהר וואָלט ניט אין גאַנצען דורכגעדרונגען געווען פֿון יענער אָפֿיציעלער גלייכגילטיגקייט, וועלכע די נאַרישע געוואוינהייט

ענטוויקעלט ביסלעכווייז, איהר וואָלט אַליין געטויטעט געוואָרען פֿון דער שווערער לאַסט און דעם בייזען געוויסען, וועלכע אייערע אורטהיילע האָבען געשאַפֿען.

* * *

אונזער עפֿאָכע פֿון קריטיק און פּאָזיטיווער וויסענשאַפֿט איז מעהר ניט איינשטימיג מיט דעם אַלטען פּרינציפּ פֿון אַ צוגע־מאָסטענער גערעכטיגקייט, זי אַנערקענט מעהר ניט די לעגיטי־מיטעט פֿון אַ העכערע אויטאָריטערע מאַכט, וועלכע האָט די אויפֿגאַבע צו בעלוינען די גוטע און צו שטראָפֿען די שלעכטע. אָנשטאָט פֿון דיזער אַלטער לעהרע, וועלכע איז געוועזן אין אָנ־קלאַנג מיט די בעגריפֿע פֿון דער צייט וועהרענד אַ געוויסער פֿאַזע אין דער מענשליכער ענטוויקלונג, פּראָפּאַגאַנדירען מיר אַ נייע אידעע, וועלכע איז פּונקט דער געגענטהייל פֿון דער ערשטער.

קיינער פֿון אונז האַלט היינט ניט מעהר אַ טהאַט אַן און פֿאַר זיך פֿאַר גוט אָדער שלעכט, מיט דער אויסנאַהמע ווען זי איז אַנגענעהם אָדער אונאַנגענעהם פֿאַר אונז, און מיר האַנדלען פֿאָלגליך נאָך דיזער אויפֿפֿאַסונג. מיר זיינען איינשטימיג און בעגייסטערן זיך פֿאַר אַ געוויסע טהאַט, מיר פֿערטהיידיגען אָדער אַטאַקירען איהר לויט דעם נוצען אָדער שאָדען, וועלכע זי ברייננגט צו אונזערע אינטערעסען, אונזערע ליידענשאַפֿטען און אונזערע אידעאַלע בעגריפֿע און פֿאָרשטעלונגען. דאָס געמיינשאַפֿטליכע בעדירפֿנים פֿון סאָלידאַריטעט, וועלכעס פֿעראייניגט מענשען, וואָס האָבען צו ליידען פֿון דיזעלבע אָנגריפֿע און זיך צו פֿערטהיידיגען געגען זיי, איז פֿאַר אונז די בעסטע גאַראַנטיע פֿאַר אַ צוקינפֿטיגע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג מיט וועניגער ליי־דען, שמערצען און געגענזייטיגע קעמפֿע ווי די יעצטיגע. מיר זיינען קיינע ריכטער, נאָר מיר אַרבייטען און קעמפֿען, און מיר זיינען איבערצייגט, אַז די פֿרייע האַנדלונגען פֿון אַלע מענשען וועלען אַליין זיין אימשטאַנד אַ־ויסצורופֿען אַן אַלגעמיינע האַר־מאָניע, נאָבדעם ווי עס וועט מעהר ניט געבען קיין פּריוואַט־

איינגענטהום, וואָס זאָל שאַפֿען אַ מעגליכקייט פֿאַר עטליכע פֿערזאָגען צו פֿערשקלאַפֿען זייערע מיטמענשען.

*
* *

מיר קענען פֿאַר קיין פֿאַל ניט אָנערקענען, אַז מיט זעקס וואָכען אָדער מיט זעקס יאָהר שפּעטער נאָך דעם ווי עס איז בעגאַנגען געוואָרען אַ געוויסע טהאַט, זאָלען זיך צונויפֿקלייבען אַ הייפֿעלע מענשען, אונטערשטיצט דורך די בעוואַפֿענטע מאַכט, אום אָבצוגעבען זייער אורטהייל און צו בעשטראָפֿען דעם פֿערורזאַכער פֿון דער טהאַט אין נאָמען פֿון אירגענד וועלכער זאַך. דאָס איז איינפֿאַך היפּאָקריטיש און פֿייג. מען בעשולדיגט אַ מענשען, אַז ער האָט געטויטעט אַ מיטמענשען, און כדי צו איבערציינגען איהם, אז ער האָט געהאַנדעלט ניט ריכטיג, גיט מען איהם איבער צו דעם היינקער, דעם געדונגענעם מערדער פֿון דעם שטאַאַט. דער היינקער און דער ריכטער, וועלכע בעגעהען אַ געזעצליכען מאָרד, שטעהען נאָך נידעריגער פֿון דעם געוועהנליכען מערדער, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען קיין זאַך ניט צו ריזיקירען דורך זייער האַנדלונג און שטעהען אונטער דעם שוץ פֿון דער בעוואַפֿענטער מאַכט.

מיר געפֿינען זיך אין אַ צושטאַנד פֿון קריעג מיט דער הערשענדער קלאַסע, און דערפֿאַר, איהר ריכטער, אַנערקענט איין פֿאַר אַלע מאָל, אַז איהר זייט די ווערקצייג פֿון דער בעזיצענדער קלאַסע און לאָזט אונז צופֿרידען מיט אייערע שעהנע ווערטער און פוסטע פֿראַזען. זעהט ווי אויפֿצוהאַלטען די פּריווילעגיעס, וועלכע איהר פֿערטיידיגט, בענוצט זיך מיט דער געוואַלט, וועלכע די אונוויסענהייט האָט אייך געגעבען, אָבער רעדט ניט אין נאָמען פֿון גערעכטיגקייט, דען זי האָט קיין זאַך ניט צו טהאָן מיט אייערע האַנדלונגען.

*
* *

מיר וואָלטען געוואונשען, איהר ריכטער, אַז איהר זאָלט אַריינפֿאַלען אונשולדיגערהייט אין די הענד פֿון אייער גלייכען און שטעהען אַלס אָנגעקלאָגטע פֿאַר'ן געריכט, אָט דאַן וואָלט איהר אפשר אָנגעהויבען צו פֿערשטעהען די גאַנצע שענדליכקייט

פֿון אייער ראָלע. זייענדיג אַליין אין אַ״אַ לאַנגע וואָלט איהר פֿי־לייכט פֿערשטאַנען ווי פֿיעל אַנגסט און שרעק די מענשען ל״ידען איבער, וועלכע דאָס אונגליק פֿיהרט פֿאַר אייער ריכטערשטוהל, און מיט וועלכע איהר שפּילט זיך ווי די קאַץ מיט דער מויז.

ווען די רעדע פֿון דעם פּראָקוראָר וואָלט זיך געגאָסען אַזוי ווי כוואַליעס איבער אייערע קעפּ, דאַן וואָלטען פֿילייכט ערשי־נען פֿאַר אייערע אויגען די גייסטער פֿון די אַלע אונגליקליכע, וועלכע איהר האָט מקריב געווען אויף דעם מזבח פֿון געזעל־שאַפֿטליכער ראַכע, אויף דעם וועג פֿון אייער קאַריערע, און איהר וואָלט זיך אפשר אַליין געפֿרעגט מיט שרעק, צו אייערע אָפּפֿער זיינען אויך ניט געווען אונשולדיג?

אָה, זיכער, מיר וואָלטען געוואונשען פֿון טיעפֿען האַרצען, דאָס כאָטש איינער פֿון אייך זאָל ווערען פֿאַלש בעשולדיגט און דורכמאַכען אלע ליידען און פֿערצווייפֿלונג פֿון די, וועלכע שטע־הען פֿאַר אייך אַלס אָנגעקלאָגטע. און ווען זיין אונשולד וואָלט זיך ענדליך אַרויסגעצייגט אין אַ שעהנעם טאָג, און ווען מען וואָלט איהם צוריק אַריינגעזעצט אין זיין אַלטע שטעלונג, דאַן איז זעהר לייכט מעגליך, אַז ער וואָלט צוריסען אויף שטיקלאַך זיין יוניפֿאָרמע און זיך געבעטען פֿאַר דער גאַנצער וועלט, מען זאָל איהם מוחל זיין פֿאַר זיין פֿערברעכערישע עקזיסטענץ אַלס אַ ריכטער, וועלכער האָט זיך געשפּילט און געהאַנדעלט מיט מענשליכע לעבענס.

---

# דאס רעכט צו שטראפֿען און די געלעהרטע.

די היינטיגע וויסענשאַפֿט אַנערקענט איינשטימיג, אַז דער מענש איז אַ שפּיעלצייג פֿון אסך קרעפֿטע, צו וועלכע ער איז אונטערוואָרפֿען, און דאָס אַ פֿרייער ווילען עקזיסטירט איבערהויפּט ניט. דער קרייז, וועלכער רינגעלט איהם אַרום, געוויסע אייגענשאַפֿטען, וועלכע ער האָט בעקומען פֿון זיינע עלטערן בירושה, זיין ערציהונג, די קלימאַטישע אומשטענדע, אין וועלכע ער לעבט, דיזע אַלע ערשיינונגען ווירקען אויף דעם מענשען. אַמאָל שטויסען זיי זיך אָב, אַמאָל פֿעראייניגען זיי זיך איינע מיט די אַנדערע, אָבער קיינער וועט ניט אָבלייקענען, אַז זיי האָבען אַ שטאַרקען איינפֿלוס אויף דאָס מענשליכע געהירן, וועלכעס בעוועגט זיך דורך זייער טהעטיגקייט, אַקוראַט ווי די סטרונעס פֿון אַ פֿידעל אונטער די פֿינגער פֿון אַ שפּיעלער.

לויט די אייגענשאַפֿטען, וועלכע ער האָט בעקומען בירושה, לויט זיין ערציהונג און די אומשטענדע, אין וועלכע ער לעבט, וועט דער איינפֿלוס פֿון געוויסע קרעפֿטע אויף אַ מענשען זיין אַ גרעסערער אָדער אַ קלענערער, זיין ווידערשטאַנדס־פֿעהיגקייט געגען אַנדערע קרעפֿטע וועט זיין מעהר אָדער ווייניגער שטאַרק, נאָר פֿון דעסטוועגען איז זיין פּערזענליכקייט שטענדיג אַ פּראָדוקט פֿון דיזע קרעפֿטע.

שטיצענדיג זיך אויף דיזע פֿאַקטען, האָט אַ געוויסע צאָהל פֿון געלעהרטע, מיט טש. לאָמבראָזאָ אָן דער שפּיצע, פֿערזוכט צו בעווייזען די עקזיסטענץ פֿון אַ בעזונדערען פֿערברעכערטיפּ. זיי האָבען זיך שפּעציעל אָבגעגעבען צו ענטדעקען געוויסע אונרעגעלמעסיגקייטען, וועלכע זאָלען, לויט זייער מיינונג, כאַראַקטעריזירען דיזען טיפּ; און נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך אַרומ־

גערׅיסען אַ לענגערע צייט איבער זייער אייגענע ערפינדונג, האָ־
בען זיי געפאָדערט די ענערגישע אונטערדריקונג פון דעם
„געבאָרענען פערברעכער” דורך לעבענסלענגליכע איינשפערונג
א. ז. וו. — דער מענש האַנדעלט אונטער דעם איינפלוס פון
געוויסע אויסערליכע אורזאַכען; פאָלגליך איז ער ניט פעראַנט־
וואָרטליך פאַר זיינע האַנדלונגען. די געלעהרטע אַנערקענען דאָס,
און דערפאַר פאָדערן זיי אונטערדריקונגס־מאַסרעגלען!

מיר וועלען שפעטער נאָך ערקלעהרען דיזען ווידערשפרוך;
פאָרלויפיג וועלען מיר זיך אַביסעל נעהנטער צוקוקען צו די
וויכטיגסטע אונרעגעלמעסיגקייטען, וועלכע אונזערע קרימינאַלאָ־
גען האָבען ענטדעקט, אַלס אַ סימן פון דעם פערברעכער־טיפּ:

אַלטע וואונדען;

אונרעגעלמעסיגקייטען פון דער הויט;

אונרעגעלמעסיגקייטען פון די אויערען און נאָז;

אויסגעשטאָכענע פיגורען אויף'ן קערפּער.

עס גיט נאָך פיעלע אַנדערע סימנים, וועלכע האָבען, נאָך
אונזער מיינונג, אויך קיין גרעסערע בעציהונג צו דעם גייסטיגען
צושטאַנד פון אַ מענשען, ווי די איבען דערמאָהנטע, נאָר אונ־
זער אונקענטניס אין דער אַנאַטאָמיע ערלויבט אונז ניט זיך
גרינדליך צו בעשעפטיגען מיט דיזע אַנדערע צייכענס. אָט דער־
פאַר וועלען מיר זיך בעניגענען מיט די ערשטע.

לאָמיר אָנהייבען מיט די וואונדען: עס איז גאַנץ קלאָהר,
דאָס אַ מענש, וועלכער טראָגט אויף זיך סימנים פון אַלטע
וואונדען, איז דערפאַר נאָך לאַנג קיין געבאָרענער פערברעכער,
איבערהויפּט ווען דיזע וואונדען זיינען געוועזען דער רעזולטאַט פון
אַן אונגליק ביי דער אַרבייט, אָדער ווען ער האָט זיי בעקומען,
ריזיקירענדיג זיין לעבען, אום צו ראַטעווען אַ מיטמענשען. ביז
יעצט זיינען מיר אימער געווען מיט דער מיינונג, דאָס אַ פער־
ברעכער זוכט גיכער צו פערוואונדען אַנדערע; נאָר ווי
עס ווייזט אויס, איז די מיינונג פון דער וויסענשאַפט
פונקט פערקעהרט — זי זוכט די וואונדען ביי דעם פערברעכער
און ניט ביי זיין אָפּפער!

וואָס אָנבעלאַנגט די אונרעגעלמעסיגקייט פֿון די אויערען און נאָז, האָבען מיר ביז יעצט פֿאַר קיין פֿאַל ניט געקענט אויסגעפֿינען, וואָס דאָס האָט אייגענטליך צו טהאָן מיט דעם צושטאַנד פֿון געהירן. לאָמבראָזאָ אַליין גיט צו, אַז פֿיעלע סימנים, וועלכע ער בעטראַכטעט פֿאַר אונרעגעלמעסיגקייטען, געפֿינען זיך זעהר אָפֿט ביי אַזעלכע פערזאָנען, וועלכע ער אַליין רופֿט אָן אַנשטענדיגע מענשען. הייסט עס אַלזאָ, אַז דיזע אונרעגעל־מעסיגקייטען אָדער אויסנאַהמען האָבען יאָ אין זיך אַ געוויסע פֿערוואַנדשאַפֿטליכקייט צו די אַלגעמיינע און נאָרמאַלע ערשיי־נונגען. ביז יעצט האָבען מיר אימער געגלויבט, דאָס אַן אונרע־געלמעסיגקייט, אַן אויסנאַהמע איז אַזאַ מין ערשיינונג, וועלכע האָט איבערהויפט קיין פֿערוואַנדשאַפֿטליכקייט ניט מיט די נאָר־מאַלע און רעגעלמעסיגע ערשיינונגען פֿון לעבען. נאָר ווי עס ווייזט אויס, זיינען די אויפֿפֿאַסונגען פֿון לאָמבראָזאָ'ם וויסענ־שאַפֿט אין דיזער בעציהונג פינקט פֿערקעהרט. דיזער טרויעריגער ווידערשפרוך איז ווייטער אַ בעווייז, וואָס עס קומט אַרויס, ווען מענשען פֿערקריכען זיך אין אַ בעשטימטען ווינקעל פֿון וויסענ־שאַפֿטליכער טהעטיגקייט, ביז וואַנען זיי פֿערלירען יעדע בריי־טערע און אַלגעמיינע אויפֿפֿאַסונג און בעטראַכטען צולעצט יעדע ערשיינונג פֿון זייער איינזייטיגען און בעשריינקטען שטאַנד־פונקט.

* * *

עס איז זיכער קיין אַ־געגנעהמע זאַך פֿאַר אַ מענשען אַרומ־צושלעפען זיך מיט אַ ניט געראָטענע נאָז אָדער שלעכט גע־פֿאָרמטע אויערן, איבערהויפט ווען דיזער קערפּערליכער פֿעהלער איז אַזעלכער, אַז דאָס גאַנצע געזיכט באַקומט דעדורך אַ לע־בערליכען און קאָמישען אויסדרוק; אַזעלכע ערשיינונגען מאַכען אָפֿטמאָל אַ שלעכטען איינדרוק אויף אַנדערע מענשען, שוין ניט רעדענדיג, אַז זיי זיינען פֿערבונדען מיט שטענדיגע ליידען פֿאַר דעם, וועלכער דאַרף זיך דערמיט אַרומשלעפען. אַזאַ מענש האָט שוין גענוג מיט זיין פעקעל צרות, אפילו ווען מען זאָל איהם ניט בעטראַכטען פֿאַר אַ „געבאָרענעם פֿערברעכער“.

אויב מיר זאָלען אָננעהמען לאָמבראָזאָ'ס מהעאָריע פֿאַר ריכ־טיג און דערפֿון ציהען די לאָגישע קאָנסעקווענצען, דאַן וואָלטען מיר געדאַרפֿט אַרויפֿלייגען אַ פֿליכט אויף יעדע העבאַם, אויף יעדען דאָקטאָר, זיי זאָלען טויטען אַלע ניי־געבאָרענע קינדער, וועלכע קומען אויף דער וועלט מיט ניט גראַטענע אויערען אדער אַ מיאוסע נאָז. יעדער פֿלעק, יעדער סימן קען דאָך זיין אַן אָנדייטונג פֿאַר אונזערע שוואַרצע פֿערברעכערישע אינסטינקטען! איך פערזענליך דערמאָהן זיך צ. ב. ש. אויך, אַז איך האָב ער־געץ וואו אויף מיין קערפער... איינינגע פֿון דיזע פֿערדעכטיגע סימנים; איך בין אַן אַנאַרכיסט, און פֿאַר אַ געווויסע סאָרט מענשען איז דאָס שוין אַ גענוגענדער בעוויז פֿאַר מיינע פֿער־ברעכערישע נייגונגען, און עס וואָלט מיר גאָר ניט געוואונדערט, ווען זיי וואָלטען געשריהען: „טויטעט איהם! טויטעט איהם! די מהעאָריע פֿאָדערט, אַז ער מוז שטאַרבען אויף דער תליה!"

איך האָב שטארק מורא, אַז עס וואָלט ניט איבערגעבליבען קיין סך מענשען, ווען מען זאָל אָנוועגדען אויף זיי דיזע מהעאָריע; אָבער ווי פֿאָלקאָמען וואָלט דאן געווען די מענשהייט אי גייס־טיג און אי קערפערליך!

* * *

וואָס אָנבעלאַנגט די געוואוינהייט פֿון געוויסע מענשען אויסצוזשמעכען זיך פֿיגורען אויף'ן קערפער, האָבען מיר דאָס ביז יעצט קיינמאָל ניט בעטראַכטעט פֿאַר אַ צייכען פֿון אַ גוט ענטוויקעלטען עסטעטישען געשמאַק; פֿערקעהרט, מיר זיינען שטענדיג געווען מיט דער מיינונג, אַז עס איז ניט מעהר ווי אַן איבערבלייבעכץ פֿון אונזערע אורעלטערן אויס דער שטיין־צייט, ווען געוויסע מענשען זוכען צו „פֿערגרעסערן זייער נאַטירליכע שעהנהייט" דורך אַזעלכע מיטלען, ווי אויסשטעכען בילדער אין פֿיגורען אויף זייער הויט. דעם זעלבען אַטאַוויזם געפֿינען מיר אויך ביי פֿיעלע פֿרויען, וועלכע לאָזען זיך שטעכען די אויערען, אום אָנצוטהון אויערינגלאַך, אַקוראַט ווי די באָטאָקודען אין בראַזיליען אָדער געוויסע נעגער־שטאַמען אין אַפֿריקאַ און אויי־סטראַליען, וועלכע שטעכען זיך די ליפען, נעזער און אויערען,

אום צו „פערגרעסערן זייער שעהנהייט", אָנהייגנענדיג דאָרטען שטיקלאַך האָלץ אָדער מעטאַל.

מיר זעהען אין דעם נאָך אַ קליינעם איבערבלייבעכץ פון די אַלטע פרימיטיווע מנהגים, אָבער מיר האָבען ביז יעצט קיינ־מאָל ניט בעמערקט, אַז דיזע געוואוינהייטען זיינען אַ צייכען פון ווילדקייט און פערברעכערישע אינסטינקטען. נאָר נאָך דעם ווי לאָמבראָזאָ האָט אונז בעלעהרט אין דיזער בעציהונג, האָפען מיר, אַז מיר וועלען אין גיכען פטור ווערען, ניט בלויז פון די, וואָס שטעכען זיך אוים פיגורען אויף'ן קערפער, נאָר אויך פון די, וועלכע טראָגען אויערריגגלאַך און פאַרבען זיך די האָר.

לאָמבראָזאָ האָט זיך אויך געגעבען די גרעסטע מיה צו ענטדעקען אַ זאָגענאַנטען „פּאָליטישען פערברעכער־טיפּ" און די סימנים, וועלכע ער האָט אויסגעפונען, אום צו בעווייזען די טהע־אָריע זיינען פונקט אַזוי פאַנטאַסטיש ווי די אַנדערע, פון וועלכע מיר האָבען גערעדט בעפאָר; נאָר מיר וועלען איהם ניט נאָכ־פאָלגען אויף דיזעם געביעט ווייל עס וואָלט אונז אַיועקגעפיהרט צו ווייט פון אונזער אייגענטליכען פונקט — און דערפאַר וועלען מיר זיך בעסער נעהמען צו קריטיקירען דעם זאָגענאַנטען קרימי־נאַליזם אין אַלגעמיין.

* * *

אין דיזער בעציהונג האָבען זיך שוין איינגע שאַרפזיניגע געלעהרטע גענומען צו דער אַרבייט און געמאַכט אַ קריטישע אונטערזוכונג פון די אַביסעל צו פאַנטאַסטישע טהעאָריען פון דער קרימינאַליסטישער שולע; דיזע מענער האָבען קלאָהר און דייטליך אויפגעצייגט, אַז די לעהרע פון בעזונדערע פערברעכע־רישע כאַראַקטערע האָט איבערהויפט קיין פונדאַמענט ניט.

איינער פון זיי, דר. מאַנואווריע, אין זיינע פאָרלעזונגען איבער „קרימינאַלע אַנטהראָפאָלאָגיע", וועלכע ער האָט געגעבען פאַר דער אַנטהראָפאָלאָגישער געזעלשאַפט אין 1891־1890, האָט ווידערלייגט אויף אַ גלענצענדען אופן די טהעאָריען פון לאָמבראָזאָ און דער גאַנצער קרימינאַליסטישער שולע, וועלכע אַנערקענען די לעהרע פון דעם „געבאָרענעם פערברעכער". פרי־

הער פֿון אלעס ציִיגט אונז דר. מאַנואווריע, אַז די גאַנצע מעטהאָדע, וועלכע דער איטאַליענישער פּראָפֿעסאָר און זיינע אָנהייִנגער ווענדען אָן, אום פֿעסטצושטעלען דעם זאָגענאַנטען „פֿערב־עכער טיפּ", איז אַ פֿאַלשע, דערפֿאַר וואָס זייערע אונטערזוכונגען האָבען זיך אויסשליסליך בעשעפֿטיגט מיט אזעלכע אינדיווידוען, וועלכע האָבען שוין געטראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פֿון'ם געפֿענגנים־לעבען אָדער פֿון אַן אונאָרמאַלער עקזיסטענץ. דערנאָך ערקלעהרט ער, אַז מענשען מעגען אפשר האָבען דיזע אָדער יענע נייגונגען, וועלכע גיבען זיי די פֿעהיגקייט אויסצופֿיהרען אַזאַ און אַזאַ טהאַט; אָבער דאָס בעווייזט נאָך ניט, אַז זיי זיינען געצוואונגען דורך דעם בעזונדערען צושטאַנד פֿון זייער געהירן אָדער סקעלעט צו בעגעהען דיזע טהאַט און צו ווערען דאָס, וואָס מען רופֿט פֿערברעכער. געוויסע פֿעהיגקייטען קענען אַ מענשען דערצו ברייִנגען צו בעגעהן אַ געוויסע טהאַט, אָבער עס ווענדט זיך אין גאַנצען אָן די אומשטענדע, צי דיזער אַקט זאָל בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ העלדישע טהאַט, צי אַלס אַ פֿערברעכען.

לאָמיר זיך בענוצען מיט אַ ביישפּיעל: אַ מאַן, וועלכער איז קערפּערליך זעהר שטאַרק, קען אין אַ מאָמענט פֿון גרויסער אויפֿרעגונג דערווערגען אַ צווייטען מענשען; אָבער די זעלבע טהאַט קען אויך בעגאַנגען ווערען פֿון דעם פּאָליציסט, וועלכער זאָל אַרעסטירען אַ פֿערברעכער, אויב ער האָט נאָר דיזעלבע קערפּערליכע קרעפֿטע. ווילדע אינסטינקטען, זיך אויסלאַכען פֿון יעדער געפֿאַהר, צו פֿעראַכטען דעם טויט, דאָס אַלעס זיינען די געפֿעהרליכע אייגענשאַפֿטען פֿון אַ פֿערברעכער, אָבער דאָס זעלבע איז אויך די העכסטע טוגענד פֿון אַ סאָלדאַט. אַ כיטרע קעפּעל איז אַ גוטע אייגענשאַפֿט פֿאַר אַ שווינדלער, וועלכער האַלט אין איין אויסקלערען פּלענער פֿון גנבה און בעטרוג; אָבער דיזעלבע אייגענשאַפֿט קען אויך מאַכען פֿון אַ מענשען אַ גוטען דעטעקטיוו אָדער אַ קלוגען אונטערזוכונגס־ריכטער.

* * *

זייענדיג דורכגעדרונגען פון דער וואהרהייט פון זיינע ארגומענטען, אנערקענט לאמבראזא פון דעסטוועגען, אז עס איז אפטמאל זעהר שווער צו מאכען אן אונטערשיעד צווישען א זאגענאנטען פערברעכער און א זאגענאנטען אנשטענדיגען מאן, און ער גיט זאגאר צו, אז פיעלע אינדיווידוען שפאצירען זיך גאנץ צופרירען ארום אין דער וועלט, וועלכע וואלטען אייגענטליך בעדארפט זיצען אין געפענגנים, און פערקעהרט.

און נאך דעם ווי ער האט אנערקענט, צוזאמען מיט אלע אנדערע געלעהרטע, אז דער מענש איז אייגענטליך ניט מעהר און ניט וויניגער ווי א שפיעלצייג פון אלע די אומשטענדע, וועלכע ווירקען אויף איהם, און וועלכע בעשטימען אין יעדען מאמענט זיינע האנדלונגען; נאך דעם ווי ער האט אליין אבגעלייקענט דעם פרייען ווילען און אנערקענט, אז די גערעכטיגקייט איז בלויז אן אויסגעטראכטע זאך, אז זי איז אין דער ווירקליכקייט ניט אנדערש ווי די ראכע פון דער געזעלשאפט, וועלכע האט זיך אליין געמאכט צום ריכטער פון דעם אינדיווידואום, וועלכעס האט איהר בעליידיגט, נאך דעם ווי לאמבראזא האט דאס אלעס אליין צוגעגעבען, שטעלט ער זיך פלוצלונג אב אין מיטען וועג; צוערשט פערטהיידיגט ער געוויסע אויפפאסונגען, וועלכע בריינגען איהם זעהר נאהנט אין בעריהרונג מיט די אנארכיסטען, נאר פלוצלונג קומט ער צו דעם שלוס, אז די געגענווערטיגע בעשטראפונגען זיינען ניט גענוג שטריינג, און אז מען דארף זיי מאכען שווערער און גרויזאמער. אמת, ערקלעהרט אונז, אז דאס איז נויטוועגדיג, אום אויפצוהאלטען די געזעלשאפט. אזעלכע אקטען, וועלכע מיר בעטראכטען פאר פערברעכען, זאגט ער, זיינען א געפאהר פאר דער געזעלשאפט; די געזעלשאפט האט אבער א רעכט זיך צו פערטהיידיגען, און פערנעהמענדיג דעם פלאץ פון אן אינדיווידועלער ראכע, בעשטראפט זי די, וואס האבען איהר בעאונרוהיגט, מיט אזעלכע מיטלען, וועלכע זיינען גענוג שטארק צו דערשטיקען אין זיי דעם וואונש פארטצוזעצען זייערע פערברעכערישע האנדלונגען.

* * *

ווי אַזוי ערקלעהרט זיך דיזער אונגעהייערער ווידערשפּרוך צווישען אַזעלכע ברייטע אויפֿפֿאַסונגען און אַזעלכע קליינגייסטיגע שליסע? ווי אַזוי איז מעגליך, אַז דער איטאַליענישער פּראָפֿעסאָר האָט אַליין ניט פֿערשטאַנען, אַז די שליסע, וועלכע ער האָט געצויגען, מאַכען פֿון דער גאַנצער טהעאָריע אַ לעכערליכע און אַבסורדע בעהויפּטונג? מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז לאָמבראָזאָ אַליין איז ניט פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דיזען ווידערשפּרוך, וועלכער איז ניט אַנדערש ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער מענשליכער אונפֿאָלקאָמענהייט.

דער מענש איז ניט אַלוויסענד! דער געלעהרטער, וועלכער גיט זיך איבער מיט זיין גאַנצער וועלע צו זיין שטודיום, בעקומט צולעצט אַ געוואַלטיגע שאַרפֿזיניגקייט אין דעם בעשטימטען צווייג פֿון דער וויסענשאַפֿט, וועלכען ער האָט זיך אויסגעקליבען. דורך אַסך רעדוקציאָנען לייזט ער די שווערסטע פּראָבלעמען, וועלכע קומען פֿאָר אין דעם בעזונדערן צווייג פֿון דער מענשליכער וויסענשאַפֿט, מיט וועלכען ער בעשעפֿטיגט זיך. אָבער ווייל ער האָט ניט די מעגליכקייט צו שטודירען אַלע וויסענשאַפֿטען פֿון די סאָציאַלע ערשיינונגען, בלייבט ער הינטערשטעליג הינטער דעם פּראָגרעס פֿון די אַנדערע וויסענשאַפֿטען. און ווען ער פֿערזוכט צוצופּאַסען זיינע וואונדערבאַרע ענטדעקונגען צו אַנדערע מענשליכע אויפֿפֿאַסונגען, טרעפֿט עס זעהר אָפֿט, אַז ער געהט אַראָב פֿון ריכטיגען וועג און ציהט צולעצט גאַנץ פֿאַלשע שליסע פֿון אַ וואַהרהייט, וועלכער ער האָט אַליין ענטוויקעלט.

און ווירקליך, ווען די אַנטהראָפּאָלאָגען, וועלכע האָבען שטודירט דעם מענשען און איהם אַנאַליזירט און דורך דעם בעקומען אַ געוויסעס פֿערשטענדניס פֿון זיין אמת'ער נאַטור, ווען די זעלבע אַנטהראָפּאָלאָגען וואָלטען אין דערזעלבער צייט אויך שטודירט די סאָציאָלאָגיע מיט דעם זעלבען ערפֿאָלג, ווען זיי וואָלטען אַנאַליזירט אַלע סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען, וועלכע פֿערשקלאַפֿען אונז און זיי געמאָסטען מיט דעם מאַסשטאַב פֿון דער פֿערנונפֿט, וואָלטען זייערע שליסע און בעטראַכטונגען זיכער בעקומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער.

* * *

אויב דיזע געלעהרטע אָנערקענען, אַז דער מענש האַנדעלט אונטער דעם איינפֿלוס פֿון אויסערליכע אורזאַכען, דאַן וואָלט זייער ערשטע אויפֿגאַבע געדאַרפֿט זיין צו זעהן אויסצוגעפֿינען דיזע אורזאַכען. שטודירענדיג דעם זאָגענאַנטען „פֿערברעכער" און זיינע האַנדלונגען, וואָלטען זיי פֿריהער פֿון אַלעם געדאַרפֿט זעהן צו בעגרייפֿען די אייגענטליכע מאָטיווען פֿון אַזעלכע האַנדלונגען און אונטערזוכען, וואַרום זיי שטעהען ניט אין אָנקלאַנג מיט די געזעצע פֿון דער געזעלשאַפֿט. אָבער דער איינפֿלוס פֿון זייער אומגעבונג, די פֿאָראורטהיילע פֿון זייער ערציהונג, זייער רעלאַטיווע אונוויסענהייט אין אַנדערע וויסענשאַפֿטליכע פֿראַגען, וועלכע זיי האָבען ניט שטודירט, ווירקען אַזוי שטאַרק אויף זייערע גייסטיגע פֿאָרשטעלונגען, אַז זיי מוזען ענדליך קומען צו אַזעלכע שליסע, וועלכע זיינען אַזוי גינסטיג פֿאַר דער היינטיגער אָרדנונג. זיי גיבען אפילו צו, אַז דער געגענווערטיגער צושטאַנד איז שלעכט און פֿאָדערן זאָגאַר געוויסע קליינע פֿערבעסערונגען צו גונסטען די בעזיצלאָזע, אָבער זיי זיינען ניט אימשטאַנד אַריבער־צוגעהן דעם גרענעץ פֿון זייערע אויטאָריטערע פֿאָרשטעלונגען. זיי האָבען זיך שוין אַזוי פֿיעל צוגעוואוינט צו פֿיהלען אויף זיך די לייצעם און דעם בייטש פֿון'ם קוטשער, אַז זיי בעטראַכטען דיזען צושטאַנד אַלס אַ גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג; די אונאַבהייניגסטע פֿון זיי וואָלטען אפילו יאָ צופֿריעדען געווען צו זיין פֿריי, אָבער זיי פֿאָדערן די פֿרייהייט נאָר פֿאַר אַ קליינע מינאָריטעט און קענען זיך פֿאַר קיין פֿאַל ניט פֿאָרשטעלען, אַז די מענשהייט אין אַלגעמיין זאָל קענען עקזיסטירען אָהן לייצעם, אָהן געפֿענגניסע און אָהן קייטען.

* * *

אויב מיר נעהמען זיך צו שטודירען די פֿערברעכען, וועלכע זיינען אַם מייסטען געגען דער געזעלשאַפֿט, וועלכע פאַסירען טאָג־טעגליך און געגען וועלכע עס ריכטען זיך די מייסטע פֿון אונזערע היינטיגע געזעצע, וועלען מיר באַלד אויסגעפֿינען, אַז מיט דער אויסנאַהמע פֿון איינציגע זעהר־זעלטענע האַנדלונגען, וואָס ווערן בעגאַנגען אין אַ צושטאַנד פֿון ליידענשאַפֿט, און

וועלכע אונזערע ריכטער און דאָקטוירים בעטראַכטען איינשטימיג אַלס די פּראָדוקטען פֿון אַ קראַנקהאַפֿטען צושטאַנד, זיינען די גרויסע מעהרצאַהל פֿון אַלע זאָגענאַנטע פֿערברעכען ניט אַנדערש ווי אַטאַקען אויף דאָס פּריוואַט־אייגענטהום. דיזער אונבעשטרייט־באַרער פֿאַקט מוז אָבער ביי יעדען איינציגען, וועלכער שטודירט נאָר דעם אייגענטליכען כאַראַקטער און די ווירקונגען פֿון'ם געזעלשאַפֿטליכען לעבען, אַרויסרופֿען די פֿראַגע: „איז דאָס פּריוואַט־אייגענטהום אַ גערעכטע אינסטיטוציאָן? קען מען איבערהויפּט פֿערטהיידיגען אַזאַ אינסטיטוציאָן, וועלכע רופֿט אַרויס אַזאַ גרויסע צאָהל פֿון פֿערברעכען?"

אויב דער יעצטיגער סיסטעם פֿעראורזאַכט אַזוי פֿיעל פֿערברעכען, וועלכע זיינען ניט אַנדערש ווי די אונפֿערמיידליכע פֿאָלגען פֿון די היינטיגע צושטענדע, דאַן בעווייזט עס קלאָהר און דייטליך, אַז ער איז אונפֿערנינפֿטיג און אונגערעכט, אַז ער איז ניט דער אויסדרוק פֿון די אַלגעמיינע אינטערעסען, און אַז דער געזעלשאַפֿטליכער פֿערבאַנד גרינדעט זיך ניט אויף די איינשטימיגקייט און דעם פֿרייען אָבמאַך פֿון אַלע מיטגליעדער, זאָנדערן אויף די ווילקירליכע בעשטימונגען און אונטערדריקונג. אָט דאָס איז דער פּונקט, וועלכען מיר דאַרפֿען בעהאַנדלען; אויב מיר אָנערקענען, אַז די געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן איז די אייגענטליכע אורזאַכע פֿון דעם איבעל, דאַן מוזען מיר קומען צו דעם שלוס, אַז כדי אָבצושאַפֿען די פֿערברעכער, דאַרפֿען מיר פֿריהער אָבשאַפֿען דעם יעצטיגען געזעלשאַפֿטליכען צושטאַנד.

שאַפֿט אַ געזעלשאַפֿט, וואו יעדער מענש זאָל קענען בעפֿרידיגען זיינע נאַטירליכע בעדירפֿניסע, וואו קיינער זאָל ניט פֿערהינדערן זיין פֿרייע ענטוויקלונג און וואו עס גיט ניט קיין מעגליכקייט, אַז איינער זאָל קענען פֿערשקלאַפֿען דעם אַנדערן — און מיר וועלען באַלד פּטור ווערען פֿון די פֿערברעכען; עס וועלען מעהר ניט איבערבלייבען ווי אייניגע אויסערגעוועהנליכע כאַראַקטערע, וועלכע זיינען שוין אויף אַזוי פֿיעל קאָרומפּירט און דעגענערירט געוואָרען דורך די יעצטיגע געזעלשאַפֿטליכע אומשטענדען, אַז זיי וועלען אפשר פֿערזוכען צו בעגעהן געוויסע פֿערברעכערישע

האַנדלונגען. אָבער דיזע אויסנאַהמען זיינען פּראָדוקטען פֿאַר דער ווייסענשאַפֿט און ניט פֿאַר דעם היינקער, וועלכער איז אין דער ווירקליכקייט ניט אַנדערש ווי דער בעצאָהלטער מערדער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער און אויטאָריטערער געזעלשאַפֿט.

* * *

איהר בעהויפּטעט, אַז איהר פֿיהרט אָן אַ קאַמפּף געגען גנבים און מערדערס, אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס אַ גנב אָדער אַ מערדער? אַ גנב איז אַזאַ מענש, וועט איהר אונז ענטפֿערן, וועלכער לעבט, ניט אַרבייטענדיג, אויף דעם רעכנונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. אָבער גיט נאָר אַ קוק אויף אייער געזעלשאַפֿט, און איהר וועט באַלד אויסגעפֿינען, אַז זי איז פֿול מיט גנבים, נאָר פֿון דעסטוועגען זוכט מען זיי ניט צו בעקעמפֿפֿען, פֿערקעהרט, זיי שטעהען אונטער דעם בעזונדערן שוץ פֿון אונזערע געזעצע. די היינטיגע געזעלשאַפֿט דיינקט אפילו ניט צו בעשטראָפֿען די פֿוילקייט, פֿערקעהרט, זי בעטראַכט איהר זאָגאר פֿאַר אַן אידעאַל און איז פֿאָלקאָמען צופֿרידען מיט די, וועלכע לעבען אַ גוטען טאָג, ניט אַריינלייגענדיג קיין פֿינגער אין קאַלטע וואסער, אַזוי לאַנג ווי זיי האָבען נאָר די נייטיגע מיטלען פֿאַר זייערע פֿער־גניגונגען — פֿון וואַנען זיי נעהמען דיזע מיטלען, שפּילט קיין ראָלע ניט.

איהר בעשטראָפֿט דעם אונגליקליכען אַלס אַ גנב, וועלכער האָט ניט קיין אַרבייט און ריזיקירט זיין פֿרייהייט, צונעהמענדיג אַ שטיק ברויט, אום איינצושטילען זיין הונגער; אָבער איהר נעהמט אַראָב דאָס היטעל און פֿערבייגט זיך פֿאַר דעם רייכען מאָנאָפּאָליסט, וועלכער האָט מיט דער הילפֿע פֿון זיין קאַפּיטאַל צוגענומען אַלצדינג, וואָס עס איז נויטווענדיג צום לעבען פֿאַר אַלעמען, כדי ער זאָל עס קענען פֿערקויפֿען מיט אַ געוואַלטיגען פּראָפֿיט. איהר שטאָלצירט דערמיט, ווען אַ רייכער פֿינאַנץ־מאַן גיט אייך אַן אוידיענץ, ווייסענדיג, אַז ער האָט רואינירט טויזענ־דער פֿאַמיליען דורך אַ גרויסען בערזען־שווינדעל, דורך וועלבען ער האָט געוואונען מיליאָנען.

איהר בעשטראָפֿט דעם פֿערברעכער, וועלכער רואינירט אַ מענשען, כדי צו קענען בעפֿרידיגען זיינע פֿילע און פּאַראַזיטישע בעדירפֿניסע, אָבער איז דען דיזער שטרעבען צו פֿוילקייט און צו לעבען אויף יענעמ'ס רעכנונג, איז דען דאָס ניט דער פֿונדאַמענט פֿון אייער געזעלשאַפֿט? איהר בעשטראָפֿט איהם, איהם, וועלכער רואינירט נאָר איינצעלנע מענשען, אָבער איהר שיקט אַרויס גאַנצע אַרמעען און רואינירט גאַנצע פֿעלקער, וועלכע זיינען ניט אימשטאַנד זיך צו פֿערטהיידיגען. איהר פֿערדאַמט דעם מערדער, וועלכער טויטעט אַ מענשען, אָבער איהר טאָלערירט און רעספּעקטירט דעם אויסבייטער, וועלכער פֿערניכטעט גאַנצע גענעראַציאָנען דורך האַרטע און לאַנגע אַרבייט, שלעכטע בעצאָהלונג און עלענדע בעדינגונגען. אָט מיט דיזען אויסבייטער סימפּאַטיזירט איהר און אויב עס איז נייטיג, וועט איהר איהם בעשיצען מיט אייערע אַלע קרעפֿטע. איהר זייט די גרויזאַמע היטער פֿון דעם געזעץ, און ווען איהר זעהט, אַז די עקספּלאָאַטירטע מאַסע הויבט נאָר אַביסעל אויף דעם קאָפּ און פֿאָדערט נאָך אַ שטיקעל ברויט אָדער קלענערע אַרבייטס־שטונדען, דאַן זייט איהר באַלד פֿאַרטיג צו פֿערטהיידיגען די אינטערעסען פֿון די פּריוויליגירטע געגען די „אונפֿערשעמטע" פֿאָדערונגען פֿון די הונגעריגע און באָרפֿוסיגע.

איהר בעשטראָפֿט דעם הונט־קאָפּ, וועלכען איהר כאַפּט אַריין אין אייער נעץ, אָבער דעם גרויסען שווינדלער, וועלכער לאָזט זיך ניט כאַפּען, איהם לאָזט איהר צורוה. דעם וואַגאַבונד, וועלכער האָט גענומען אַן עפּעל פֿון פֿעלד, איהם זעצט איהר אַריין אין טורמע, אָבער דעם רייכען בעל הבית, וועלכער נעהמט צו פֿון אַן אָרעמען אַרבייטער זיינע אַלע מעבעל, וועלכע זיינען אַ טהייל פֿון זיין עקזיסטענץ, און פֿאַר וועלכע ער האָט בעצאָהלט פֿיער אָדער פֿינף הונדערט פֿראַנק, דערפֿאַר וואָס ער שולדעט איהם פֿופֿציג פֿראַנק דירה געלד, איהם בעשיצט איהר מיט אייערע געזעצע און פּאָליציסטען.

אייער גערעכטיגקייט איז שטענדיג גרויזאַם און ברוטאַל, ווען עס האַנדעלט זיך אום אַ גנב אין שמאַטעס, אָבער זי בעשיצט

אימער די גנבים, וועלכע בערויבען אַ גאַנצע קלאַסע, אַ גאַנצע נאַציאָן. וואָס פֿאַר אַ צוועק האָבען דען אייערע אַלע אינסטיטוציאָנען, אויב ניט צו פֿערזיכערן דאָס אייגענטהום פֿון דעם בעזיצער, וועלכעס ער האָט צוגענומען פֿון אַנדערע?

* * *

אַם מייסטען פֿערדריסט אונז דיזע היפּאָקריטישע פֿאָרמע, מיט וועלכער מען בענוצט זיך, אום דעם גאַנצען שווינדעל צו געבען דעם כאַראַקטער פֿון אַ הייליגער אינסטיטוציאָן. דיזע גאַנצע טרויעריגע קאָמעדיע, וועלכע די בורזשואַזיע פֿיהרט אָן, ווייל זי איז צו פֿייג צו ערקלעהרען אָפֿען און פֿריי איהרע סאָציאַלע שטעלונגען.

נאָר אַם נידעריגסטען איז די האַלטונג פֿון דיזע אַלע מאַרקשרייערס, וועלכע פּרעטענדירען צו בעקעמפּפֿען דעם יעצטיגען רעזשים, נאָר אין דער ווירקליכקייט בעקעמפּפֿען זיי בלויז די מענער, וועלכע ווענדען אָן די געזעצע, ד. ה. זיי אַנערקענען דעם אינהאַלט, נאָר זיי זיינען ניט איינשטימיג מיט דער אַרט און ווייזע ווי מען בענוצט זיך מיט די געזעצע; יעדער איינציגער פֿון דיזע שאַרלאַטאַנען בעהויפּטעט, אַז ער אַליין ווייסט די ריכטיגע מעטהאָדע ווי אָנצואווענדען די געזעצע, און אַז צווישען די אַלע מענער, וועלכע שטרעבען צו פֿערכאַפּען די פּאָליטישע מאַכט, געפֿינט זיך איינער, וועלכער איז גענוג עהרליך און פֿיעלזייטיג אין זיינע אַנשויאונגען, אַז ער איז אימשטאַנד אָנצואווענדען די איינציגע גוטע מעטהאָדע, אום צו בעפֿרידיגען אַלעמען.

מען ווייסט ווירקליך ניט איבער וואָס מען זאָל זיך אַם מייסטען פֿערוואונדערן: איבער די שווינדלערייען פֿון די, וועלכע פֿערשפּרייטען דיזען אונזין, צי איבער די נאַאיוויטעט פֿון די, וועלכע גלויבען נאָך אַלס אין דיזע קאָמעדיע, אין וועלכער זיי אַליין שפּילען אונבעוואוסטערהייט די הויפּט-ראָלע. עס איז ווירקליך שווער צו בעגרייפֿען, אַז צווישען די אונצעהלבאַרע מענשען, וועלכע זיינען שוין דורכגעגאַנגען די קאַבינעטען פֿון דער גערעכטיגקייט, האָט זיך ביז יעצט ניט געפֿונען קיין איינציגער, וועלכער זאָל זיין אויף אַזוי וויט פֿריי פֿון פֿאָראורטיילען, אום

אויפֿצוהויבען די קליידער פֿון איינעם פֿון זיינע ריכטער, כדי צו ציינען דעם פובליקום, אַז די „דיענער פֿון דער גערעכטיגקייט" טראָגען מאַסקעס אויף זייערע פנים'ער, אַז זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט די זעלבע מענשען ווי אַלע אַנדערע, מענשען, וועלכע זיינען אונטערוואָרפֿען צו דיזעלבע פֿעהלער, צו דיזעלבע שוואַכקייטען, שוין גאָר ניט ריידענדיג פֿון די פֿערברעכען, וועלכע זיי בעגעהען, אום צו פֿערזיכערן די אינטערעסען פֿון זייער קלאַסע.

* * *

פֿאַר אונז אַנאַרכיסטען, וועלכע בעקעמפֿפֿען די אויטאָריטעט, איז די געזעצליכקייט איינע פֿון יענע היפאָקריטישע פֿאָרמען, וועלכע מיר דאַרפֿען אַטאַקירען מיט דער גרעסטער ענערגיע, אום אַרונטערצורייסען די מאַסקע, אונטער וועלכע אונזערע רעגירער בעהאַלטען זייערע פֿערברעכען און זייער שאַנדע.

שוין צו לאַנג וואָס מען האָט רעספעקטירט דיזען מאַסקעראַד! שוין צו לאַנג וואָס די מענשען האָבען זיך איינגערעדט, אַז דיזע אינסטיטוציאָנען זיינען דער אויסדרוק פֿון אַ געטליכער קראַפֿט, וועלכע שטעהט איבער די מענשליכע ליידענשאַפֿטען! שוין לאַנג גענוג, וואָס מען האָט געגלויבט אין אַזעלבע מענשען, וועלכע—אַזוי ווי מען האָט זיך איינגערעדט—זיינען געמאַכט געוואָרען פֿון אַ בעזונדערן שטאָף און האָבען די ספּעציעלע אויפֿגאַבע צו בעלוינען און צו בעשטראָפֿען זייערע מיטמענשען! שוין לאַנג גענוג, וואָס מען האָט געגלויבט אין יענע אידעאַלע גערעכטיגקייט, וועלכע יעדער איינער בעטראַכטעט פֿון זיין אייגענעם שטאַנדפונקט, לויט די בעדינגונגען, אין וועלכע ער געפֿינט זיך. שוין לאַנג גענוג וואָס די מענשען האָבען אָנגעטרויט זייערע אינטערעסען צו אַזעלכע אונדיווידועןֽ וועלכע זיינען פֿול מיט די קאָנסערוואַטיווסטע און ריקשטענדיגסטע אידעען, און וועלכע האָבען נאָר די אויפֿגאַבע אויפֿצוהאַלטען די אויסבייטונג און די פֿערשקלאַפֿונג פֿון די מאַסען.

עס איז שוין צייט אַוועקצומאַכען מיט דיזע לעכערליכקייטען און עפֿענטליך צו אַטאַקירען דיזע פֿערשימעלטע אינסטיטוציאָנען, וועלכע האָבען נאָר דעם צוועק אָבצושוואַכען די מענשליכע

פערזענל׳בקייט. דער פרייער מענש אָנערקענט ניט די פאָרע־רונג פון יענע אינדיווידועז, וועלכע נעהמען זיך דאָס רעכט צו ריכטען און צו פעראורטיילען זייערע מיטמענשען. די אידעע פון אַ געטליכער יוסטיץ, וועלכע געפינט איהר אויסדרוק אין די געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציאָנען, איז אַוועקגעפאַלען צוזאַמען מיט דער גאָט־אידעע. דער אונטערגאַנג פון דער איינער איז אויך דער אונטערגאַנג פון דער אַנדערער. דער גלויבען אין ריכטער, וועלכע שטעהען אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון גאָט, אָבגעבענדיג זייער אורטהייל, האָט ענטוויקעלט דעם גלויבען אין די אונפאָלקאָמענהייט פון דער מענשליכער גערעכטיגקייט, אַזוי לאַנג ווי די מאַסען זיינען נאָך געווען אַזוי ריקשטענדיג צו גלויבען אין די איבערנאַטירליכע עקזיסטענץ פון אַ געטליכען וועזען, וועלכעס געפינט זיך אויסערהאַלב דער מאַטעריעלער וועלט און בעשעפטיגט זיך מיט אַלע האַנדלונגען פון די מענשען אויף אונזער פלאַנעט.

אָבער דער גלויבען אין אַ גאָט איז צושטעהרט געוואָרען, די פאַלשע פאָרשטעלונגען פון איבערנאַטירליכע ערשיינונגען זיינען פערשוואונדען, און אַלעס וואָס עס איז איבערגעבליבען, איז די מענשליכע פערזענליכקייט מיט איהרע אַלע פעהלער און שוואַכקייטען. דער איבערנאַטירליכער און הייליגער כאַראַקטער, וועלכער בילדעט דעם קווינטעסענץ פון דער גאָטהייט, און מיט וועלכען אונזערע ריכטער האָבען זיך אויסגעפוצט, אום אויפצוהאַלטען זייער שטעלונג אין דער געזעלשאַפט, איז אויך פעראורטהיילט געוואָרען צום אונטערגעהן; און ער וועט אונטערגעהן, ווען די מענשען וועלען ערשט ריכטיג בעגרייפען, אַז די גאַנצע „גערעכטיגקייט" איז ניט אַנדערש ווי די אונטערדריקונג און אויסבייטונג פון איין קלאַסע דורך די צווייטע, אַ „פרינציפ" פון בעטרוג און געוואַלט, וועלכע בילדעט די גרונדלאַגע פון אונזערע זאָגענאַנטע „סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען".

* * *

די וויסענשאַפט האָט אונז געהאָלפען אויפהויבען דעם שלייער, זי האָט אונז געגעבען די וואַפען, אום צו בעקעמפען דעם

מאַנסטער אין זיין נאַקעטער געשטאַלט. עס איז צו שפּעט זיך צוריק צו קעהרען צו דער פערגאַנגענהייט, אום אויפצובויען די „געזעלשאַפטליכע איינהייט" אויף דעם זעלבען מעטאַפיזישען פונדאַמענט, אויף וועלכען אונזערע עלטערן האָבען אויפגעבויט די אידעע פון דער „געטליכער איינהייט". די געלעהרטע מוזען זיך בעפרייען פון די אַלע איבערבלייבאַכצען פון זייער בורזשואַזער ערציהונג און אָנהויבען צו שטודירען די סאָציאַלע ערשיינונגען מיט דערזעלבער גרינדליכקייט, וועלכע זיי האָבען ביז יעצט נאָר בעוויזען אין בעזונדערע צווייגען פון דער וויסענשאַפט. און ווען זיי וועלען מעהר ניט שטעהען אונטער דעם איינפלוס פון פאַלשע בעגריפע און פאָראורטיילע, וועלכע האָבען איבערהויפּט ניט וואָס צו טהאָן מיט דער וויסענשאַפט, דאַן וועלען זיי אויך מעהר ניט פאָדערן די בעשטראָפונג און אונטערדריקונג פון די „פערברעכער", זיי וועלען דאַן בעגרייפען, אַז די אורזאַכע פון די פערברעכען זיינען די אומשטענדע, אונטער וועלכע מיר לע־בען. און געמיינשאַפטליך מיט אונז וועלען זיי קעמפפען פאַר דער פערניכטונג פון דעם יעצטיגען געזעלשאַפטליכען צושטאַנד, געגען די יעצטיגע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע איז די איינ־ציגע אורזאַכע, וואָרום מען רעכענט היינט צוטאָג איינצעלנע אינדיווידוען צו די עהרליכע מענשען און אַנדערע צו די פער־ברעכער.

---

# דער איינפלוס פון דער אומגעבונג.

דאָס איז אַ וואַרהייט, וועלכע מען אָנערקענט שוין היינט אין ווייטע קרייזען פון דער וויסענשאַפטליכער וועלט, אַז די אומשטענדע, וועלכע רינגלען אַרום אַן אָרגאַנישעס וועזען, האָבען אַ גרויסען איינפלוס אויף זיין ענטוויקלונג ; דיזע וואַהרהייט האָט זיך דורכגעבראָכען אַ וועג און ווערט בלויז נאָך בעקעמפפט פון די אַלטע דאָגמאַטיקער פון דער זאָגענאַנטער אָפיציעלער וויסענשאַפט.

מען אָנערקענט היינט, אַז די ערד, דער קלימאַט, די שווערע אָדער לייכטע בעדינגונגען, אונטער וועלכע די אָרגאַנישע בעשעפניסע מאַכען זייער לעבען, האָבען פונקט דעמזעלבען, אויב ניט אַ גרעסערען איינפלוס אויף זייער ענטוויקלונג, ווי די אַלע אַנדערע געזעצע, וועלכע מען האָט פריהער בעטראַכטעט פאַר די אויסשליסליכע אורזאַכען פון די פערשידענע שטרעבונגען און טענדענצען אין דעם אַלגעמיינען ענטוויקלונגס-פּראָצעס.

דעם מענשען, וועלכער האָט זיך שטענדיג איינגערעדט, אַז ער איז אַן אויסנאַהמע אין דער אַלגעמיינער נאַטור, איז שווער אָנגעקומען צו אָנערקענען דיזען פאַקט, שוין דערפאַר, ווייל ער האָט געזעהן, אַז ער אַליין האָט די מעגליכקייט איבערצובייטען די אומגעבונג, אין וועלכע ער ענטוויקעלט זיך. אָבער ענדליך האָט מען דאָך געמוזט צוגעבען, אַז דער מענש איז אונטערוואָרפען צו דעם זעלבען איינפלוס ווי אַלע אַנדערע טהיערע, אַז ער ענטוויקעלט זיך אונטער דעם דרוק פון דיזעלבע אָריגינעלע אורזאַכען.

און ווען ער האָט ערשט געפיהלט די נויטווענדיגקייט, צו ערקלעהרען זיך זיין מאָראַלישע ענטוויקלונג נאָך דיזעלבע געזעצע,

דאַן איז די פֿראַגע געוואָרען נאָך פֿיעל שווערער און קאָמפּליצירטער. זאָגאַר די, וועלכע לייקענען אָב דעם זאָגענאַנטען פֿרייען ווילען פֿון מענשען, און וועלכע אָנערקענען, אַז ער האַנדעלט אונטער דעם איינפֿלוס פֿון אויסערליכע אומשטענדע, זאָגאַר זיי האָבען ניט געהאַט דעם מוטה צו אָנערקענען דעם אויבען דערמאָהנטען געזעץ מיט זיינע אַלע קאָנסעקווענצען; זיי האָבען זיך ניט געקענט בעשליסען צו ערקלעהרען פֿריי און אָפֿען, אַז די זאָגענאַנטע פֿערברעכערישע אינסטינקטען פֿון'ם מענשען זיינען די אונפֿערמיידליכע פֿאָלגען פֿון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע מען דאַרף איבערבייטען אין גאַנצען אויף בעסערע און פֿערנינפֿטיגערע בעדינגונגען.

די מוטהיגסטע פֿון זיי, וועלכע זיינען ליידער זעהר זעלטען, האָבען אפילו צוגעגעבען אין פּרינציפּ, אַז די געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן איז שלעכט, אַז מען דאַרף זעהען איהר צו רעפֿאָרמירען, און אַז געוויסע אינסטיטוציאָנען רופֿען דירעקט אַרויס פֿערברעכערישע האַנדלונגען; אָבער זאָגאַר זיי זעהען אין דער „שלעכטער נאַטור" פֿון'ם מענשען די הויפּט־אורזאַכע פֿון אַלע איבלען, זיי בעהויפּטען, אַז מען דאַרף איהם אָנטהאָן אַ כאָמעט אויף'ן האַלז, כדי צו אונטערדריקען זיינע ליידענשאַפֿטען, און אַז די געזעלשאַפֿט, ווי שלעכט זי זאָל ניט זיין קען אַליין ערפֿילען דיזע אויפֿגאַבע.

* * *

נאָך מעהר, כדי צו פֿערקלענערן די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפֿט, צוטהיילען זיי די געזעלשאַפֿטליכע אומגעבונג אין פֿערשידענע טהיילען, און אָנרופֿענדיג יעדען בעזונדערן טהייל מיט דעמזעלבען נאָמען, וואַרפֿען זיי אַרויף אויף איהם אַלע שלעכטע פֿאָלגען פֿון דעם איינפֿלוס, וועלכען ער רופֿט אַרויס.

קיין צווייפֿעל ניט, זאָגען זיי, אַז די געזעלשאַפֿט איז ניט אַזוי פֿאָלקאָמען ווי מיר אַלע וואָלטען זיך געוואונשען, אָבער אפילו אַזוי ווי זי איז יעצט, בעשיצט זי די שוואַכע געגען די אַטאַקען פֿון די שלעכטע, זי גאַראַנטירט איהרע איינצעלנע

מיטגלידער די מעגליכקייט פֿריי אָנצואווענדען זייער רעכט צו אַרבייטען און גיט זיי אַ העכערען, מעהר איינפֿלוסרייכען און ביליגערען שוץ, ווי זיי וואָלטען געהאַט, ווען זיי וואָלטען זיך בעדאַרפֿט אַליין פֿערטהיידיגען.

מיט איין וואָרט, זאָגען זיי, די געזעלשאַפֿט איז אַ קאָנטראַקט אויף געגענזייטיגע פֿערזיכערונג צווישען די איינצעלנע אינדיווידוען, און ווען עס קומען טראָץ דעם פֿאָר פֿערברעכען, דאַן האָבען מיר דאָס מעהר צו פֿערדאַנקען דער שלעכטער נאַטור פֿון'ם מענשען, איידער דעם צושטאַנד פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן.

* * *

מיר זיינען זיכער די לעצטע צו בעהויפּטען אַז דער מענש איז אַ מוסטער פֿון פֿאָלקאָמענהייט; מיר ווילען זאָגאַר צוגעבען, אַז ער איז אַ געווינג שלעכטע בעשעפֿענים, וועלכער, אויב ער קען ניט טרעטען אַנדערע, וואָלט ער אָבער זעהר צופֿרידען געווען צו טרעטען די, וועלכע טרעטען איהם; נאָר פֿון דעסטוועגען וואָלט געווען לעכערליך צו בעהויפּטען, אַז דער מענש האַנדעלט אויסשליסליך אונטער דעם איינפֿלוס פֿון שלעכטע אינסטינקטען. די וואונדערבאַרע געפֿיהלען פֿון ליעבע, מיטלייד, ברידערליכקייט, אויפֿאָפּפֿערונג און סאָלידאַריטעט, וועלכע זיינען פֿערהערליכט געוואָרען פֿון אונזערע דיכטער, פּראָפֿעטען און מאָראַליסטען, בעווייזען אונז, דאָס אָבוואָהל ער האַנדעלט מאַנכעסמאָל אונטער דעם איינפֿלוס פֿון שלעכטע געפֿיהלען, בעזיצט ער אָבער דאָך אַ גרויסען טהייל פֿון אידעאַליזמוס און אַ שטרעבונג צו פֿאָלקאָמענהייט, וועלכע די היינטיגע געזעלשאַפֿט פֿערזוכט מיט אַלע מיטלען צו פֿערהינדערן אין זייער ענטוויקלונג.

דער מענש עקזיסטירט ניט פֿאַר זיך אַליין, ניט פֿיזיש און ניט מאָראַליש. אַזוי ווי אַנדערע טהיערע, פֿון וועלכע ער אונטערשיידעט זיך בלויז דורך אַ העכערע ענטוויקלונג, איז אויך ער ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט פֿון דער אַלגעמיינער מאַטעריע מיט איהרע טויזענדער פֿערשידענהייטען, בעדינגונגען, אָבשטויסונגען און פֿעראייניגונגען. ער האָט געקעמפּפֿט פֿאַר זיין ענטוויקלונג, און

אויב ער האָט מיטגעהאָלפען ביז צו אַ געוויסען גראַד איבער־צייבייטען די אומשטענדע, אין וועלכע ער געפינט זיך, האָבען אַבער די אומשטענדע אויך געווירקט אויף איהם און בעאיינפלוסט די ענטוויקלונג פון זיינע מנהגים און געוואוינהייטען, זיין שטייגער צו לעבען, דיינקען און האַנדלען.

אונטער דער הערשאַפט פון זיין כאַראַקטער און זיינע ליידענשאַפטען האָט דער מענש געגרינדעט די געזעלשאַפט, און ער האָט שטענדיג געהאַט אַ געוויסען איינפלוס אויף דעם אָנגאַנג פון׳ם געזעלשאַפטליכען לעבען. אָבער מיר דאַרפען ניט פערגעסען, אַז פון דער צייט אָן, ווען דער מענש האָט געגרינדעט די געזעלשאַפט, האָט ער דורכגעמאַכט אַ גרויסע ענטוויקלונג, וועהרענד די געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך באַלד אָבגעטהיילט אין פערשידענע גרופירונגען, האָט זיך שטענדיג געגרינדעט אויף דעם פונראַמענט פון אויטאָריטעט און אייגענ־טהום.

די פערשידענע רעוואָלוציאָנען, וועלכע האָבען שטאַטגעפונען, האָבען אַרויסגערופען קליינע רעפאָרמען און ענדערונגען; די פאָליטישע מאַכט און דאָס אייגענטהום האָבען איבערגעביטען זייערע בעזיצער, זיי זיינען איבערגעגאַנגען פון איין קלאַסע אויף אַן אַנדער קלאַסע, אָבער די געזעלשאַפט אין אַלגעמיין האָט זיך שטענדיג געגרינדעט אויף דעם אַנטאַגאָניזם צווישען איהרע מיטגליעדער, אויף די געגענזייטיגע קאָנקורענץ פון די פערשידענע אינטערעסען, און אין אַלע צייטען האָט זי איבעראַל פערזוכט צו פערהינדערן די גייסטיגע ענטוויקלונג פון איה־ע מיטגלידער.

דער מענש ווערט געבאָרען אין דער געזעלשאַפט, זיינע ערשטע אידעען ענטוויקלען זיך אין די אומשטענדע, וועלכע רינגלען איהם אַרום, ער לערנט אַסך פאָראורטהיילע און ליגענס, און ערשט נאָך אייניגע יאָהרהונדערט פון קריטיק און דיסקוסיאָן, אַנערקענט ער, אַז זיינע אַלטע פאָרשטעלונגען זיינען געווען פאַלש און אונבעגרינדעט. מיר מוזען אַלזאָ אָנערקענען, אַז דער איינפלוס פון די סאָציאַלע אומשטענדע אויף די איינצעלנע אינדיווידוען איז אַ געוואַלטיגער; ער ליעגט אויף זיי מיט דעם פולען געוויכט

פון זיינע אַלע אינסטיטוציאָנען, מיט דער גאַנצער קאָלעקטיווער קראַפט פון אַלע מיטגלידער אין דער געזעלשאַפט און מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין לאַנגער עקזיסטענץ, און אין דעם מאָמענט, ווען דער איינצעלנער מענש זוכט צו בעקעמפפען דיזען איינפלוס, קען ער זיך אויף קיינעם ניט שטיצען ווי נאָר אויף זיין אייגענע קראַפט.

* * *

די געזעלשאַפט, וועלכע איז געווען אַן ערשטער פערזוך פון סאָלידאַריטעט, האָט אייגענטליך געדאַרפט האָבען די אויפגאַבע צו פערבעסערן דעם אַלגעמיינען צושטאַנד פון איהרע מיטגלידער. זי וואָלט זיי געדאַרפט אויסלערנען ווי צו פראַקטיצירען זייער סאָלידאַריטעט, אָנדייטענדיג אויף די אורזאַכען, וועלכע האָבען זיי געצוואונגען זיך צו פעראייניגען איינע מיט די אַנדערע, זי וואָלט זיי געדאַרפט צייגען, אַז אַלע זיינען ברידער און דאַרפען זיך ליעבען איינער דעם צווייטען, און אַז זיי דאַרפען טראָגען יעדע זאַך געמיינשאַפטליך: פרייד און פערגניגען, ליידען און שמערצען, אַרבייט און פראָדוקציאָן.

אָבער די געזעלשאַפט האָט ניט ערפילט דיזע אויפגאַבע, זי האָט זיך צושפאַלטען אויף אַסך קלאַסען מיט פערשידענע אינ־טערעסען, פון וועלכע מען קען דייטליך אונטערשיידען צוויי גרויסע אָבטהיילונגען: די רעגירער און בעזיצער פון איין זייט און די רעגירטע און בעזיצלאָזע פון דער אַנדערער זייט.

פון איין זייט: פערגניגען, לוקסוס, געזונדהייט; פון דער צווייטער זייט: עלענד, הונגער און קראַנקהייט. דער רעזולטאַט איז, אַז די מיטגלידער פון דיזע ביידע קלאַסען פערהאַסען זיך אַלס פיינדע און פיהרען אַן אַ שטענדיגען קאַמפף איינע געגען די אַנדערע, אַ גרויזאַמען קאַמפף, וועלכער קען זיך נאָר ענדיגען מיט דער פאָלשטענדיגער פערשקלאַפונג פון איין קלאַסע אָדער מיט דער אַבסאָלוטער פערניכטונג פון דער פריווילעגירטער קלאַסע.

* * *

אָבער די שלעכטע און אונפֿערנינפֿטיגע אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט אין צוויי פֿערשידענע קלאַסען איז נאָך ניט אַלעס. גרינדענדיג זיך אויף דעם אַנטאַגאָניזם פֿון די אינטערעסען, רופֿט זי אַרויס אין יעדער קלאַסע בעזונדער אַ שטענדיגען קאַמפּף פֿון איין מענשען געגען דעם צווייטען, זי פֿערשפּרייט איבעראַל דעם קריעג דורך די אינסטיטוציאָן פֿון דעם אינדיווידועלען אייגענטהום און צווינגט די מענשען זיך צו בעקעמפּפֿען איינער דעם אַנדערן, אום זיך צו פֿערזיכערן מיט זייער עקזיסטענץ פֿאַר דעם אַנדערן טאָג, ווייל די געזעלשאַפֿט גיט זיי ניט דיזע זיכערהייט.

די אינדיווידועלע קאָנקורענץ, דאָס איז די ספּראָנדזשינע פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. מיט וואָס מענשען זאָלען זיך ניט בעשעפֿטיגען, סיי מיט האַנדעל, אינדוסטריע אָדער אַנדערע סאָרטען פֿון מענשליכער טהעטיגקייט, איבעראַל האָבען זיי צו קעמפּפֿען מיט דער קאָנקורענץ פֿון די, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך מיט דערזעלבער טהעטיגקייט ווי זיי אַליין. כדי צו פֿערמעהרען זייערע איינקינפֿטע, צו פֿערגרעסערן זייערע אויסזיכטען אויף אַן ערפֿאָלג, און אָפֿטמאָל, אום ניט אונטערצוגעהן אַליין, וועלען זיי שטענדיג אויסקוקען אויף דעם אונטערגאַנג פֿון זייער קאָנקורענט.

אפילו דאַן, ווען זיי פֿעראייניגען זיך שוין צווישען זיך, איז עס שטענדיג, אום צו בעקעמפּפֿען אַן אַנדערן טהייל פֿון זייער קלאַסע און צום שאָדען פֿון די, וועלכע זיינען אָבהייניגיג פֿון זייער סאָרט אַרבייט.

גרינדענדיג זיך אויף דיזען שטענדיגען קאַמפּף צווישען די אינדיווידוען, מאַכט די געזעלשאַפֿט, אַז יעדער מענש איז אַ פֿיינד פֿון אַלע אַנדערע; זי רופֿט אַרויס דעם קריעג, דאָס פֿערברעכען, די גנבה, מיט איין וואָרט, די אַלע פֿעהלער, וועלכע מען שרייבט צו צו דער שלעכטער נאַטור פֿון׳ם מענשען. און וועלכע זיינען אין דער אמת׳ן ניט אַנדערש ווי די אונפֿערמיידליכע פֿאָלגען פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג. און די היינטיגע געזעלשאַפֿט זוכט מיט אַלע מעגליכקייטען אויפֿצוהאַלטען דיזע אַלע ערשיינונגען, וועלכע וואָלטען שוין לאַנג פֿערשוואונדען געוואָרען

דורך דעם איינפלוס פון די נייע מאָראַלישע בעגריפע, וועלכע די מענשהייט האָט זיך ערוואָרבען.

* * *

דער קאַמפף צווישען די אינדיווידוען רופט אַרויס אַ שטענ־דיגען קריעג צווישען די קאַפּיטאַליסטען גופא, ער טהיילט זיי אָב איינע פון די אַנדערע און פערהינדערט זיי אָפּטמאָל צו בעגרייפען די אייגענטליכע אינטערעסען פון זייער קלאַסע; אויב ניט דיזער קאַמפף, וואָלטען זיי זיכער אָנגעווענדעט זייערע אַלע קרעפטע צו פערזיכערן זייער אויסבייטונגס־סיסטעם, און זיי וואָלטען זיכער אויסגעמיטען יעדע געלעגענהייט, וועלכע איז אימשטאַנד אויפצועפענען די אויגען פון די עקספּלאָאַטירטע.

ווען די בורזשואַזע קלאַסען וואָלטען ווירקליך געווען פער־איינינגט צווישען זיך, ווען זיי וואָלטען ניט געהאַט יעדער איינ־ציגער זיינע בעזונדערע אינטערעסען און אויסשליסליך געדיינקט אין די אינטערעסען פון זייער קלאַסע, דאַן וואָלט זייער מאַכט געווען כמעט אונבעזיעגבאַר; דען האַלטענדיג אין זייערע הענד אַלע רייכטהימער, די מאַכט פון דער אויטאָריטעט, די גאַנצע אַדמיניסטראַטיווע מאַשינעריע און די מעגליכקייט צו ערווערבען זיך אַ העכערע בילדונג און אינטעליגענץ פון די אַרבייטער, וועלכע זיינען אין דיזער בעציהונג אָבהייגניג פון די מיטגלידער פון די רעגירענדע קלאַסען, וואָלט עס געווען פאַר זיי אַ קליי־ניגקייט אויפצוהאַלטען פאַר אַ לאַנגע, לאַנגע צייט די עקאָנאָמי־שע, פאָליטישע און סאָציאַלע שקלאַפעריי פון די ברייטע מאַסען.

גליקליכערווייזע פעראורזאַכט די שטענדיגע קאָנקורענץ, דאָס בעדירפניס צו געניסען און צו גלענצען פאַר דער וועלט, אַ ביטערען קאַמפף צווישען די קאַפּיטאַליסטען גופא, וועלכער איז ניט וועניגער גרויזאַם און ברוטאַל, ווי דער קאַמפף, וועלכען זיי פיהרען אָן געגען די אַרבייטער. אום צו בעפרידיגען זייער דורשט נאָך גאָלד בעגעהן זיי אַסך פעהלער, די אַרבייטער פון זייער זייט זעהען דיזע אַלע ערשיינונגען און בעקענען זיך דורך דעם מיט די אייגענטליכע אור־זאַכען פון זייער עלענד.

* * *

אָבער דערזעלבער קאַמפּף, וועלכער געהט אָן צווישען די קאַפּיטאַליסטען, פינדעט אויך שטאַט צווישען די אַרבייטער; און וועהרענד דער ערשטער גראָבט אונטער די עקזיסטענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, געפינט די בורזשואַזע נעזעלשאַפט אָבער אין דעם קאַמפּף צווישען די אַרבייטער ווייטער אַ שטיצע.

זייענדיג געצוואונגען זיך צו בעקעמפּפען איינער דעם צווייטען, אום צו פערכאַפּען אַ לײדיגען פּלאַץ, וועלכען די בורזשואַזיע באַט זיי אָן אין איינעם פון איהרע אינדוסטריעלע געפענגניסע, בעטראַכטען זיך די אַרבייטער אַלס פיינדע איינער דעם אַנדערן, און יעדער איינציגער, וועלכער האָט געהאַט דאָס גליק צו געפינען אַן אויסבייטער פאַר זיין אַרבייט איז אַ קאָנקורענט פאַר דעם יעניגען, וועלכער איז ניט געווען אַזוי גליקליך.

אויסגעהונגערט פון דער בורזשואַזיע, וועלכע גיט זיי פאַר זייער אַרבייט פונקט אַזוי פיעל, זיי זאָלען ניט שטאַרבען פון הונגער, בעטראַכטען זיי יעדען איינציגען פאַר זייער פיינד, וועלכער זוכט מיט זיי צו קאָנקורירען אין וואָרקשאָפּ אָדער אין דער פאַבריק.

און ווייל עס איז מייסטענטהיילס זעהר שווער צו געפינען אַ פּלאַץ, זוכט מען זיך געגענזייטיג צו בעקעמפּפען דורך ביליגע אַרבייטס־פּרייזען. דיזער שטענדיגער קאַמפּף פאַר דעם טעגליכען שטיקעל ברויט איז די אורזאַכע, וואַרום אַזוי פיעל אַרבייטער פערגעסען זיך אין גאַנצען, אַז זייער ערגסטער פיינד איז זייער עקספּלאָאַטאַטאָר.

עס איז וואָהר, אַז די בורזשואַזיע איז שטאַרק דורך איהר רייכטהום, איהרע גרעסערע אינטעלעקטועלע קענטניסע און דורך דעם בעזיץ פון דער רעגירענדער מאַכט, אָבער פון דעסטוועגען איז זי דאָך ניט מעהר ווי אַ קליינע מינאָריטעט אין פערגלייך צו די מיליאָנען אַרבייטער; און ווען זי וואָלט ניט געהאַט די מעגליכקייט צו צושפּאַלטען די אַרבייטער און צו שאַפען צווישען זיי פערשידענע אינטערעסען, וואָלט איהר הערשאַפט שוין לאַנג צובראָכען געווען.

* * *

מיר זיינען אַלזאָ זיכער ניט מיט דער מיינונג, אַז דער מענש איז אַ געבאָרענער מלאך; מיר ווילען זאָגאַר ניט בעשטרייטען, אַז ער איז געוועזן אַ ווילדע חיה אין פֿולען זין פֿון וואָרט. ווען דער מענש האָט געגרינדעט די ערשטע געזעלשאַפֿטליכע פֿעראייניגונגען, איז זיין אינסטינקט צו קעמפֿען און צו בעהערשען אַנדערע געוועזן דער באַזיס פֿון דיזע פֿעראייניגונגען, און דאָס גיט אונז אויך אין דערזעלבער צייט אַן ערקלעהרונג, וואַרום דער פֿונדאַמענט פֿון דער געזעלשאַפֿט איז אַזוי שלעכט געבויט.

די געזעלשאַפֿט איז פֿערבליבען אין דיזעם שלעכטען און אונפֿערנינפֿטיגען צושטאַנד; די אויטאָריטערע מאַכט איז שטענדיג מאָנאָפּאָליזירט געוואָרען פֿון אַ קליינע מינאָריטעט, וועלכע האָט זיך בענוצט מיט איהר, אום צו פֿערזיכערן איהרע אייגענע אינטערעסען. וואָס מעהר די געזעלשאַפֿט האָט זיך ענטוויקעלט, אַלס מעהר האָט דיזע קאָנצענטרירונג פֿון דער אויטאָריטערער מאַכט אין די הענד פֿון איניגע פּערזאָנען פֿערערגערט דעם אַלגעמיינען צושטאנד און די איבלען פֿון די עקזיסטירענדע אינסטיטוציאָנען.

דער מענש אָבער איז ניט פֿערבליבען אין זיין אורשפּינגליכען צושטאַנד; פּראָפּאָרציאָנעל מיט דער ענטוויקלונג פֿון זיינע גייסטיגע פֿעהיגקייטען, איז פֿאַר איהם געוועזן אַלס לייכטער צו פֿערשאַפֿען זיך די נויטוועגדיגע עקזיסטענץ־מיטלען. אָט דאַדורך האָט זיך ביי איהם אַלס שטאַרקער ענטוויקעלט דער געפֿיהל פֿון סאָלידאַריטעט, וועלכעס האָט איהם שוין פֿריהער געמאַכט צו פֿאָרמירען די ערשטע געזעלשאַפֿטליכע גרופּירונגען. דיזער אינסטינקט פֿון סאָלידאַריטעט איז מיט דער צייט געוואָרען אַזאַ נויטווענדיגער פֿאַקטאָר אין מענשליכען לעבען, אַז די רעליגיאָנען האָבען איהם ענטוויקעלט ביז צו אַן עקסטרעם און געפּריידיגט די אויפֿאָפּפֿערונג פֿון דעם איינצעלנען, די עפֿענטליכע וואָהלטהעטיגקייט און דעם ענטזאַגען זיך פֿון אַלע פֿריידען און בעקוועמליכקייטען, שאַפֿענדיג דורך דיזע לעהרע אַ נייען עלעמענט פֿאַר דער אויסבייטונג.

וויפיעל שעהנע חלומות פון אַ בעסערער צוקונפט, וויפיעל פלענער און פאָרשטעלונגען פון אַ רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט, אום צו שאַפען אַ האַרמאָנישען צוזאַמענלעבען האָט דיזער געפיהל שוין אַרויסגערופען! אָבער די געזעלשאַפט האָט דערשטיקט מיט איהר גאַנצער שווערקייט דיזע גוטע אינסטינקטען פון מענשען, זי האָט אימער ווידער בעלעבט פון דאָס ניי זיין ווילדען און פרימיטיווען עגאָאיזם און איהם געצוואונגען צו בעטראַכטען זיינע אַלע מיטמענשען אַלס פערזענליבע פיינד, וועלכע ער דאַרף אונטערדריקען, אויב ער אַליין וויל ניט ווערען אונטערדריקט פון זיי; די געזעלשאַפט האָט איהם אויסגעלערנט צוצוקוקען מיט טרוקענע אויגען ווי די אָפּפער פון דעם סאָציאַלען צושטאַנד ווערען אַראָבגעשליידערט אָהן רחמנות אין דעם טיעפסטען אָבגרונד; ער וויים, אַז ער קען זיי ניט העלפען, אויב ער וויל ניט ריזיקירען זיין אייגענע עקזיסטענץ; און עס זיינען מייסטענטהיילס די נאַאיווע און גוטע כאַראַקטערע, וועלכע ווערען פעראונגליקט צווישען די רעדער און רעדלאַך פון דעם סאָציאַלען אָרגאַניזמוס, און בלויז די אויסוואורפען, אין וועלכע די געזעלשאַפט האָט שוין דערשטיקט יעדען מענשליכען אינסטינקט, זיי בלייבען די זיגער אין דיזעם קאַמפף, זיי שטויסען אַרונטער זייערע מיטמענשען אין דעם אָבגרונד, כדי צו פערהינדערן זייער אייגענעם אונטערגאַנג.

* * *

מען שרייט אויף די פוילענצער, אויף די גנבים, מען ענטוויקעלט גאַנצע טהעאָריען איבער אונפערמיידליכע איבלען פון דער מענשליכער נאַטור, און מען פערגעסט זיך אין גאַנצען, אַז דיזע אַלע איבלען וואָלטען געמוזט פערשווינדען אויף אַ גאַנץ נאַטירליכען אופן, אויב זיי וואָלטען ניט געפונען שטענדיגע לעבענס-קראַפטע אין דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן.

ווי אַזוי קען מען גאָר ערוואַרטען, דאָס אַ מענש זאָל זיין אַן אַרבייטער, ווען די יעניגע, וועלכע שטעהען אָן דער שפּיצע פון די רעגירונגען, קוקען אַליין אויף דער אַרבייט ווי אויף אַ נידעריגע בעשעפטיגונג, וועלכע פאַסט זיך נאָר פאַר די פאַריאַס

פֿון דער געזעלשאַפֿט, און ווען זיי, וועלכע עקספּלאָאַטירען די פּראָלעטאַריער, האָבען געמאַכט פֿון דער אַרבייט אַ גיהנם, אַ שקלאַפֿעריי?

ווי אַזוי קען מען ערוואַרטען צו בעפֿרייען די געזעלשאַפֿט פֿון פֿוילענצער און ליידיגגעהער, ווען דער איינציגער אידעאַל פֿון דער היינטיגער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציאָן בעשטעהט אין אָנקלייבען אַסך געלד — די מיטלען ווי אַזוי, שפּילען קיין ראָלע ניט — כדי אַרויסצודרייהען זיך פֿון דער אַרבייט אָדער אויסצובייטען די אַרבייט פֿון אַנדערע? וואָס מעהר שקלאַפֿען אַ מענש עקספּלאָאַטירט היינט צו טאָג, אַלס העכער איז זיין געזעלשאַפֿטליכע שטעלונג, אַלס מעהר רעספּעקטירט מען איהם, אַלס גרעסער איז זיין פּראָפֿיט.

מען האָט געמאַכט פֿון דער געזעלשאַפֿט אַ מין היעראַרכיע, און די, וואָס לייגען קיינמאָל ניט אַריין אַ פֿינגער אין קאַלטע וואַסער, שטעהען אָן דער שפּיצע און פֿערנעהמען די ערשטע פּלעצער.

די, וועלכע האָבען זיך פֿערשאַפֿט אויף אַזאַ אָדער אַזאַ אופן זייערע הויכע פּלעצער אין דער געזעלשאַפֿט, עסען, טרינקען און פֿיהרען אַן אויסגעלאַסענען לעבען, ניט ריהרענדיג זייערע צעהן פֿינגער פֿאַר וואָס פֿאַר עס איז ניצליכע אַרבייט. זייער פֿוילקייט און זייערע פֿערגניגונגען זיינען אַ גוטער ביישפּיל פֿאַר די עקספּלאָאַטירטע, וועלכע בילדען די אונטערע קלאַסען פֿון דער געזעלשאַפֿט און פֿערזאָרגען מיט זייער בלוטיגען שוויים די הויכע ליידיגגעהער, כדי זיי זאָלען קענען לעבען אַ גוטען טאָג אויף זייער רעכנונג. דער לוין, וועלכען זיי בעקומען פֿאַר זייער שווערע אַרבייט, איז קוים גענוג, זיי זאָלען ניט אויסגעהען פֿון הונגער, און זיי האָבען ניט די קלענסטע האָפֿנונג אַרויסצוקומען פֿון דיזעם גיהנם, אויב עס מאַכט זיך זיי ניט אַ געלעגענהייט צו בעגעהן אַ גרויסען שווינדעל אָדער אַן אַנדער סאָרט גנבה. דאַרפֿען מיר זיך דען גאָר פֿערוואונדערן, ווען אונטער אַזעלכע צושטענדע די מענשען האָבען אין זיך דעם שטרעבען צו לעבען אָהן צו אַרבייטען? פֿערקעהרט, אינז וואונ־

דערט נאָר איין זאַך, אַז עס גיט נאָך אַלס אַזויפֿיעל מענשען, וועלכע זיינען גענוג דום צו אַרבייטען אונטער אזעלכע בעדינגונגען.

* * *

דאָסביישפּיעל, וועלכעס די היינטיגע געזעלשאַפֿט גיט דעם מענשען, קען, פֿערשטעהט זיך, ניט אַרויסרופֿען קיין אַנדער אידעאַל, ווי צו עקספּלאָאַטירען יענעם, כדי אַליין ניט צו ווערען עקספּלאָאַטירט. און אויב איהר האָט ניט די נייטיגע מיטעל פֿאַר די געזעצליכע אויסבייטונג פֿון פֿרעמדער אַרבייט, דאַן דאַרפֿט איהר זוכען אויסצוגעפֿינען אַנדערע מעטהאָדען. דער האַנדעל און די פֿינאַנציעלע שפּעקולאַציע זיינען אויך געזעצליכע מיטלען, דאָס געזעץ אַנערקענט זיי, און אויב איהר ווענדעט זיי אָן אויף אַ גרויסען שטייגער, ברייגגען זיי אַריין געוואַלטיגע פּראָפֿיטען; אויב איהר בענוצט זיך מיט דיזע מיטלען אויף אַ קלענערען אופֿן, איז די זאַך שוין אַביסעל קאָמפּליצירטער, נאָר פֿון דעסטוועגען האָט איהר נאָך אַלס די מעגליכקייט זיך דורכצודרעהען צווישען די פֿערשידענע פּאַראַגראַפֿען פֿון דעם געזעץ־בוך, און אויב איהר לאָזט זיך ניט כאַפּען, מעגט איהר זאָגאַר פֿון צייט צו צייט אַביסעל אַריבערכאַפּען דעם געזעצליכען מאָס. בעטרוג און שווינדעל זיינען זעהר ניצליכע מעטהאָדען צו פֿערגרעסערן דעם פּראָפֿיט.

די יעניגע, וועלכע זיינען ניט אומשטאַנד אָנצוגעהן אויף אַזאַ מין אַרט, האָבען נאָך אַן אַנדערן אויסוועג, נעמליך די אויסבייטונג פֿון דער מענשליכער דומהייט, דעם גאַנץ געוועהנליכען שווינדעל און אַנדערע עהנליכע מיטלען. נאָך ערגערע מעטהאָדען זיינען די דירעקטע גנבה און דער מאָרד. נאָר דער אייגענטליכער צוועק פֿון דיזע אַלע מיטלען איז דערזעלבער, עס זיינען מעהר ניט ווי פֿערשידענע מעטהאָדען פֿון דער מענשליכער אויסבייטונג; די אויסוואַהל פֿון די מיטלען איז כמעט אויסשליסליך אַ פֿראַגע פֿון מעגליכקייטען און פֿון די אומשטענדע, אונטער וועלכע אַ מענש איז אויפֿגעבראַכט געוואָרען. זעהר אָפֿט פֿעראייניגט מען פֿערשידענע מעטהאָדען, אום בעסער אויסצו־

מיידען אַ קאָנפּליקט מיט די געזעצע, וועלכע עקזיסטירען צום שוץ פון דער געזעלשאַפט.

עלענד און ליידען, דאָס איז דער שיקזאַל פון דעם אַ־ביי־טער; פערגניגען, גענוס פון אַלע סאָרטען און לוידיגגעהן, דאָס איז דער שיקזאַל פון די, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט אָדער דורך געוואַלט, אָדער דורך שווינדעל, אָדער דורך זייער געבורט אַלס פּאַראַזיטען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט.

* * *

אָט האָט איהר אַ ביישפּיעל פון סאָלידאַריטעט! ווי אַזוי קען מען גאָר פּע־לאַנגען עטוואָס בעסערעס פון מענשען, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט פערזיכערט מיט זייער שטיקעל ברויט פאַר דעם קומענדען טאָג, אין וועלכע דאַרפען שטענדיג ציטערן, אַז איינער פון זייערע קאָנקורענטען קען פערנעהמען זייער פּלאַץ אין וואָרקשאָפּ?

ווי אַזוי איז מעגליך, אַז דיזע מענשען זאָלען גאָר דיינקען פון סאָלידאַריטעט, ווען זיי זיינען געצוואונגען אָנצופיהרען אַ שטענדיגען קאַמפּף פאַר זייער אָרעמע עקזיסטענץ? ווי אַזוי זאָ־לען זיי זיין סאָלידאַריש, ווען עס גיט טויזענדער פּ־יידען און פערגניגען, וועלכע זיינען שטענדיג פאַר זיי אַ פערשלאָסענער גן עדן?

עס איז זעהר וואָה־שיינליך, אַז די נויטווענדיגקייט צו פער־איינינגען זיך איינע מיט די אַנדערע פאַר דעם געמיינשאַפט־ליכען קאַמפּף, האָט ביסלעכווייז ענטוויקעלט צווישען די מענשען דאָס בעדירפניס זיך צו ליעבען איינער דעם אַנדערן, אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז די געזעלשאַפט אַליין פעראַנטוואָרטליך, אַז דער קאַמפּף צווישען די איינצעלנע אינדיווידוען און די פיינד־ליכע שטימונג, וועלכע דיזער קאַמפּף רופט אַרויס, עקזיסטירט נאָך אַלס.

ווי אַזוי קען מען ערוואַרטען, אַז מענשען זאָלען זיך ניט ווינשען קיין שלעכטעס איינער דעם אנדערן, וויסענדיג, אַז איינער שטעהט דעם אַנדערן אין וועג, און אַז זיין פערשווינדען וועט דעם צווייטען געבען אַ מעגליכקייט זיך אַרויפצואַרבייטען מיט

אַ שטופּע העכער אויף דעם לייטער פֿון געגענזייטיגער קאָנקורענץ?

ווי אַזוי איז עס גאָר מעגליך, אַז דער מענש זאָל ניט פֿאָלגען דעם שלעכטען איינפֿלוס פֿון זיין נאַטור, וויסענדיג אַז דאָס אונגליק פֿון שכן וועט זיין אַ נוצען פֿאַר איהם אַליין.

* * *

איהר בעהויפּטעט, אַז דער מענש איז שלעכט. מיר פֿון אונזער זייט בעהויפּטען, אַז ער מוז האָבען אין זיך אַ שטאַרקען שטרעבען צו גוטסקייט און פֿאָלקאָמענהייט, אויב ניט וואָלט די געזעלשאַפֿט געווען פֿיעל ערגער ווי זי איז יעצט און פֿערברעכען און אונגליק וואָלטען געווען איהרע הויפּט־ערשיינונגען.

טראָץ דעם שלעכטען איינפֿלוס פֿון די אומשטענדע, וואָס רינגלען איהם אַרום, האָט דער מענש ענטוויקעלט אין זיך שטרעבונגען פֿון סאָלידאַריטעט, פֿון האַרמאָניע און גערעכטיגקייט, און גראַדע דיזע שטרעבונגען זיינען אָפּטמאָל אויסגענוצט געוואָרען פֿון די, וועלכע בעהערשען איהם. אָט דיזע חלומות פֿון אַ בעסערער צוקונפֿט, דיזע שטרעבונגען צום גוטען האָט אַ געוויסער קלאַסע פֿון פּאַראַזיטען געגעבען די מעגליכקייט צו לעבען אויף דעם רעכנונג פֿון דער מאַסע, פֿערשפּרעכענדיג איהר די פֿערווירקליכונג פֿון דיזע שטרעבונגען און פֿאָרשטעלונגען.

נאָך מעהר! דיזע גוטע אינסטינקטע און שטרעבונגען זיינען זאָגאַר פֿערדאַמט און פֿערפֿאָלגט געוואָרען אַלס אַ געפֿאַהר פֿאַר דער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, און טראָץ דעם, זעהען מיר, אַז די מענשהייט ענטוויקעלט זיך אין דיזער ריכטונג און זוכט צו פֿערווירקליכען דיזע גוטע טענדענצען. און דאָך רעדט מען נאָך אַלס פֿון די שלעכטע געפֿיהלען, וועלכע דער מענש בעזיצט!

די נאָבעלסטע געפֿיהלען פֿון דער מענשהייט, איהרע שטרעבונגען צו פֿרייהייט און גערעכטיגקייט זיינען שטענדיג פֿערפֿאָלגט און בעשטראָפֿט געוואָרען, און די יעניגע, וועלכע האָבען זיך בעפֿרייט פֿון דעם קליינען און ברוטאַלען עגאָאיזמוס, וועלכער האַלט אויף די היינטיגע געזעלשאַפֿט, די יעניגע, וועלכע האָבען

אָנגעהויבען צו טרוימען פֿון אַ צייט פֿון אַלגעמיינעם גליק און האַרמאָניע, און וועלבע האָבען געהאַט דעם מוטה צו פֿרעגען: ווי אַזוי קומט עס, אַז די געזעלשאַפֿט, וועלבע האָט זיך אָרגאַניזירט פֿאַר דעם נוצען פֿון אַלעמען, האָט מעהר ניט ווי איין אויפֿגאַבע, נעמליך צו פֿערזיכערן די פּריווילעגיעס פֿון אַ הייפֿעל מענשען?—זיי בעטראַכטעט מען אַלס פֿערברעכער.

דער אונפֿערמיידליכער שלוס, צו וועלבען מיר מוזען קומען איז דער, אַז די געזעלשאַפֿט איז שלעכט אָרגאַניזירט, אַז איהרע אינסטיטוציאָנען זיינען קאָרומפּירט און פֿערדאָרבען, און אַז זיי מוזען פֿערשווינדען, כדי עס זאָל זיך קענען ענטוויקלען אַ פֿערנינפֿטיגערע און גערעכטערע סאָציאַלע אָרדנונג. אָבער די יעניגע, וועלכע האָבען מאָנאָפּאָליזירט די געזעלשאַפֿטליכע רייכטהימער, ווילען ניט אָבגעבען זייערע פּריווילעגיעס אין די פֿאָלגען דערפֿון זיינען נייע קעמפּפֿע און נייע אורזאַכען פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון שלעכטע אינסטינקטען.

* * *

דער שלעכטער איינפֿלוס פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט אויף די מאָראַל פֿון דעם אינדיווידואום איז אונבעשטרייטבאַר, און אין דעם אויגענבליק, ווען מיר האָבען אויסגעפֿונען דיזען איבעל, וואָלט עס געווען אַ קלייניגקייט צו פֿערניכטען די שלעכטע אינסטינקטען פֿון מענשען און צו ענטוויקלען גוטע.

אייער געזעלשאַפֿט גרינדעט זיך אויף דעם אַנטאַגאָניזם פֿון די אינטערעסען און האָט דאַדורך געמוזט אַרויסרופֿען דעם קאַמפּף פֿון איין מענשען געגען דעם אַנדערן און ענטוויקלען דיזע בייזע חיה, וועלבע איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען, דער „ציוויליזירטער מענש".

שאַפֿט אַן אָרגאַניזאַציאָן, וואו די אינטערעסען פֿון דעם איינצעלנען זאָלען שטעהן אין אָנקלאַנג מיט די אינטערעסען פֿון אַלעמען. זעהט, אַז דער וואָלהזיין פֿון יעדען איינציגען זאָל פֿערזיכערן דעם וואָהלזיין פֿון אַלעמען; זעהט, אַז די מענשען זאָלען זיך קענען דערפֿ־עהען מיט זייער לעבען, ניט דאַרפֿענדיג מורא האָבען פֿאַר דער קאָנקורענץ פֿון אייערע מיטמענשען;

זעהט צו פֿעראייניגען וייערע קרעפֿטע, זייערע שטרעבונגען, כדי יעדער איינציגער פֿון זיי זאָל פּראָפּיטירען דורך דער געזעלשאַפֿטליכער פֿעראייניגונג; זעהט, אַז דאָס גליק און די צופֿריעדענהייט פֿון איין גרופּע מענשען, זאָל ניט פֿעראורזאַכען דעם אונגליק און די פֿערניכטונג פֿון אַ צווייטער גרופּע.

איהר שרעקט זיך וועגען די פֿוילענצער! מאַכט פֿון דער אַרבייט אַן אַנגענעהמע בעשעפֿטיגונג און איהר וועט ניט האָבען פֿאַר וואָס זיך צו שרעקען! מאַכט אַוועק מיט אייער גאַנצען שטאַטסמעכאַניזם מיט אייערע אַלע נוצלאָזע ביוראָקראַטישע אינסטיטוציאָנען און גרינדעט אייער געזעלשאַפֿט אויף אַזאַ באַזיס, אַז יעדער מענש זאָל קענען געפֿינען זיין אייגענעם וועג דורך די מאַכט פֿון די אומשטענדע און ניט דורך דעם צוואַנג פֿון וואָס פֿאַר עס ניט איז אויטאָריטעט! נאָר אויף אַזאַ מין אַרט וועט איהר שאַפֿען אַ פֿרייוויליגע פֿעראייניגונג פֿון אַלע קרעפֿטע פֿאַר דער געמיינשאַפֿטליכער פּראָדוקציאָן.

זעהט צו מאַכען די אַרבייט ניצליך און נויטווענדיג, כדי זי זאָל ווירקען אַלס אַ היגיענישע בעשעפֿטיגונג אַנשטאָט אלס אַ מאַרטערנים. פֿון דער היינטיגער אָרגאַניזאַציאָן וואַקסען אַרויס אַ מאַסע פֿון מלחמות, פֿערברעכען, גנבות, שווינדלערייען און עלענד. דאָס זיינען די פֿאָלגען פֿון פּריוואַט־אייגענטהום און אויטאָריטעט, די אונפֿערמיידליכע רעזולטאַטען פֿון די היינטיגע געזעלשאַפֿטליכע אומשטענדע. אויב איהר ווילט האָבען אַ געזעלשאַפֿט, וואו די מענשען זאָלען האָבען צוטרוי איינער צום אַנדערן, וואו סאָלידאַריטעט און וואָהלזיין זאָלען הערשען צווישען אַלע מיטגלידער, דאַן מוזט איהר זי אָרגאַניזירען אויף דעם באַזיס פֿון פֿרייהייט, גלייכהייט און געגענזייטיגער הילפֿע.

# דאס פאטערלאנד.

די רעליגיאָן, די פאַמיליע, דאָס אייגענטהום, די אויטאָריטעט האָבען זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלט פון געוויסע מענשליכע שטרעבונגען און גראַדענווייז בעקומען דעם כאַראַקטער פון זייער אייגענטליכער בעשטימונג; אָבער ווי באַלד די־זע אינסטיטוציאָנען האָבען בעקומען אַ געוויע פּרינציפּיעלע גרונדלאַגע, ווי באַלד דער צוועק פון זייער עקזיסטענץ איז געווען קלאָהר פאַר אַלעמען, האָבען זיי זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר קאָנצענטרירט יעדע אויף איהר אייגענעם שטייגער און ביסלעכווייז ענטוויקעלט שאַרף אָבגעטהיילטע קלאַסען מיט בעשטימטע אייגענשאַפטען און פּריווילעגיעס.

די מיליטערישע קלאַסע איז ניט געווען די לעצטע, וועלכע האָט זיך פאָרמירט, ענטוויקעלט און איבעראַל פערנומען אַ מעכטיגע פּאָזיציאָן אין דער געזעלשאַפט. אפילו דאָרטען, וואו זי איז געצוואונגען געווען אָבצוטרעטען דעם ערשטען פּלאַץ צו דער קלאַסע פון די פּריסטער, האָט זי אין דער ווירקליכקייט דאָך געשפּילט די וויכטיגסטע ראָלע. איז עס דען ניט געווען די מיליטערישע קלאַסע, וועלכע האָט געהאַט די מאַכט צו פערזיכערן די עפענטליכע מאַכט אין די הענד פון די רעגירער? און האָט זי דען ניט אַרויסגעגעבען די נאָמינעלע און ווירקליכע הערשער, אין וועמענס פּערזאָן עס האָט זיך פערקערפּערט די אַלמעכטיגקייט פון דער גאַנצער קלאַסע?

אין די אַלע קעמפּפע און שטרייטיגקייטען, וועלכע זיינען אָנגעגאַנגען צווישען די פערשידענע קלאַסען, האָט די אידעע פון׳ם „פאָטערלאַנד" געשפּילט אַ גאַנץ קליינע ראָלע. גרופּען האָבען געקעמפּפט געגען גרופּע, שבטים געגען שבטים און, אין

די היסטאָרישע צייטען, איין שטאָדט געגען די אַנדערע; אפילו גאַנצע פֿעלקער האָבען פֿערזוכט צו פֿערשקלאַפֿען אַנדערע פֿעלקער, פֿערשידענע נאַציאָנען האָבען אָנגעהויבען זיך אָבצוטהיילען איינע פֿון די אַנדערע, אָבער זאָגאַר דאַן איז דער בעגריף פֿון אַ „פֿאָטערלאַנד" נאָך אַלס געווען אַ זעהר אונקלאָהרע און אונבעשטימטע אידעע. ערשט אין דער נייערער געשיכטע האָט זיך דיזע אידעע קלאָהר און דייטליך פֿאָרמולירט און געמאַכט פֿון די קעניגע, גלחים און קריעגער דיענער און פריעסטער פֿון דער נייער מעטאַפֿיזישער אַלגעמיינהייט, וועלכע מאַניפֿעסטירט זיך אונטער דעם נאָמען „דאָס פֿאָטערלאַנד".

* * *

אין פֿראַנקרייך האָט זיך די אידעע פֿון אַ „פֿאָטערלאַנד" און אין דערזעלבער צייט דער בעגריף פֿון'ם געזעץ צום ערשטען מאָל מאַניפֿעסטירט אין איהר גאַנצער שטאַרקייט אין 1789. עס איז געווען אַ געניאַלער געראַנק פֿון דער בורזשואַזיע אַוועקצושטעלען אויף דעם פּלאַץ פֿון'ם געוועזענעם „געטליכען רעכט" די אויטאָריטעט פֿון דער נאַציאָן און פֿאָרצושטעלען די אַרבייטער דיזען בעגריף אַלס די פֿערקערפּערונג פֿון אַלע רעכטע, כדי זיי זאָלען פֿערטהיידיגען די נייע סאָציאַלע אָרדנונג, דיינקענדיג, אַז זיי קעמפֿען פֿאַר זייערע אייגענע רעכטע.

עס איז גוט צו בעמערקען, אַז די אידעע פֿון אַ פֿאָטערלאַנד, אָדער די „נאַציאָן", ווי מען רופֿט עס געוועהנליך, פֿערקערפּערט בעסער אין זיך דאָס גאַנצע פֿאָלק, זיינע אַלע רעכטע און אינסטיטוציאָנען, איידער די ערד, דאָס לאַנד אַליין. ערשט ביסלעכוויז, אונטער דעם איינפֿלוס פֿון אויסערליכע אורזאַכען האָט דיזע אידעע אָנגענומען איהר היינטיגע בעשריינקטע און איינגע בעדייטונג אַלס די „ליעבע צום לאַנד", ניט אַכטענדיג אויף די, וואָס לעבען דאָרטען און אויף די אינסטיטוציאָנען, אונטער וועלכע זיי לעבען.

נאָר וואָס עס זאָל ניט זיין דער אורשפּרינגליכער בעגריף פֿון דער פֿאָטערלאַנדס־אידעע, איין זאַך איז זיכער, אַז די בורזשואַזיע האָט באַלד אויסגעפֿונען, אַז דיזע אידעע איז זעהר

ניצליך פֿאַר איהר, און דערפֿאַר האָט זי איהר געזעהן צו קול־טיווירען און צו ענטוויקלען אַלס אַ נייע רעליגיאָן, כדי צו האָבען אַ מאָראַלישען פֿונדאַמענט אַלס גרונדלאַגע פֿאַר איהר אויטאָריטעט. די פֿערטהיידיגונג פֿון'ם לאַנד איז אין יעדער בעציהונג געווען אַ גוטע אויסרעדע, אום צו רעכטפֿערטיגען די נויטווענ־דיגקייט פֿון אַן אַרמעע, וועלכע זאָל בעשיצען איהרע פּריווילע־גיעם אונטער דעם נאָמען פֿון די אַלגעמיינע אינטערעסען און אין דערזעלבער צייט אָבגעבען אַן אונווידערלעגבאַרען ארגומענט, צו צווינגען די אַרבייטער מיטצוהעלפֿען צו פֿערטהיידיגען די פּריווילעגיעס פֿון דער בעזיצענדער קלאַסע. צום גליק ענטוויקעלט זיך דער קריטישער גייסט אַלס מעכטיגער, און דער מענש בענוגענט זיך מעהר ניט מיט פוסטע ווערטער, נאָר ער וויל אויך פֿערשטעהען דעם זינן דערפֿון, זייער ווירקליכע בעדייטונג. און אויב ער בעגרייפֿט ניט אַלצדינג מיט אַמאָל, בעהאַלט ער אָבער אין זכרון די אַלע פֿאַקטען פֿון זיין ערפֿאַהרונג אין פֿריהער אָדער שפּעטער וועט ער ציהען דערפֿון די לאָגישע שליסע.

* * *

וואָס ענטהאַלט איבערהויפּט דער בעגריף פֿון אַ פֿאָטערלאַנד, אויסער דער נאַטירליכער סימפּאַטהיע, וועלכע אַ מענש האָט פֿאַר זיין פֿאַמיליע, זיינע חברים און פֿאַר דעם שטיקעל לאַנד, וואו ער האָט פֿערבראַכט זיין יוגענד, און זיינע אַלע מנהגים און געוואוינהייטען? פֿאַר די גרויסע מעהרהייט פֿון די, וועלכע פֿערלירען זייערע לעבענס אין די מלחמות, ניט וויסענדיג פֿאַר וועמען און פֿאַר וואָס, פֿאַר די אַרבייטער און סאָלדאַטען, וועלכע דאַרפֿען טראָגען אַלע קאָנסעקווענצען פֿון דיזע מאַסען־מערדע־רייען, האָט דאָס וואָרט פֿאָטערלאַנד ניט די קלענסטע בעדייטונג. צי אַ מלחמה ענדיגט זיך מיט אַ זיעג, צי מיט אַ מפּלה, איז פֿאַר זיי אַלס איינס, זייער לאַגע בלייבט דיזעלבע ווי בעפֿאָר. צי זיי זיינען די זיעגער, צי די בעזיעגטע, איין זאַך איז זיכער, זיי וועלען שטענדיג בלייבען די געהאָרכזאַמע בהמות, וועלכע די בורזשואַזיע זוכט צו בעהערשען און אויסצובייטען ווי וויים מעגליך.

אויב מיר נעהמען אָן די ערקלעהרונג פֿון די, וועלכע רייד־
דען אַם מייסטען פֿון דער „נאַציאָן", דאן איז דאָס פֿאָטערלאַנד
נישט אַנדערש ווי די ערד, וועלכע בעלאַנגט צו אַ געוויסען
שטאַאַט, אַלס וועמענס אונטערטהאַנען מען רעכענט די מענשען.
אָבער די גרענעצען פֿון דעם שטאַאַט זיינען ניט אימער דיזעלבע.
אָפּטמאָל ווערען זיי בעשטימט דורך אַ געוואונענע אָדער אַ
פֿערלאָרענע שלאַכט. די פּאָליטישע גרופּירונגען, וועלכע עקזיס־
טירען היינט, האָבען ניט אימער געהאַט דעמזעלבען כאַראַקטער;
און אויב עס וועט מאָרגען פּאַסען אונזערע עקספּלאָאַטאַטאָרס
צו האַלטען מלחמה צווישען זיך, קען עס זעהר לייכט טרעפֿען,
אַז אַ טהייל פֿון לאַנד קומט פּלוצלינג אונטער דעם יאָך פֿון אַן
אַנדער נאַציאָן. איז דאָס ניט שטענדיג דער פֿאַל געווען אין דער
פֿערגאַנגענהייט? דורך די אונגעהייער פֿיעלע מלחמות, וועלכע
האָבען שטאַטגעפֿונען ביז יעצט האָבען די פֿעלקער זעהר אָפּט
איבערגעביטען זייערע רעגירער; מען האָט אָבגעריסען פּראָווינ־
צען און זיי צוריק עראָבערט, און פֿאָלגליך האָט דער פּאַטריאָ־
טיזמוס אין אַזעלכע פּראָווינצען זעהר אָפּט איבערגעביטען זיין
כאַראַקטער; אַמאָל האָבען זיי געקעמפּט שולטער ביי שולטער
מיט זייערע יעצטיגע פֿיינד, און אַמאָל פֿערקעהרט, איינמאָל
האָבען זיי געטויטעט מענשען, וועלכע זיינען דעם אַנדערן טאָג
געוואָרען זייערע חברים. אָט דאָס אַליין בעווייזט שוין די גאַנצע
לעכערליכקייט פֿון דעם זאָגענאַנטען פּאַטריאָטיזמוס.

וואָס קען דען זיין מעהר פֿערענדערליך ווי די גרענעצען
פֿון אַ לאַנד? וואַרום זאָלען מענשען, וואָס וואוינען אויף איין זייט
פֿון אַ קינסטליכער ליניע, האָבען מעהר רעכט צו בעלאַנגען צו
אַ בעשטימטער נאַציאָן, איידער די, וואָס וואוינען פֿון יענער
זייט? די פֿערענדערליכקייט פֿון אַזעלכע אונטערשיידונגען ווייזט
זיך אַרויס אַזוי דייטליך, אַז מען שטיצט זיך שוין היינט אויף
די פֿערשידענהייט פֿון די ראַסען, כדי צו רעכטפֿערטיגען די
צוטהיילונג פֿון די פֿעלקער אין פֿערשידענע נאַציאָנען. אָבער
אויך דיזער אונטערשיעד האָט ניט קיין ריכטיגען ווערטה און
האַלט ניט אויס קיין ערנסטע קריטיק, דערפֿאַר וויל יעדע נאַציאָן

איז היינט ניט מעהר ווי אַ פֿעראייניגונג פֿון פֿערשידענע ראַסען, שוין גאָרניט רעדענדיג פֿון די פֿערמישונגען און אַסימילאַציעס צווישען די פֿערשידענע נאַציאָנען, וועלכע ענטוויקלען זיך פֿון טאָג צו טאָג אין צאָהל.

* * *

פֿון אַזאַ שטאַנדפּונקט אויס בעטראַכטעט, איז די אַלטע איינטהיילונג פֿון פֿראַנקרייך אין פּראָווינצען געווען פֿיעל לאָגישער ווי די יעצטיגע, דערפֿאַר וואָס זי האָט זיך מעהר גערעכענט מיט די עטהנאָלאָגישע פֿערשיעדענהייטען פֿון דער בעפֿעלקערונג. אָבער זאָגאַר דיזע איינטהיילונג האָט היינט מעהר קיין ווערטה ניט, זעהענדיג ווי די מענשליכע ראַסע שטרעבט אַלס גיכער צו אַ פֿעראייניגונג און זוכט פּטור צו ווערען פֿון די אַלע פֿערשידענהייטען, וועלכע צוטהיילען איהר היינט, און אַלעס וואָס וועט מיט דער צייט נאָך איבערבלייבען, זיינען די פֿערשידענהייטען פֿון דעם קלימאַט און די נאַטירליכע אומשטענדען.

* * *

אָבער די גרעסטע לעכערליכקייט, וועלכע מען קען זיך נאָר פֿאָרשטעלען, בעשטעהט אין דעם, אַז די אונגעהייערע מעהרהייט פֿון די, וועלכע לאָזען זיך טויטען אין די מלחמות, און וועלכע פֿערהאַסען זיך איינע די אַנדערע אַלס בלוט־שונאים אָהן אַ גרונד, האָבען איבערהויפּט קיין שטיקעל לאַנד ניט, דען ניט זייער זאָגענאַנטעס פֿאָטערלאַנד און ניט דאָס לאַנד, וועלכעס זיי עראָבערן בעלאַנגט צו זיי. די ערד בעלאַנגט צו אַ הייפֿעל גרונד־בעזיצער, וועלכע זיצען זיך רוהיג און בעקוועם אין דערהיים, ווייט אַוועק פֿון יעדער געפֿאַהר, וועהרענד די אַרבייטער זיינען געצוונגען דום און אונוויסענד, צו טויטען זיך איינער דעם אַנדערן, אום צו פֿערגרעסערן דאָס גרונד־אייגענטהום פֿון זייערע הערען, וועלכע ווּעלען זיי ווייטער עקספּלאָאַטירען ביז'ן בלוט

מיר האָבען שוין פֿריהער געזעהן, אַז די יעניגע, צו וועלכע עס בעלאַנגט היינט דאָס אייגענטהום האָבען קיין רעכט ניט דערצו. רויבעריי, פּלינדערונג, מאָרד, וועלכע בעהאַלטען זייערע ריכטיגע נעמען אונטער די שעהנע ווערטער עראָבערונג, קאָלאָ־

ניזאַציע, ציוויליזאַציאָן, פּאַטריאָטיזמוס, דאָס זיינען געווען די וויכטיגסטע פאַקטאָרען, וועלכע האָבען געשאַפען דאָס היינטיגע פּריוואַט־אייגענטהום. מיר ווילען ניט נאָך אַמאָל ווידערהאָלען, וואָס מיר האָבען שוין פריהער ערקלעהרט, נאָר ווען די אַרביי־טער וואָלטען פערנינפטיג געווען, וואָלטען זיי בעסער געזעהן ווי פּטור צו ווערען פון די, וועלכע בעהערשען און עקספּלאָאַטירען זיי, איידער צו פערטהיידיגען דאָס „פאָטערלאַנד" און צו טויטען אַנדערע אַרבייטער; זיי וואָלטען זיך דאַן בעסער פעראייניגט מיט די אַרבייטער פון אַלע נאַציאָנען און אָנגעהויבען צו פּראָדוצירען און צו געניסען אויף זייער אייגענע רעכנונג.

די ערד איז גענוג גרויס, אום צו ערנעהרען אַלע מענשען. ס'איז ניט דער מאַנגעל אין פּלאַץ און לעבענס־מיטלען, וועלכער האָט פעראורזאַכט דיזע אַלע בלוטיגע מלחמות, וואו טויזענדער מענשען האָבען זיך ערמאָרדעט איינער דעם אַנדערן, כדי צו פערגרעסערן דעם רוהם און פּראָפיט פון אַ הייפעל אויסבייטער. פערקעהרט, עס זיינען געווען די מלחמות, וועלכע זיינען אַרויס־גערופען געוואָרען דורך די גרויזאַמע אַמביציע פון די רעגירער און די געגענזייטיגע קאָנקורענץ פון די גרויסע קאַפּיטאַליסטען, זיי האָבען געשאַפען די פערשידענע „נאַציאָנאַליטעטען" און פעראורזאַכט אין מיטעלאַלטער די שרעקליכע מגפות און הונגער־עפּידעמיעס, וועלכע האָבען פערניכטעט די, וואָס זיינען ניט געטויטעט געוואָרען אין די מלחמות.

* * *

אָבער דאָ קומען די קאַפּיטאַליסטען און די אָבגענאַרטע פּאַטריאָטען און הויבען אָן צו שרייען: „וואָס ווילט איהר? אויב מיר וועלען ניט האָבען קיין אַרמעע, וועלען די איבעריגע מעכטע אונז איבערפאַלען און אויסשלאַכטען, זיי וועלען אונז צווינגען צו אָנערקענען זייערע געזעצע, און אונזערע בעדינגונגען וועלען נאָך זיין פיעל ערגער ווי זיי זיינען יעצט." און אפילו פון די, וועלכע זיינען ניט קיין פּאַטריאָטען, גיט עס מאַנכע, וועלכע זאָגען אונז: „מיר זיינען ניט קיין פּאַטריאָטען, זיכער דאָס אייגענטהום איז שלעכט צוטהיילט, די געזעלשאַפט מוז רעפאָרמירט ווערען, אָבער

איין זאַך דאַרפֿען מיר דאָך אָנערקענען: פֿראַנקרייך שטעהט אָן דער שפּיצע פֿון פּראָגרעס און צו לאָזען איהר פֿערניכטען מיינט צו שטיצען די רעאַקציאָן, צו פֿערלירען די אַלע פֿרייהייטען, וועלכע אונזערע עלטערן האָבען אויסגעקעמפּפֿט פֿאַר אונז און צו אָנערקענען דעם יאָך פֿון אירגענד אַ דעספּאָטישען שטאַאַט!"

עס קען, פֿערשטעהט זיך, ניט זיין אונזער אויפֿגאַבע פֿעסט־צושטעלען אַ בעשטימטע רעגעל, ווי אַזוי די אַנאַרכיסטען דאַרפֿען זיך פֿערהאַלטען אין דער צייט פֿון אַ מלחמה. זייער פֿערהאַלטען ווענדט זיך אין די אומשטענדע, אין דעם אַלגעמיינען גייסטיגען צושטאַנד פֿון דעם מאָמענט און אין אַסך אַנדערע ערשיינונגען, וועלכע לאָזען זיך ניט בעשטימען אין פֿאָראויס. מיר בעהאַנדלען די פֿראַגע נאָר פֿון אַ לאָגישען שטאַנדפּונקט, און די לאָגיק זאָגט אונז, אַז די מלחמות זיינען ניט אַנדערש ווי געשעפֿטס־אונטער־נעהמונגען פֿון די עקספּלאָאַטאַטאָרס, פֿאָלגליך קענען מיר ניט נעהמען קיין אָנטהייל אין זיי.

* * *

מיר האָבען געזעהען, אַז עס מאַכט גאַנץ וועניג אויס, וועך עס האָט די אויטאָריטעטע מאַכט אין זיינע הענד, די שקלאַ־פֿעריי פֿון די אונטערדריקטע בלייבט דאָך שטענדיג דיזעלבע. די געשיכטע פֿון'ם פּראָלעטאַריאַט בעווייזט אונז, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונגען שרעקען זיך ניט אָב צו דערשיסען זייערע „אונטער־טאַנען", אויב די לעצטע פֿאָדערן געוויסע פֿרייהייטען. קען אַ פֿרעמדער עקספּלאָאַטאַטאָר אפשר ערגער האַנדלען? אונזער אמת'ער פֿיינד איז אינזער העיר, אונזער עקספּלאָאַטאַטאָר, און עס האָט אַ קנאַפּען ווערטה, צו וואָס פֿאַר אַ נאַציאָן ער בעלאַנגט.

מיט וואָס פֿאַר אַ שעהנע ווערטער מען זאָל ניט אויספּוי־נערן אַ קריעגס־ערקלעהרונג, די אייגענטליכע אורזאַכען פֿון אַ מלחמה זיינען די אינטערעסען פֿון דער בורזשואַזיע. מעג עס זיך האַנדלען אום די פֿראַגע פֿון פּאָליטישער אויבערהערשאַפֿט, אום קאָמערציעלע אונטערנעהמונגען אָדער אום די ערָאָבערונג פֿון פֿרעמדע קאָלאָניען, איין זאַך איז זיכער: קיין אַנדערע ווי נאָר

די פּריוועליגירטע קלאַסען זיינען פּעראינטערעסירט אין דעם; ס'איז אַ שפּיעל פֿאַר דעם נוצען פֿון די רעגירער, קויפּלייט און פֿאַבריקאַנטען. עס איז ניט מעהר ווי אַ לעבערליכע בעהויפּטונג, ווען אונזערע רעפּובליקאַנער ווילען אונז איינריידען, אַז זייערע מלחמות זיינען ניט פֿאַר די אינטערעסען פֿון וואָס פֿאַר עס איז ניט דינאַסטיע, אַז די רעפּובליק האָט פֿערנומען דעם פּלאַץ פֿון די קעניגע. אונזין! די אינטערעסען פֿון אַ בעשטימטער קלאַסע האָבען פֿערנומען דעם פּלאַץ פֿון דעם קעניג'ס אינטערעסען; פֿאַר די אַרבייטער האָט דאָס זיכער אַ קנאַפּען ווערטה

צו מיר זיינען די זיעגער, צו די בעזיעגטע, ווערען מיר שטענדיג דאַרפֿען בעצאָהלען אונזערע אָבגאַבען, מיר ווערען שטאַרבען פֿון הונגער אין דער צייט פֿון אַ קריזיס, און אויף דער עלטער האָבען מיר קיין אַנדער אויסזיכט ניט, ווי דאָס האָספּיטאַל אָדער דאָס וואָרק הויז. און טראָץ דעם פֿאָדערן די קאַפּיטאַליסטען, מיר זאָלען זיך אינטערעסירען פֿאַר זייערע שטרייטיגקייטען! וואָס קומט אונז אַרויס דערפֿון?

וואָס אָנבעלאַנגט דעם אַרגומענט, אַז דער פּראָגרעס קען אָבגעשטעלט ווערען דורך דעם אונטערגאַנג פֿון אַ געוויסען „פֿאָטערלאַנד", בעווייזט ער בלויז, אַז די, וועלכע בענוצען זיך דערמיט, האָבען אפילו קיין אַהנונג ניט פֿון אונזערע היינטיגע אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען און פֿון דער פֿערשפּרייטונג פֿון געוויסע אידעען. איהר מעגט היינט צושפּאַלטען אַ נאַציאָן אויף שטיקלאַך, פֿערקלענערן די צאָהל פֿון איהרע בירגער, אַוועקרויבען פֿון איהר דעם נאָמען איהרען, אָבער עס וועט אייך קיינמאָל ניט געלינגען אויסצוראָטען דעם כאַראַקטער, די אייגענטהימליכקייטען און דעם בעזונדערן טעמפּעראַמענט פֿון די פֿערשידענע ראַסען, וועלכע זי פֿעראייניגט אין זיך. אין דעם אויגענבליק פֿון אַ קריעג פֿערשווינדען איבערהויפּט דיזע אַלע ווירקליכע אָדער איינגערעדטע פֿרייהייטען, וועלכע מיר גלויבען צו בעזיצען, די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ וועט זאָפֿאָרט אונטערדריקט ווערען, דער מיליטאַריזמוס וועט אַריינעהמען די עפֿענטליכע מאַכט אין

זיינע הענד, און עס וועט מעהר ניט איבערבלייבען ווי דער פֿאַלשטענדיגער אַבסאָלוטיזמוס.

*
* *

פֿאַר די אַרבייטער ברייננט אַלזאָ דער קריעג קיין גוטס ניט, זיי האָבען ניט דעם קלענסטען אינטערעס אין אַזעלכע מערדערייען און מעהר ניט צו פֿערטהיידיגען ווי זייער אייגענע הויט; און עס איז די גרעסטע לעכערליכקייט פֿון זיי, ווען זיי גיבען איהר אַוועק פֿאַר די אינטערעסען און דעם גרעסערן פּראָפֿיט פֿון זייערע הערשער אין עקספּלאָאַטאַטאָרס.

די בורזשואַזיע, פֿערשטעהט זיך, איז פֿעראינטערעסירט אין די מלחמות, דען זיי גיבען איהר די מעגליכקייט אויפֿצוהאַלטען די אַרמעען, וועלכע פֿערהינדערן דעם אויפֿשטאַנד פֿון די פֿעלקער און בעשיצען די אינסטיטוציאָנען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט; און אויסערדעם זיינען די אַרמעען אַ גוטער מיטעל צו צווינגען אַנדערע פֿעלקער, זיי זאָלען קויפֿען די „נאַציאָנאַלע" פּראָדוקטע און צו עפֿענען זיך נייע מאַרקעטס מיט די קאַנאָנען. עס זיינען די קאַפּיטאַליסטען, וועלכע שאַפֿען די הלוואות פֿאַר די מלחמות, און עס זיינען די אַרבייטער, וועלכע דאַרפֿען בעצאָהלען די פּראָצענטע. אויב די בורזשואַס ווילען זיך אַרומרייסען איינע מיט די אַנדערע, מעגען זיי עס אַליין טהאָן, נאָר עס איז דאָך זיכער ניט אונזער געשעפֿט. לאָמיר זיך בעסער אויפֿהויבען און אַטאַקירען די פּריווילעגיעס פֿון דער בורזשואַזיע, און מיר וועלען באַלד זעהן, ווי די, וואָס פּריידיגען אונז שטענדיג דעם פּאַטריאָטיזם, וועלען אַפּעלירען צו די אַרמעען פֿון די „אויסלענדישע ערּאָבערער", צו די דייטשען אָדער די רוסען, זיי זאָלען פֿערטהיידיגען זייערע אינטערעסען! דיזע הערּרען זיינען ווי וואָלטער, זייער פֿאָרקעמפֿער, וועלכער האָט אַליין ניט געגלויבט אין אַ גאָט, נאָר פֿון דעסטוועגען איז ער געווען מיט דער מיינונג, אַז דאָס פֿאָלק דאַרף האָבען אַ געוויסע רעליגיאָן. אונזערע פּאַטריאָטען האָבען געמאַכט גרענצען צווישען זייערע שקלאַפֿען, אָבער

זיי אַליין לאַכען זיך אויס פֿון אַזעלכע נאַרישקייטען, ווי באַלד נאָר עס האַנדעלט זיך אום זייערע אינטערעסען.

* * *

עס גיט ניט קיין פֿאָטערלאַנד פֿאַר דעם מענשען, וועלכער פֿערדינט ווירקליך דיזען נאָמען, אָדער בעסער געזאָגט: עס גיט נאָר איין פֿאָטערלאַנד פֿאַר אלע. זיין פֿאָטערלאַנד איז דאָרט, וואו ער קעמפּפֿט פֿאַר זיינע מענשליכע רעכטע, דאָרט, וואו ער וואוינט, וואו ער האָט זיינע פֿריינדע, מיט איין וואָרט, זיין פֿאָטערלאַנד איז די גאַנצע ערד! עס איז אונזיניג צו גלויבען, אַז די גאַנצע מענשהייט וועט שטענדיג זיין צושפּאָלטען אין קליינע חלקים און יעדער וועט זיך זיצען אין זיין ווינקעל און בעטראַכטען אַלע אַנדערע אַלס זיינע פֿיינד. פֿאַר דעם ענטוויקעלטען מענשען זיינען אַלע מענשען ברידער, וועלכע האָבען דיזעלבע רעכטע צו עקזיסטירען און צו ענטוויקלען זיך יעדערער אויף זיין שטייגער. די ערד איז גענוג גרויס און פֿרוכטבאַר, אום צו פֿערזאָרגען איהרע אַלע קינדער.

דער אַרבייטער האָט דעם קלענסטען אינטערעס פֿאַר אייערע קאָנווענציאָנעלע „פֿאָטערלענדער", ער האָט קיין זאַך ניט צו פֿערטהיידיגען, אין פֿאָלגליך מאַכט פֿאַר איהם ניט אויס, אויף וואָס פֿאַר אַ זייט גרענעץ ער איז געבאָרען געוואָרען, דיזער צופֿאַל איז זיכער קיין גרונד פֿאַר איהם צו האַסען זיך איינער דעם אַנדערען. אָנשטאָט זיך איבערצושניידען די העלזער איינער דעם אַנדערן. אַזוי ווי עס איז ביז אַהער געווען דער פֿאַל, דאַרפֿען זיי זיך בעסער אויסשטר קען די הענד אַריבער די גרענצען און פֿעראייניגען זייערע אַלע קרעפֿטע געגען זייערע געמיינשאַפֿטליכע פֿיינדע—די אויטאָריטעט און דעם קאַפּיטאַל.

# דער פאטריאטיזם און די רעגירענדע קלאסען.

מיר האָבען געזעהען, אַז דאָס „פֿאָטערלאַנד" איז ניט מעהר ווי אַ פוסטער וואָרט, מיט וועלכען מען זוכט צו פֿערבלענדען דעם אַרבייטער די אויגען, כדי ער זאָל פֿערטהיידיגען די היינטיגע אָרדנונג, אונטער וועלכער ער ליידעט אַלס אונטערדריקטער. לאָמיר יעצט זעהען, צו די „ליעבע צום פֿאָטערלאַנד" דיזער „הייליגער אינסטינקט", וועלכער איז מיטגעבאָרען געוואָרען אין יעדעם איינציגען, איז ווירקליך אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט ביי די, וועלכע זיינען די שטאַרקסטע פֿערטהיידיגער פֿון דעם פאַטריאָטישען פרינציפ; לאָמיר זעהן, צי דיזער פרינציפ נעהמט זיך ביי זיי פֿון ריין סוביעקטיווע אורזאַכען ווי ביי די אַרבייטער, צי פֿון ריין מאַטעריעלע אורזאַכען, פֿון ריינע געשעפֿטס־אינטערעסען. צו דיזעם צוועק דאַרפֿען מיר נאָכפֿאָרשען אין די שריפֿטען, וועלכע זיי האָבען פובליצירט פאַר זייער אייגענעם געברויך, אום אויס־צוגעפֿונען זייער ריכטיגע איבערצייגונג.

אויב מיר הערען זיי רעדען צו די אַרבייטער, קומט אויס, אַז קיין זאַך איז ניט אַזוי הייליג פֿון „פֿאָטערלאַנד"; יעדער בירגער. אַזוי בעהויפּטען זיי, דאַרף זיין פֿאַרטיג צו אָפּפֿערן זיין לעבען און פֿרייהייט פֿאַר דער פֿערטהיידיגונג פֿון זיין לאַנד. לויט זייערע ווערטער פֿערקערפּערט דאָס פֿאָטערלאַנד אין זיך דעם העכסטען אויסדרוק פֿון די אַלגעמיינע אינטערעסען, און צו בריינגען אָפּפֿער דערפֿאַר, מיינט צו בריינגען אָפּפֿער פֿאַר זיינע אייגענע אינטערעסען.

מען דאַרף נאָר איבערבלעטערן זייערע שריפֿטען איבער דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אום אויפֿצוצייגען, אַז זיי זיינען ליגנערס, אַז דיזע אַלע שעהנע פראַזען, דיזע „אידעאַלע געפֿיהלען", מיט

וועלכע זיי שטאָלצירען אַזוי פֿיעל, זיינען ניט מעהר ווי אַ פּראסטער שווינדעל, אום צו פֿערבלענדען די אויגען פֿון דער מאַסע, אַ מאסקע, וועלכע זיי נעהמען באַלד אַראָב פֿון פנים, ווען זיי זיינען צווישען זיך.

אָט האָט איהר אַ פּאָר ווערטער פֿון איינעם פֿון זייערע גרויסע עקאָנאָמיסטען, וועמענס אויטאָריטעט עס איז אָפֿיציעל אָנערקענט געוואָרען. אין זיין אָבהאַנדלונג איבער „די פּאָליטישע ענטוויקלונג פֿון׳ם 19טען יאָהרהונדערט" שרייבט זש. דע מאָ־לינאַרי די פֿאָלגענדע ווערטער:

„עס זיינען די אינטערעסען פֿון די רעגירענדע קלאַסען, זייער שטרעבען ניט אַרויסצולאָזען די אויבערמאַכט פֿון זייערע הענד, וועלכער צווינגט זיי אויפֿצוהאַלטען אויף אַ קינסטליכען אופן דעם קריעגס־צושטאַנד צווישען ציוויליזירטע פֿעלקער."*)

קענט איהר געפֿינען אַ בעסערע ערקלעהרונג פֿון דיזער? און אונזערע גוטהאַרציגע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע פֿערדאַמען אַזוי פֿייערדיג די בייזע אַנאַרכיסטען, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען דעם מוטה צו ערקלעהרען די אַרבייטער, אַז די אינטערעסען פֿון די פּראָלעטאַריער און די אינטערעסען פֿון דער בורזשואַזיע זיינען אַנטאַגאָניסטיש איינע צו די אַנדערע, דיזעלבע קאַפּיטאַליסטען מאַכען ניט קיין טעות, ווען זיי זיינען צווישען זיך און ערקלעהרען גאַנץ אָפֿען, אַז דיזער אַנטאַגאָניזם איז דער פֿונדאַמענט פֿון זייער רעגירונגס־סיסטעם.

אָט האָט איהר נאָך אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע ווערטער:...

„אויך אונטער דעם נייען רעזשים איז ניט דאָ קיין מאַנגעל אין מאָטיווען און תירוצים, ווען עס האַנדעלט זיך אַרויסצורופֿען אַ מלחמה; אָבער דער אמת׳ער מאָטיוו פֿון אַלע מלחמות אונטער דעם אַלטען רעזשים, פּונקט ווי אונטער דעם נייען, איז שטענדיג געווען דער אינטערעס פֿון דער רעגירענדער קאַסע אָדער פּאַר־טיי, און דיזער אינטערעס איז פֿאַר קיין פֿאַל ניט אין אָנקלאַנג מיט די אינטערעסען פֿון דער נאַציאָן אָדער פֿון דער מאַסע קאָנסו־

*) Journal des Economistes, p. 71.

מענטען, וועלכע זיינען מיטגלידער פֿון די פּאָליטישע קערפּער־שאַפֿטען; פֿערקעהרט, פּונקט ווי די רעגירענדע קלאַסע איז פֿעראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פֿון אַ שטענדיגען קריעגס־צושטאַנד צווישען די נאַציאָנען, אַזוי איז די רעגירטע נאַציאָן פֿעראינטערעסירט אויפֿצוהאַלטען דעם פֿריעדען.״ (זייטע 70)

* * *

וואָס אַנבעלאַנגט דעם נוצען, וועלכען די הערשענדע קלאַסע האָט פֿון דעם שטענדיגען קריעגס־צושטאַנד, בעלעהרט אונז דערזעלבער אויטאָר ווי פֿאָלגט:

„דער קריעג געגען דעם אויסערליכען פֿיינד פֿערזיכערט דעם פֿריעדען אים אייגענען לאַנד; ס׳איז אַ פֿעריאָדע, וואו עס לאָזט זיך לייכט רעגירען, דערפֿאַר וויל מען קען יעדעם אָפּאָנענט באַלד פֿערמאַכען דאָס מויל מיט דער בעשולדיגונג, אַז ער האָט בעציהונגען צום פֿיינד. און וואָס קען זיין ווינשענסווערטהער, ווען די אָפּאָזיציאָן איז אונרוהיג און ווען איהר קראַפֿט איז כמעט אַזוי שטאַרק ווי די פֿון די רעגירער? אַ פֿאַקט איז, אַז ווען אַ מלחמה ענדיגט זיך מיט אַ מפלה, פֿאַלט שטענדיג די פּאַרטיי, וועלכע האָט איהר אַרויסגערופֿען; אָבער ווען זי ענדיגט זיך מיט אַ זיעג — און מען פֿאַנגט ניט אַ קיין קריעג, ניט האָבענדיג געוויסע אויסזיכטען אויף אַן ערפֿאָלג — דאַן בעקומט די זיעגרייכע פּאַרטיי פֿאַר אַ לענגערע צייט די אַבסאָלוטע אויבערמאַכט אין איהרע הענד. און וויפֿיעל מאָטיווען גיט עס, שוין ניט רעדענדיג פֿון די קליינע פּראָפֿיטען, ניט פֿאַרבייצוּלאָזען אַ גינסטיגע געלעגענהייט אָנצופֿאַנגען אַ מלחמה!״ (זייטע 63)

* * *

וועגען די „קליינע פּראָפֿיטען״ בעלעהרט אונז מאָלינאַרי אויף אַזאַ מין אַרט:

„ביז היינט צו טאָג זיינען עס שטענדיג געווען די נידעריגע קלאַסען, די יעניגע, וואָס האָבען געהאַט דעם קלענסטען איינפֿלוס, וועלכע האָבען געשפּיעלט די ראָלע פֿון סאָלדאַטען. די בעזיצענדע קלאַסען האָבען זיך שטענדיג אַרויסגעדרעהט, אָפּפֿערנדיג אַ געוויסע סומע. דיזע סומע איז מייסטענטהיילס געווען זעהר

אַ קליינע, און די מיטגלידער פֿון דער רייכער קלאַסע האָבען אימער ווידער צוריק בעקומען, וואָס זיי האָבען געאָפּפֿערט דורך די נייע מאַרקעטס, וועלכע דער קריעג האָט זיי פֿערשאַפֿט; און איסערדעם האָבען די מיטגלידער פֿון דיזע קלאַסען דורך דעם וואָס מען האָט ניט צוגעני מען קיין פֿרעמדע, און דורך די פֿער־פֿליכטונג דורכצומאַכען אַ מיליטערישע שולע (פֿאַר די אָרעמע קלאַסען איז דאָס, פֿערשטעהט זיך, געווען אונמעגליך) געקענט לייכט מאָנאָפּאָליזירען אַלע העכערע שטעלונגען פֿון דער מיליטערישער פּראָפֿעסיאָן. און ווען די מלחמה איז זעהר אַ גרוויזאַמע פֿאַר די געוועהנליכע סאָלדאַטען, וועלכע דאָס פֿאָלק אַליין האָט ליעב צו רופֿען דאָס „פֿוטער פֿאַר די קאַנאָנען", ד.ה. ווען אַסך מענשען פֿאַלען אויף די שלאַכט־פֿעלדער, דאַן גיט עס ווייניגער ארבייטסלאָזע אין די שטעדט און דערפֿער, און די, וועלכע זיינען קיין סאָלדאַטען ניט געווען, בעקומען בעסערע ווייזשעס".
(זייטע 68)

* * *

דאָס איז גענוג דייטליך, מיר זעהען אלזאָ, אַז די „הייליגע ליעבע צום פֿאָטערלאַנד" איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די ליעבע צו עקספּלאָאַטירען אַנדערע, די ליעבע פֿאַר „די קליינע פּראָפֿיטען". דיזע ווערטער זיינען אַ פֿאָלשטענדיגע ווידערלעגונג פֿון די אלע אַרגומענטען, וועלכע בעהויפּטען, אַז עס איז דאָ אַן עפֿענטליכע מיינונג, מיט וועלכער די רעגירער דאַרפֿען זיך רעכענען; אַז אַ קריעג קען זיין גערעכט און געפֿינען די צוּשטימונג פֿון פֿאָלק; אַז מען דאַרף ניט פֿערדאַמען אַלע מלחמות; אַז עס גיט פֿעלע, ווען די רעגירער זיינען געצוואונגען צו האַלטען מלחמה געגען זייער אייגענעם ווילען; און הויפּטזעכליך, אַז דער קריעג איז אַ פֿאָלגע פֿון דעם סאָציאַלען צושטאַנד, אַז מיר מעגען רעדען דאַגעגען פֿון היינט ביז מאָרגען און בעדויערן זיין נויטווענדיגקייט, נאָר מיר זיינען געצוואונגען זיך צו אונטערוואַרפֿען דיזער נויטווענדיגקייט, א. ז. וו. א. ז. וו. — לאָמיר צום שלוס ציטירען נאָך אייניגע ווערטער פֿון מאָלינאַרי:

„... נאָר פֿון דעסטוועגען, ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די

מאַכט פֿון די, וואָס ענטשיידען וועגען קריעג און פֿרידען, און דער איינפֿלוס פֿון דער קלאַסע, וועלכע גרופּירט זיך אַרום די פּאָליטישע, אַדמיניסטראַטיווע און מיליטערישע קערפּערשאַפֿטען, זיינען זיי אָבער דאָך געצוואונגען, ווי מיר זעהען, זיך צו רעכענען ביז צו אַ געוויסען גראַד מיט דער גרויסער מאַסע, וועלכע איז פֿיעל גרעסער אין צאָהל, און וועלכע איז פֿעראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פֿון די פֿערשידענע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, וועלכע דער קריעג פּאַראַליזירט. די ערפֿאַהרונג האָט אונז געציינט, אַז די ווידערשטאַנדס־פֿעהיגקייט פֿון דיזעם פֿרידליכען עלעמענט שטעהט פֿאַר קיין פֿאַל ניט אין אָנקלאַנג מיט זיין צאָהל. די גרויסע מעהרהייט פֿון דיזע מענשען זיינען אבסאָלוט אונוויסענד און קיין זאַך איז ניט אַזוי לייכט, ווי אָנצובלאָזען זייערע ליידענשאַפֿטען און מאַכען זיי צו האַנדלען געגען זייערע אייגענע אינטערעסען. די צאָהל פֿון די אויפֿגעקלעהרטע איז זעהר אַ קליינע, און וואָס פֿאַר אַ מיטעל האָבען זיי אויסצופֿיהרען זייערע אידעען אין דער געגענוואַרט פֿון דער מעכטיגער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע דער צענטראַליזירטער שטאַאט שטעלט פֿאָר?" (זייטע 68)

* * *

מיר זעהען, אַז אונזערע בורזשואַס בעהאַלטען זיך גאָרניט, ווען זיי רעדען איינער מיט'ן אַנדערן, זיי גיבען גאַנץ אָפֿען צו, אַז מלחמות זיינען פֿאַר זיי ניט מעהר ווי אַ מיטעל פֿאָרטצוזעצען זייער עקספּלאָאַטאַציע פֿון די אַרבייטער. די מערדערייען, וועלכע זיי אָרגאַניזירען, ווערען בעגאַנגען מיט דער אַבזיכט צו פֿערגרעסערן זייער פּראָפֿיט דורך די עראָבערונג פֿון נייע מאַרקעטס. פֿאַר זיי עקזיסטירען די אַרמעען צו דעם צוועק צו פֿערשאַפֿען די, וועלכע זיינען אָבהייננגיג פֿון זיי געוויסע שטעלונגען, אום צו פֿערהינדערן, זיי זאָלען זיי ניט אַטאַקירען; פֿאַר זיי זיינען די „נאַציאָנאַלע" מלחמות, דאָס „פֿאָטערלאַנד", דער „פּאַטריאָטיזם", די „נאַציאָנאַלע עהרע", דיזע אַלע פּוסטע ווערטער, וועלכע קלינגען אַזוי גרויסאַרטיג אין די אויערן פֿון דער אונוויסענדער

מאַסע, ניט מעהר אין ניט וויינינגער ווי בעוואוסטע שווינדלערייען, אום צו פֿערכאַפֿען די „קליינע פּראָפֿיטען."

מלחמות פֿאַר „קליינע פּראָפֿיטען!" דאָס איז דער ריכטיגער אויסדרוק. דיזע אַלע מלחמות, וועלכע מען פֿיהרט אָן אין נאַמען פֿון „פֿאָטערלאנד" אָדער — ווי אונזערע פּאַטריאָטען רופֿען עס אין דער לעצטער צייט — אין נאָמען פֿון דער ציוויליזאַציאָן, דאָס אַלעס זיינען בעוואוסטע ליגענס, מיט וועלכע די עקספּלאָאַ־טאַטאָרס זוכען די אַרבייטער צו פֿערטומלען די קעפּ. דער קריעג אין נאָמען פֿון דער ציוויליזאַציאָן מיינט אייגענטליך ניט אַנדערס, ווי צו עקספּלאָאַטירען די פֿעלקער, וועלכע האָבען ביז יעצט נאָך ניט דערגרייכט די שטופֿע פֿון אונזער זאָגענאַנטער קולטור.

אום צו בעשטראָפֿען אַ „באַנדע רויבערס", ווי אונזערע קאַפּיטאַליסטען רופֿען עס, און צו פֿערזיכערן די נאַציאָנאַלע אויבערהערשאַפֿט, רופֿט מען אַרויס מלחמות, ווי צ. ב. ש. די מיליטערישע עקספּעדיציאָן נאָך טוניס, וועלכע האָט אין דער ווירקליכקייט קיין אַנדער צוועק ניט געהאַט, ווי צו עפֿענען אַ ניי לאַנד פֿאַר די פֿערפֿוילטע פֿינאַנציעלע אונטערנעהמונגען פֿון אַ הייפֿעל שווינדלערס, צו שאַפֿען אַ פֿרייע פֿעלד פֿאַר יענע פּאַראַזיטען אויף דעם קערפּער פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועלכע שלעפּען אַרויס די בלוטיגע גראָשענס פֿון די קעשענעס פֿון די אַרבייטער, אום אויפֿצוהאַלטען די אַרמעען און צו פֿאַבריצירען נייע מאָרד־מאַשינען; עס האַנדעלט זיך אום די „קליינע פּראָ־פֿיטען" וועלכע די קאַפּיטאַליסטען שלעפּען אַרויס פֿון די ניי עראָבערטע לענדער, צווינגענדיג די איינוואוינער צו קויפֿען זייערע פֿערפֿוילטע פּראָדוקטע. און פֿאַר דיזען צוועק האַלט מען אויס מיליאָנען יונגע מענער, וועלכע פֿערברייננגען זייער צייט אין די קאַזאַרמען מיט גאָרנישט. צו דיזעם צוועק שיקט מען אַוועק טויזענדער יונגע לייט אין פֿערוואָרפֿענע פּלעצער מיט אַ מער־דערישען קלימאַט, אום אויסצושלאַכטען די איינוואוינער, וועלכע פֿערטהיידיגען נאָך אַלעם דאָס, וואָס עס בעלאַנגט צו זיי.

צוליעב די „קליינע פּראָפֿיטען" פֿון די קאַפּיטאַליסטען האָבען שטאַטגעפֿונען די מלחמות אין סענעגאַל, טאָנקין, קאָנגאָ־לאַנד

און מאַדאַגאַסקאַר, וועלכע מען האַט אַנגעפֿיהרט אין נאָמען פֿון דער ציוויליזאַציאָן, וועלכע האָט קיין זאַך ניט צו טהאָן מיט אזעלכע ברוטאַלע רויבערייען. אין דערהיים זינגט מען גאַנצע לויב-ליעדער אויף דעם פּאַטריאָטיזם, אָבער אין די וויטע לענדער דערשיסט מען קאַלטבלוטיג אַלע די, וואָס פֿערטהיידיגען זייער לאַנד, אָדער רעוואָלטירען געגען זייערע פֿרעמדע אויסביטער און מען בעהאַנדעלט זיי ווי געוועהנליכע באַנדיטען.

* * *

נאָר וועגען דיזער פֿראַגע וועלען מיר נאָך רעדען אין אַ בעזונדערן קאַפּיטעל. פֿאַר יעצט בענוגענען מיר זיך צו אילוסטרירען דעם אייגענטליכען פּאַטריאָטיזם פֿון די רעגירענדע קלאַסען. די לעצטע ערייגניסע האָבען אונז געצייגט, ווי אַזוי עס זעהט אויס דיזער פּאַטריאָטיזם אין דער ווירקליכקייט. מיר האַבען געזעהן ווי אָפֿיצירען אין די ביראָס פֿון דעם קריעגס-מיניסטעריום האָבען פֿערראַטען פֿאַר געלד די געהיימניסע פֿון אונזער בעוואַפֿנונג צו אַנדערע מעכטע. די שרעקליכסטע אינטריגעס און שווינדלערייען זיינען אויפֿגעדעקט געוואָרען, וועלכע האָבען אָבגעקאָסט מיליאָנען צום שאָדען פֿון די איינוואוינער, וואָס בעצאָהלען זייערע אָבגאַבען פֿאַר די זיכערהייט פֿון לאַנד. די רעגירונג, אָנשטאָט צו בעשטראָפֿען די שולדיגע, האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען זיי צו ראַטעווען און צוגעדעקט מיט אַ שלייער די נידערטרעכטיגסטע שענדליכקייטען. מיר זעהען יעדען טאָג ווי די בעזיצער פֿון אונזערע גרויסע קאַנאָנען-פֿאַבריקען — די מייסטע פֿון זיי זיינען דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט און די פֿאַבריקען ווערען פֿערוואַלטעט פֿון אַלטע אָפֿיצירען — פֿערזאָרגען אַנדערע מעכטע מיט קאַנאָנען, עקספּלאָזיוו-שטאָפֿען, קריעגס-שיפֿען און די נייסטע צושטערונגס-מאַשינען, ניט קוקענדיג דערויף, אַז אין פֿאַל אַ קריעג וועלען זייערע לאַנדסלייט דערשאָסען ווערען מיט זייערע אייגענע וואַפֿען. און זעהען מיר ניט, ווי גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע שווינדעל געזעלשאַפֿטען פֿון אידישע און קריסטליכע באַנקירען זיינען די אייגענטהימער פֿון אונזערע אייזענבאַהנען? זיי האַלטען אין זייערע הענד די שליסעל פֿון אונזערע אַרסענאַלען און מאָ-

נאָפּאָליזירען דעם טראַנספּאָרט פון אונזערע לעבענס-מיטעל? דערפאַר דערצעהלט אונז ניט פון אייער פּאַטריאָטיזם! אויב איהר וואָלט נאָר געהאַט די מעגליכקייט צו פערקויפען אייער „פאָטערלאַנד", וואָלט איהר עס זיכער געטהאָן.

* * *

וואָס האָט איהר געטהאָן אין 1871 אין דעם דייטש-פראַנ-צויזישען קריעג, ועלכער האָט זיך געענדיגט מיט דעם וואָס מ'יר האָבען געדאַרפט אַוועקצאָהלען פינף מיליאַרדען פראַנק צו דייטשלאַנד? פאַר וועמענס אינטערעסען איז דיזע ריעזיגע סומע בעצאָהלט געוואָרען אויב ניט פאַר די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע, כדי זי זאָל בלייבען דער העדר פון לאַנד און ווייטער קענען אויסבייטען איהרע לוין-שקלאַפען? מען האָט אויפגענומען אַן הלואה, וועלכע די אַרבייטער אַליין האָבען געדאַרפט בע-צאָהלען, דען זיי אַליין האָבען געאַרבייט, און די אַרבייט איז דער קוואַל פון אַלע רייכטהימער.

ס'איז ווירקליך געווען אַ קלוגער איינפאַל: די בורזשואַזיע האָט געדאַרפט בעצאָהלען די קריעגס-ענטשעדיגונג, אום די דייטשען זאָלען אַרויס פון פראַנקרייך און זי זאָל קענען אַליין אָבנעהמען די שטייערן, האָט זי געמוזט אויפברייגנען דאָס געלד; אָבער ווייל די אַרבייטער האָבען, פערשטעהט זיך, ניט געהאַט אַזאַ ריעזיגע סומע, האָבען די קאַפּיטאַליסטען אַליין אויפגעבראַכט די הלואה. מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז די בורזשואַזיע האָט זיך אַליין אויסגעבאָרגט דאָס געלד, אָבער די פראַנצויזישע אַרבייטער וועלען דאַרפען אָבצאָהלען ניין און ניינציג יאָהר דעם קאַפּיטאַל מיט די פּראָצענטען. אָט האָט איהר דעם בורזשואַזען פּאַטריאָטיזם אין זיין גאַנצער גרויסקייט!

ווער קען נאָך אַלעם דעם אָבלייקענען, אַז די טוגענד גע-פינט שטענדיג איהר לאָהן?

# דער מיליטאריזם.

עס איז אונמעגליך צו רעדען וועגען דעם פּאָטערלאַנד און פּאַטריאָטיזם, ניט דערמאָהנענדיג אין דערזעלבער צייט דעם מיליטאַריזם, דיזע שרעקליכע מגפה פון דער מענשליכער געזעלשאַפט.

שטודירענדיג דעם אורשפרונג און די אורזאַכען פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, געפינען מיר, אַז די קלאַסע פון די קריעגער איז געווען איינע פון די ערשטע, וועלכע איז ענטשטאַנען און האָט איסגעקעמפּפט פאַר זיך אַן אויטאָריטערע שטעלונג צו די איבעריגע מיטגלידער פון דעם שטאַם אָדער דער גרופּע. צוערשט זיינען אַלע מיטגלידער פון'ם שטאַם געווען קריעגער, ווען די נויטווענדיגקייט האָט עס געפאָדערט; שפּעטער האָבען זיך די קריעגער ענטוויקעלט אַלס אַ בעזונדערע קלאַסע און עס איז ענטשטאַנען אַן אונטערשיעד צווישען זיי און די אַנדערע, וועלכע זיינען ניט געווען קיינע קריעגער; נאָך שפּעטער איז ענטשטאַנען אַן אָבטהיילונג אין דערזעלבער קלאַסע אין פיהרער און געוועהנליכע קריעגער.

מיר ווייסען ניט בעשטימט, צי די מענשהייט האָט שטענדיג און איבעראַל געהאַט די זעלבע ריכטונג אין איהר פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג: ד. ה. מיר ווייסען ניט, צי זי האָט גענוי און רעגעלמעסיג דורכגעמאַכט די דריי פעריאָדען פון יעגעריי, פיעהצוכט און אַגריקולטור; איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז יאַגד און פישעריי זיינען געווען די ערשטע פּראָדוקטיווע טהעטיגקייטען פון'ם מענשען. עס איז אונבעשטימט, צי די מענשען זיינען צוערשט אַלע געווען יעגער, שפּעטער פּאַסטוכער און צולעצט אַקערבויער, אַזוי ווי די ביכער פון דער וויסענשאַפט און די גע־

לעהרמע שטעלען עס פֿאַר; עס איז זאָגאַר מעגליך, אַז די פֿער־שידענע שטופֿען פֿון דער מענשליכער ענטוויקלונג זיינען ניט געווען אַזוי בעשטימט און רעגעלמעסיג, נאָר פֿון דעסטוועגען דיינקען מיר, אַז דיזע דריי פֿערשידענע וועגען צו פֿערשאַפֿען זיך די נייטיגע לעבענס־מיטעל, זיינען מעהר אָדער ווייניגער בע־שטימט געוואָרען דורך דעם נאַטירליכען צושטאַנד פֿון דיזער אָדער יענער געגענד, וואו מענשען האָבען זיך בעזעצט. עס איז זאָגאַר העכסט וואַהרשיינליך, אַז דער מענש האָט שוין פֿערשטאַנען צו קולטיווירען געוויסע פֿלאַנצונגען, ווען ער האָט נאָך ניט פֿער־שטאַנען די קונסט צו האָדעווען פֿיה, און אַז פֿיעלע האָבען נאָך פֿאָרטגעזעצט זייער לעבען אַלס יעגער, אַפילו דאַן, ווען די מענשען זיינען שוין בעקאַנט געווען מיט דעם ערשטען אָנפֿאַנג פֿון אַגריקולטור.

* * *

נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, איין זאַך איז זיכער, אַז די קלאַסע פֿון די קריגער איז פֿערבליבען די הערשענדע, און זי האָט אויפֿ־געהאַלטען אַ גרויסען טהייל פֿון איהר הערשאַפֿט אפילו דאַן, ווען זי איז געצוואונגען געווען צו טהיילען זיך מיט דער מאַכט מיט אַנדערע. עס זיינען שטענדיג געווען די קריעגער, וועלכע האָבען אַם בעסטען אונטערשטיטצט די יעניגע, וואָס האָבען אַריינגענומען די אויטאָריטעטע מאַכט אין זייערע הענד.

אַזוי לאַנג ווי די קריעגער האָבען פֿאָרמירט אַן אָבגעשלאָ־סענע קלאַסע פֿאַר זיך, וועלכע האָט אָנגעפֿיהרט מלחמות אויף איהר אייגענע רעכנונג, האָט די בעפֿעלקערונג פֿיעל געהאַט צו ליידען פֿון איהרע רויבערייען, ווייל די בעוואַפֿענטע באַנדעס האָבען זיך ניט אָבגעשראָקען פֿאַר קיין זאַך, זיי האָבען צוגענומען דאָס לעצטע פֿון'ם בויער, אויב עס האָט זיי געמאַכט אַ פֿער־גניגען. אָבער ווען דער בויער האָט בעצאָהלט זיינע אָבגאַבען און עס זיינען ניט געווען אין דער אומגעגענד קיין קריעגער און קיין פֿעסטע שלעסער, האָט ער אַם ווייניגסטענס געהאַט אַן אויסזיכט צו קענען רוהיג אויפֿאָטעמען פֿאַר אַ ווילע; ווייל דאַמאָלסט האָט ער אפילו ניט גע'חלום'ט, אַז עס וועט קומען אַ

צייט, ווען ער וועט זיין געצוואונגען צו פֿערב־ייננען די בעסטע יאָהרען פֿון זיין לעבען אין אַ קאַזאַרמע, אום צו פֿערטהיידיגען די אינטערעסען פֿון זיינע אויסבייטער.

ס'איז וואַהר, אַז עס איז געוועזן אַן עפּאָכע, ווען די פֿעדע־ראַליסטען האָבען אָנגעהויבען צו בעוואַפֿנען די בויערן פֿון זייערע אימעניעס, אָבער דאָס האָט נאָר געטראָפֿען דאַן, ווען די נויט־ווענדיגקייט האָט זיי דערצו געצוואונגען. און זאָגאַר דאַן האָבען זיי געמוזט אָנווענדען די פֿערשידענסטע מיטלען, אום אַריינצו־נאַרען די בויערן, זיי האָבען בעפֿרייט די אַלע פֿון דער לייב־אייגענשאַפֿט, וועלכע האָבען ערקלעהרט, אַז זיי זיינען פֿאַרטיג אַריינצוטרעטען אין דער אַרמעע פֿון'ם קעניג. ערשט די בורזשאַזיע האָט פֿערפֿאָלקאָמענט דאָס סיסטעם, מיט דעם וואָס זי האָט געצוואונגען די אַרבייטער צו אָפּפֿערן אַ טהייל פֿון זייערע יונגע יאָהרען, אום צו פֿערטהיידיגען זייערע אונטערדריקער פֿון עקס־פּלאָאַטאַטאָרס, אָבער זי האָט געוואוסט, אַז עס איז געפֿעהרליך, צו געבען די יונגע לייט וואַפֿען אין זייערע הענד און זיי צו זאָגען: „פֿערטהיידיגט דערמיט אונזערע פּריווילעגיעס!" און אום אויסצומיידען יעדע געפֿאַהר, האָט זי ערפֿונדען אַ נייע רעליגיאָן, די רעליגיאָן פֿון'ם פֿאָטערלאַנד.

אָט מיט דער הילפֿע פֿון דיזעם ליגען איז די בורזשואַזיע געווען אימשטאַנד צו פֿערבלענדען די אַרבייטער די אויגען, אַז זיי האָבען רוהיג בעצאָהלט און בעצאָהלען נאָך היינט די בלוט־שטייער פֿאַר דעם נייען געץ מיט זייערע אייגענע לעבענס. צו דאַנקען דיזעם סאָפֿיסטישען שווינדעל האָבען גאַנצע גענעראַציאָנען אַוועקגעגעבען זייערע שטאַרקסטע און געזונדעסטע עלעמענטען, כדי מען זאָל זיי פֿערדערבען פֿיזיש און מאָראַליש אין די קער־קערס, וועלכע מען רופֿט קאַזאַרמען. זיי האָבען אפילו קיין האָפֿנונג צו קענען ענטלויפֿען אָדער צו בעפֿרייען זיך פֿון דיזעם יאָך, קיין וואָרט, קיין פּראָטעסט קען זיי ניט העלפֿען, מען פֿרעגט קיינעם ניט, מען רייסט איינפֿאַך אַוועק די יונגע לייט פֿון זייער היים פֿאַר זיבען, פֿינף אָדער דריי יאָהר און מען מאַכט פֿון

זיי איינפֿאַכע אויטאָמאַטען צו טויטען אַנדערע אָדער אַ שפּייז פֿאַר די קאַנאָנען.

* * *

געוויס, עס זיינען געווען פּראָטעסטען. עס האָט שטענדיג געטראָפֿען, אַז סאָלדאַטען זיינען ענטלאָפֿען פֿון דער אַרמעע, אַנדערע האָבען זיך ענטזאָגט צו געהאָרכען. אַזעלכע אַקטען זיינען אייננג פֿערבונדען מיט דער עקזיסטענץ פֿון דער אַרמעע און זיינען געבאָרען געוואָרען צוזאַמען מיט דיזער אינסטיטוציאָן. אָבער דיזע אַלע האַנדלונגען זיינען מייסטענטהיילס געווען ספּאָנטאַנע מאַניפֿעסטאַציאָנען פֿון פּערזענליכע געפֿיהלען, נאָר די איינצעלנע אינדיווידוען, וועלכע האָבען אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט אויף אַזאַ מין אַרט, האָבען זעהר זעלטען געהאַט אַ קלאָרע פֿאָרשטעלונג פֿון זייערע האַנדלונגען. זיי האָבען ניט געמיינט צו טרעפֿען אַ גאַנצען סיסטעם, אַ גאַנצע אינסטיטוציע, מיט איין וואָרט, די בעוואוסטע אַקטען אין דיזער בעציהונג, וועלכע זיינען אַרויסגעוואַקסען פֿון קלאָהרע און בעשטימטע פֿאָרשטעלונגען איבער די אייגענטליכע בעדייטונג פֿון׳ם מיליטאַריזם, זיינען געווען זעהר קליין אין צאָהל.

אָבער לאָמיר געהן ווייטער: די פּראָטעסטען, וועלכע האָבען זיך אויפֿגעהויבען אין דער ליטעראַטור געגען דעם קריעג און מיליטאַריזם, זיינען אויך מייסטענטהיילס מעהר ניט געווען ווי מאָמענטאַנע אויסברעכונגען פֿון די געפֿיהלען, וועלכע האָבען זיך ווייניג אָדער גאָר ניט בעשעפֿטיגט מיט דער מענשליכער נאַטור און די אינדיווידועלע רעכטע פֿון׳ם מענשען.

די אַרמעע! דאָס פֿאָטערלאַנד! די בורזשואַזיע און די ליטעראַטען, איהרע אינטעלעקטועלע פֿערטהיידיגער, האָבען געזונגען אַזוי פֿיעל ליעב־ליעדער אויף דיזע ביידע אינסטיטוציאָנען און ערפֿונדען אַזוי פֿיעל סאָפֿיסטישע ווערטלאַך און ליגענס צו זייער פֿערטהיידיגונג, אַז מען האָט אפילו ניט דעם מוטה צו צווייפֿלען אין די אַלע גוטע אייגענשאַפֿטען, מיט וועלכע מען האָט זיי אויסגעפּוצט. מען בעטראַכטעט די אַרמעע אַלס די לעבענדיגע פֿערקערפּערונג פֿון אַלע גוטע אייגענשאַפֿטען און

ביהגעראליכע טוגענדען. איהר וועט זעלטען געפינען א ראָמאַן, וואו איהר זאָלט ניט לעזען די ריהרענדע געשיכטע פון דעם „אַלטען בראַווען סאָלדאַט", אַ פאָרבילד פון איבערגעבענהייט און טרייקייט, וועלכער פאָלגט נאָך זיין אַלטען גענעראַל אַלס אַ געטרייער דינער, בעשיצט איהם געגען אונזעהבאַרע פיינדע און אָפּפערט צולעצט זיין לעבען, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבען פון זיין קאָמאַנדיר. מאַנכעס מאָל גיט מען דער געשיכטע אויך אַן אַנדער פאָרמע, כדי זי זאָל ניט ווערען צו לאַנגווייליג: מען דערצעהלט, ווי דער „אַלטער סאָלדאַט" ראַטעוועט אַן אָרעמען יתום, ווי ער בריינגט איהם אויף, בעשיצט איהם געגען אַלע געפאַהרען, מאַכט פון איהם אַ העלד און גיט איהם די מיטלען ווי צוריק צו ערקעמפּפען זיין פערמעגען, וועלכעס די פיינדע פון זיין פאַמיליע האָבען צוגענומען פון די זייניגע.

מען דאַרף נאָר זעהען, ווי אַזוי די פּאָעטען פערהערליכען די בראַווע זעלנער, זייער מיליטערישע עהרע, זייער אויפאָפּפע־רונג, זייער טרייקייט, זייער איבערגעבען און פיעלע אַנדערע טוגענדען. די בורזשואַזיע איז געווען געצוואונגען צו ערפינדען דיזען גראַנדיאָזען שווינדעל, כדי יעדער איינציגער זאָל דינען פאַר אַ לענגערע אָדער קירצערע צייט אונטער די פאָהנען פון פאָ־טערלאַנד, איידער ער הויבט אָן צו פערשטעהן, אַז אונטער דעם גלענצענדען מאַנטעל, מיט וועלכען די ליטעראַטען און פּאָעטען האָבען צוגעדעקט זייער געץ, ליעגט מעהר ניט בעהאַלטען ווי געמיינהייט און קאָרופּציאָן. דער פרייוויליגער דיענען פאַר אַ יאָהר מיט אַכט און צוואַנציג טעג האָט מעהר אויפגעטהאָן געגען דעם מיליטאַריזם ווי די בעסטע אַרגומענטע, וועלכע מען וואָלט געקענט אָנפיהרען געגען איהם.

* * *

אַזוי לאַנג ווי די אַרבייטער זיינען געווען די איינציגע, וועלכע האָבען געדאַרפט אָפּפערן זייער יוגענד און זיך לאָזען ברוטאַלי־זירען אין די קאַזאַרמעס, זאָלאַנג ווי דאָס אַלגעמיינע פובליקום האָט מעהר ניט געזעהן פון דער אַרמעע ווי איהרע אויסערליכע דעקאָראַציעס: דעם גלאַנץ פון די מעשענע קנעפּ, דעם געראוויש

פֿון די פויקען, די גילדענע אָבצייכענס פֿון די אָפֿיצירען, די פֿאָהן, פֿלאַטערנדיג אין ווינד, מיט איין וואָרט די גאַנצע בעפֿור־צונג, מיט וועלכע מען זוכט צו פֿערבלענדען די אויגען פֿון דער מאַסע, אַזוי לאַנג האָבען די ליטעראטען און פּאָעטען מיטגע־האָלפֿען צו פֿערגרעסערן דעם פֿאַלשען גלאַנץ און בייגעטראָגען זייער טהייל ליגענס, אום צו פֿערהערליכען דעם מאָנסטער.

אַבער אין דעם מאָמענט, ווען זיי זיינען געקומען אין אַ־אַ פּאָזיציע, וועלכע האָט זיי געצוואונגען צו שטודירען די פֿראַגע טיעפֿער, אין דעם מאַמענט, ווען זיי האָבען זיך אַליין נעמוזט אונטערוואַ־פֿען צו דער ברוטאַלער און גרויזאַמער דיסציפּלין, ווען זיי האָבען געמוזט רוהיג דערטראָגען די רויקייט און גע־מיינהייט פֿון די אָפֿיצירען, אָט אין דעם מאָמענט איז זייער רעספּעקט פֿערשוואונדען געוואָרען. זיי האָבען אָנגעהויבען אַרונ־טערצורייסען די מאסקע פֿון דיזער שענדליכער אינסטיטוציאָן, צו קריטיקירען די זאָגענאַנטע „טוגענדען“, וועלכע זיינען געווען אַזוי טהייער פֿאַר זייערע עלטערן, און מען האָט אָנגעהויבען פֿאָרצושטעלען די אָפֿיצירען און סאָלדאַטען אין זייער ריכטיגער געשטאַלט פֿאַר דער ברייטער מאַסע, אַלס ברוטאַלע שכורים און אונבעוואוסטע אויטאָמאַטען פֿון פֿלייש און בלוט.

זיכער, מען דאַרף אַליין פֿערברייגען אַ געוויסע צייט אין דיזעם גיהנם, אום צו פֿערשטעהען די אַלע ליידען און שמערצען, וועלכע אַ פֿיהלענדער מענש האָט דאָרטען איבערצוטראָגען; מען דאַרף אַליין אָנטהאָן די אוניפֿאָרמע, אום צו בעגרייפֿען, אַז זי בעדעקט ניט מעהר ווי אַן אָבגרונד פֿון געמיינהייט און אי־דיאָטיזם.

* * *

אין דעם מאָמענט, וואו איהר ציהט אָן די אוניפֿאָרמע, זייט איהר מעהר קיין מענש ניט, זאָנדערן אַ פּראָסטער אויטאָ־מאַט, וועלכע דאַרף געהאָרכען בלינדערהייט דעם בעפֿעהל פֿון זיין קאָמאַנדיר. איהר האָט אַ ביקס אין אייערע הענד, אָבער איהר מוזט רוהיג דערטראָגען די בעליידיגונג פֿון יעדען אָפֿיציר, וועלכער געפֿינט זיך אין אַ שלעכטער שטימונג אָדער וועלכער

האָט זיך אָנגע׳שכור׳ט. און איהר מוזט שטיל שווייגען צו אַלע געמיינהייטען. אַ וואָרט, אַ בעוועגונג און אייער גאַנצעס לעבען איז רואינירט. אום צו דערשטיקען יעדען רעבעלישען אינסטינקט אין אייערע הערצער, יעדען זעלבסטשטענדיגען געדאַנק, לייענט מען אייך איבער יעדע וואָך די קריעגס-געזעצע און אין יעדער ציילע געפינט זיך דאָס וואָרט טויט! טויט!

נאָר ערגער פון אַלעס זיינען די אונזיניגע און לעבערליכע אינסטרוקציאָנען, די טויזענדער און טויזענדער אַבסורדע רעגלען, וועלכע אידיאָטיזירען אייגפאַך דעם מוח פון אַ מענשען. אויב איהר האָט אַרויסגערופען דעם האַס פון אַן אָפיציר אָדער אַן אונטער-אָפיציר, דאַן וועט ער געפינען טויזענדער געלעגענהייטען צו פערביטערן אייך דאָס לעבען. אָפט מאָל איז גאָר ניט נייטיג, ער זאָל אייך פערזענליך פערהאַסען, זיין ברוטאַלער כאַראַקטער איז גענוגענד צו אונטערדריקען אייך און צו בעליידיגען ביי דער קלענסטער געלעגענהייט, דערפאַר וואָס עס מאַכט איהם אַ פערגניגען. ווען מען גיט דעם סיגנאַל צום אַפעל, דאַרפט איהר זיך שטענדיג רעכענען מיט די ערגסטע אונאַנגענעמליכקייטען. אויב איין קנאָפ בלישטשעט ניט אַזוי ווי די אַנדערע, אויב עס געפינט זיך אַ שטויבעלע אויף אייער ראָק, פערשפאַרט מען אייך אין אַ דונקלען לאָך פאַר אייניגע טעג. מען קוקט איבער יעדע קלייניגקייט פון אייערע קליידער און אונטערזוכט אפילו אייערע אונטער-קליידער, און וועה איז צו אייך ווען מען געפינט עפּעס ניט אין אָרדנונג.

אין די שלאָף-צימער פאַנגט זיך אָן אַן אַנדער געשיכטע. די שלעכטע בעטען מוזען יעדען פריהמאָרגען געמאַכט ווערען אַזוי „גלאַט ווי אַ בילאַרד-טיש", אַזוי לויטעט דער בעפעהל, וועלכער וואַרפט אַ שרעק אויף יעדען אייניציגען. הונדערטער לעבערליכע און אונניצלעכע קלייניגקייטען, וועלכע האָבען קיין אַנדערן צוועק ניט ווי צו פערביטערן אייך דאָס לעבען, ווידער-האָלען זיך יעדען טאָג מיט דער לאַנגווייליגער רעגעלמעסיגקייט פון אַ וואַנד-זייגער.

די אינספעקציאָנען ענדיגען זיך קיינמאָל ניט. און שטענדיג

האָט איהר די זעלבע ווערטער: שוויין! עזעל! הונד! און אַנדערע ליבענס־ווירדיגקייטען. מען אינטערזוכט אייך, צו אייערע הענד און פיס זיינען ריין געוואַשען; נאָך מעהר: איינמאָל אין וואָך פינדעט שטאַט די זאָגענאַנטע „סאַניטערע אינספעקציאָן", וואו דער בוטשער פון'ם רעגימענט אונטערזוכט אייערע בעהאַלטענסטע גלידער און אָרגאַנע. יעדעס פיינע געפיהל, יעדע דעליקאַטע געוואוינהייט ווערט פערניכטעט אין דער אַרמעע דורך דעם בעפעהל פון אייער קאָמאַנדיר.

* * *

די אַרמעע איז די שולע פון גלייכהייט, אזוי זאָגען אונז די פערטהיידיגער פון דער בורזשואַזיע. געוויס, די גלייכהייט אין רויקייט און ברוטאַליטעט, אָבער דאָס איז ניט די גלייכהייט, וועלכע מיר פאָדערן.

אָבער די אינספעקציאָנען, וועלכע שפּיעלען אַזאַ וויכטיגע ראָלע אים מיליטערישען לעבען, האָבען זיך נאָך ניט געענדיגט. יעדע דריי אָדער זעקס מאָנאַטען — איך געדיינק שוין מעהר ניט — פינדעט שטאַט אַ קיכען־אינספעקציאָן דורך אירגענד אַן אָפיציר; יעדעס יאָהר אַן אַלגעמיינע אינספעקציאָן דורך אַ גענעראַל.

צוויי וואָכען בעפאָר דער גענעראַל־אינספעקציאָן, רייניגט מען אלע ווינקלאַך פון דער קאַזאַרמע, די קיכען און אַלע אַנדערע פלעצער. היינט האָט איהר אַן אינספעקציאָן דורך דעם סערזשאַנט פון דער וואַך, מאָרגען קומט אַ קאַפּיטאַן, איבערמאָרגען אַ קאָלאָנעל און יעדער מאַכט אַ נייע אינספעקציאָן.

ביי יעדער אינספעקציאָן דאַרפט איהר אויסלייגען אויף'ן בעט אייער ביסעל אָרעמקייט. פריהער פון אַלעם דאַרפט איהר אויסשפּרייטען אַ טיכעל אויף'ן בעט, וועלכעס מען האַלט עקסטראַ פאַר אַזעלכע געלעגענהייטען; נאָך דעם האָט איהר אויסצולייגען אייערע בערשטלאַך, אייער בעסטע פּאָר שיך, אייער העמד, וועלכע איהר דאַרפט פריהער צונויפוויקלען אויף אַ גאַנץ בעשטימטען אופן, אייער היטעל, אייער נאָדעל־טעשעל, אייער קעסטעל שוה־וואַקס, אייער שערעל א. ז. וו.

כדי די אויסשטעלונג זאָל זיין אין יעדער בעציהונג גלייכ־מעסיג, אַזוי ווי דאָס געזעץ פאָדערט עס, זיינען איבעראַל אויס־געהייגנט אילוסטרירטע אַפּישען אין דער קאַזארמע, וואו איהר מוזט זיך יעדען מאָמענט נאָכקוקען, צי איהר האָט אַוועקגעלייגט אייער בערשטעל, אייער קעסטעל שוה־וואקס און אַנדערע וויכ־טיגע זאַכען געגוי אויף דעם זעלבען אָרט. אויב ניט, וועט איהר באַלד הערען אַ גאַנצען האָגעל פון קללות אין אייערע אויערען, ווען אייער אָפיציר בעמערקט די אונאָרדנונג. איהר דאַרפט וויסען, אַז דער טויט וואָלט אפילו ניט געווען קיין צו שטריינגע שטראָף פאַר אַזאַ מורא'דיגע נאכלעסיגקייט. שרעקליך, ווען אייער גענעראַל וועט אויסגעפינען, אַז איהר האָט אַוועקגעשטעלט אייער קעסטעל שוה־וואקס אויף דעם אָרט פון אייער בער־שטעל. פאַר איהם איז דאָס ערגער ווי דער אונטערגאַנג פון פראַנקרייך.

* * *

ביי דיזע אינספעקציאָנען ציינט זיך אָם בעסטען אַרויס די גייסטיגע פערשקלאַפונג און אונטערלעקעריי פון די אונטער־אָפיצירען און זאַגאַר פון די העכערע אָפיצירען. אין דעם מאָמענט, ווען מען סיגנאַליזירט, אַז דער גענעראַל איז געקומען, דאַן זעהט איהר ווי דיזעלבע אָפיצירען, וועלכע קוקען אַראָב מיט פעראַכטונג אויף יעדע פריוואַט־פערזאָן, מאַכען זיך פלוצלונג אַזוי קליין און בעהאַלטען זיך געהאָרכזאַם אונטער דעם רוקען פון דעם גענעראַל, וועלכער אויב ער ליידעט ניט פון רעמאַטיזם איז שטאָלץ ביי זיך ווי דער טייוועל אַליין! און זיינע אויגען! ווי אַ בליץ טרעפען זיי די קליינינקע מענשעלאַך, וועלכע שטעהען אויסגעשטעלט, שטייף ווי די שטעקענס, פאַר זייער גרויסען פיהרער. די אָפיצירען זיינען אַזוי ווי צומישט; אַ שרעקליכע זאַך האָט געטראָפען. איינער פון די סאָלדאַטען האָט אַ נאָדעל צו וויניג, אָדער, פערגעסענדיג, אַז די פערצעהן טעג האָבען זיך שוין געענדיגט נעכטען, האָט ער צוגעקנעפעלט זיין מאַנטעל אויף דער רעכטער אָנשטאָט אויף דער לינקער זייט. דער קאָלאָנעל ווערט באַלד דערשטיקט פון וואוטה, דער קאָמאַנדיר וויל אַרויס־

שפּרינגען פֿון דער הויט פֿון גרים־צאָרן, דער קאַפּיטאַן ווערט גרין און געל, דער קאָרפּאָראַל אַליין זאָגט קיין וואָרט ניט, ער ווייסט, אַז יעדער איינציגער פֿון דעם סערזשאַנט אָן וועט איהם בעצאָהלען, דעם יונגאַטש.

* * *

אין דער צייט, ווען עס גיט ניט קיין אינספּעקציאָן, געוועהנ־ליך אום שבת נאָכמיטאָג, כדי איהר זאָלט זיך ניט לאַנגווייליען, רופֿט מען אייך צו דער אַרבייט. מען הייסט אייך אַרומשפּאַצירען אין דעם הויף פֿון דער קאַזאַרמע און צונויפֿקלייבען אַלע שטיינער, וועלכע געפֿינען זיך דאָרט, נאָך דעם ווי איהר האָט פֿערבראַכט א שטונדע מיט דיזער אַנגענעהמער אַרבייט רופֿט מען אייך צוריק אין דער קאַזאַרמע. די קליינע שטיינער, וועלכע איהר האָט צונויפֿגעשאָטען אויף קליינע בערגלאַך, בלייבען ווייטער ליגען און וועהרענד דער וואָך צערשלעפּט מען זיי פֿון דאָס ניי איבער דעם גאַנצען הויף, כדי איהר זאָלט דעם נעכסטען שבת ווייטער קענען טהאָן דיזעלבע אַרבייט. דאָס מיליטערישע האַנד־ווערק וויים פֿון אַסך אַזעלכע גייסטרייכע בעשעפֿטיגונגען.

און ווען עס ווערט נאַכט און איהר פֿיהלט אין אייך דעם וואונש זיך דורכצוּרעדען אַביסעל מיט אייערע ליידענס־ברידער, דאַן וועט איהר באַלד אויסגעפֿינען, אַז זייער אונטערהאַלטונג איז זיכער ניט געמאַכט צו ענטוויקלען אייערע מאָראַלישע געפֿיה־לען און אַרויסצורופֿען נאָבעלע געדאַנקען אין אייערע מוחות. אָט זעהט איהר אַ גרופּע פֿון אייערע קאַמעראַדען, וועלכע קייקלען זיך פֿון געלעכטער. איהר ערוואַרטעט, אַז איהר וועט דאָרט הערען עפּעס אַן אינטערעסאַנטע זאַך און געהט צו צו זיי; נאָר וואָס געפֿינט איהר? עפּעס אַן אידיאָט דערצעהלט שמוציגע געשיכטען, וועלכע זיינען ניט ניי און האָבען ניט אין זיך קיין וויציגען אינהאַלט. איהר געהט צוריק אין געפֿינט אַן אַנדער גרופּע פֿון ברוטאַלע בעשעפֿניסע, וועלכע קענען ניט קיין אַנדער פֿערגניגען, ווי נאָך אַמאָל איבערצודערצעהלען די אַלע שוויינע־רייען, וועלכע זיי האָבען בעגאַנגען, אָדער וועלכע זיי דיינקען

צו בעגעהן מיט די לעצטע פּאָר גראָשען, וועלכע זייערע עלטערן האָבען זיך אָבגעשפּאָרט פון מויל, אום זיי צו אונטערשטיצען.

* * *

געוועהנליכע שמוצעריי און מאָראַלישע פערדאָרבענהייט, דאָס איז אַלעס, וואָס איהר קענט געפינען. פערזוכט ניט צו רעדען פון עפּעס אַנדערס, מען וועט אייך זיכער ניט פערשטעהן. עסען און ווייבער און ווייבער און עסען, דאָס זיינען די איינציגע פערגניגונגען, וועלכע מאַכען אַן איינדרוק אויף דיזע מענשען. און דאָך וואונדערט מען זיך נאָך, ווען פיעלע פון דיזע יונגע לייט, וועלכע האָבען פערבראַכט דריי יאָהר אין דער קאַזאַרמע, קומען צוריק, פּאַרטיג צו ווערען זשאַנדאַרמען, פּאָליציסטען אָדער שפּיאָנען. די אַרמעע איז ניט אַנדערס ווי אַ שולע פון קאָרופּציאָן; זי קען מעהר ניט אַרויסגעבען ווי שפּיאָנען, פוילענצער און שכּירים. די צאָהל פון די, וועלכע זיינען ניט בעאיינפלוסט געוואָרען פון דיזער דריי יעהריגער ברוטאַליזירונג, איז זעהר אַ קליינע, און אפילו ביי זיי קען מען נאָך לאַנג דערנאָך בעמערקען די שלעכטע ווירקונגען פון דער אַרמעע.

אַך, דיזע ברוטאַלע און אָבשייליכע דיסציפּלין, וועלכע פערניכטעט אַ מענשען פאָלשטענדיג, דערשטיקט זיין גייסט, קאָרומפּירט זיין כאַראַקטער און צערשטערט זיין ווילען! און צו דיזער שרעקליכער אינסטיטוציאָן פון קאָריפּציאָן און ברוטאַליטעט גיט מען איבער אַ יונגען מאַן, וועלכער זוכט צו ענטוויקלען זיינע געפיהלען פון שעהנהייט און וואַהרהייט, אַ מענש, וועמענס קראַפט עס איז נאָך ניט רייף געוואָרען אין דעם טעגליכען קאַמפּף פון לעבען און וועמענס מוח עס פאָדערט וואָס מעהר גייסטיגע נאַהרונג! די מיליטעריזשע דיסציפּלין ליעגט ווי אַ שווערע לאַסט אויף זיין מוח און דערשטיקט זיינע אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען. יעדער געדאַנק, יעדע בעוועגונג ווערט מעכאַניש, אפילו זיין האַרץ קלאַפּט נאָך דעם ריטמוס פון דער דיסציפּלין. און נאָך דעם ווי אַזאַ יונגער מענש איז דריי יאָהר געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון דער מיליטערישער היעראַרכיע בלייבט

פֿון איהם מעהר ניט איבער ווי אַ שמאַטע, אַ צובראָכענער כאַראַקטער, אויב ער איז ניט אין גאַנצען פֿערניכטעט געוואָרען.

* * *

מיר האָבען געזעהן, גרױזאַמער בורזשואַ, אַז דאָס פֿאָטער־לאַנד צו וועמענס פֿערטהיידיגער איהר ווילט אונז מאַכען, איז ניט מעהר ווי די אָרגאַניזאַציאָן פֿון אייערע פּריווילעגיעס; אַז דער מיליטאַריזם, וועלכען איהר פּריידיגט אַלס אַ פֿליכט פֿאַר אַלעמען, איז אויסשליסליך געשאַפֿען געוואָרען פֿאַר אייער איינציגע פֿערטהיידיגונג, און די גאַנצע אונגעהייערע לאַסט פֿון דיזער אינסטיטוציאָן ליעגט אויף די שולטערן פֿון די, געגען וועלכע זי איז געריכטעט. דער מיליטאַריזם האָט דער בורזשואַזיע געגעבען די מעגליכקייט צו פֿערשאַפֿען איהרע מיטגלידער אין דער אַרמעע גוטע און עהרענפֿאָלע שטעלונגען, צו געבען זיי די אויסזיכט פֿאַר אַ קאַריערע, און אין דערזעלבער צייט איז ער אַ מיטעל צו ענטוויקלען די קראַנקהאַפֿטע אַמביציע פֿון די, וועלכע האָבען זיך אין גאַנצען פֿערגעסען אָן די קלאַסע, פֿון וועלכער זיי זיינען אַרויסגעקומען, און שפּילען יעצט די ראָלע פֿון וועכטער־הינט.

וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָבען פֿאַר אונז אייער פֿאָטערלאַנד, אייערע גרענעצען? אייער פֿאָטערלאַנד עקספּלואַטירט אונז, אייער זאָגענאַנטע נאַציאָנאַליטעט איז פֿאַר אונז אַ פֿרעמדער בעגריף. מיר זיינען מענשען, בירגער פֿון דער גאַנצער וועלט. אַלע מענשען זיינען אונזערע ברידער, און אונזערע איינציגע פֿיינדע זיינען אונזער בעהערשער, די, וואָס בייטען אונז אויס, די, וואָס פֿער־הינדערן אונז אין דער פֿרייער ענטוויקלונג פֿון אונזערע קרעפֿטע און פֿעהיגקייטען. מיר ווילען ניט זיין לענגער ווי אַ שפּיעלצייג אין אייערע הענד, די פֿערטהיידיגער פֿון אייערע פּריווילעגיעס! מיר ווילען מעהר ניט דולדען די ערנידעריגונג פֿון אונזער מענשליכער ווירדע דורך דעם ברוטאַלען מיליטאַריזם, דאָס שענד־ליכע יאָך פֿון אייער אונמענשליכער דיסציפּלין! מיר ווילען אויפֿהויבען דעם קאָפּ און זיין פֿרייע מענשען!

* * *

און איהר, אָרימע טייוואָלים, וואָס מען האָט אייך אויסגע־קליבען צו טראָגען אויף זיך דעם יאָך פֿון די מיליטערישע געזעצע, איהר, וואָס איהר האָט שוין מאַנכעס מאָל געלעזען אין די ציי־טונגען פֿון די אונגערעכטיגקייטען, וועלכע ווערען בעגאַנגען יעדען טאָג אין נאָמען פֿון דיסציפּלין איהר, וואָס האָט געוויס שוין געהאַט אַ געלעגענהייט צו הערען די טרויעריגע געשיכטע פֿון יענע אָפּפֿער, וועלכע האָבען געליטען פֿון יענע געמיינהייטען, דיינקט איהר ניט, אַז עס איז צייט אַ ביסעל נאָכצודיינקען איבער דאָס לעבען, וועלכעס איהר האָט צו ערוואַרטען אין דער קאַזאַרמע? און איהר אַלע, וועלכע האָט ביז אַהער נאָר קענען געלערנט דאָס מיליטערישע לעבען דורך די בעגייסטערטע בעשרייבונגען פֿון די פּאָעטען, בעגרייפֿט איהר דען ניט דעם שענדליכען שווינדעל פֿון דיזע בורזשואַזע שרייבער, וועלכע פֿערהערליכען אין אַלע קאָלירען די „מיליטערישע טוגענד", די „עהרע פֿון דעם סאָלדאַט", די „גרויסקייט פֿון דעם קריעגער"? געהט נאָר, איהר אָרעמע טייוואָלים, און אָפּפֿערט די בעסטע יאָהרען פֿון אייער לעבען אין די קאַזאַרמען, אין די שולען פֿון קאָרופּציאָן, דערפֿאַר וואָס מען האָט אייך פֿערדרעהט דעם קאָפּ מיט דאָס וואָרט „פּאַטערלאַנד" אָדער ווייל איהר האָט מורא פֿאַר דעם קריעגס־געריכט. געהט, און זעהט אַליין וואָס איהר האָט צו ערוואַרטען!

אויב איהר ווילט אָבמאַכען אייערע דריי יאָהר אָהן אַן אונ־גליק, דאַן לאָזט איבער אין דרויסען יעדעס געפֿיהל, יעדען אינסטינקט פֿון מענשליכער ווירדע; מעקט אויס אין אייערע הערצער יעדעס געפֿיהל פֿון אונאַבהייניגקייט, דען די מיליטע־רישע „טוגענד" און „עהרע" פֿאָדערט פֿון אייך, איהר זאָלט מעהר ניט זיין ווי איינפֿאַכע אויטאָמאַטען צו טויטען אייערע מיטמענשען, פּאַסיווע אידיאָטען! וועה איז צו אייך, אויב איהר האָט נאָך בעהאַלטען אייערע הערצער אונטער דער יוניפֿאָרמע, דאָס קלענסטע געפֿיהל פֿון שטאָלץ קען זיין פֿאַר אייך דאָס גרעסטע אונגלוק!

* * *

ווען אַ פֿער׳שכור׳טער אונטער־אָפֿיציר בעליידיגט אײַך, דאַן זייט פֿאָרזיכטיג מיט יעדער בעוועגונג און דערשטיקט אין אייך יעדעס רעבעלישע געפֿיהל; אָנשטאָט צו געבען דעם בע־ליידיגער אַ פּאַטש אין פּנים, לעגט בעסער די האַנד אָן אייער היטעל און סאַלוטירט איהם. און אויב איהר קענט זיך ניט איינ־האַלטען, דאַן ענטפֿערט איהם: „איהר זייט גערעכט!" נאָר טהוט עס בעסער ניט, ווייל יעדעס וואָרט, יעדע בעוועגונג, דער קלענסטער סימן פֿון אויפֿרעגונג קען בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ פֿערשפּאָטונג פֿון דער מיליטערישער אויטאָריטעט און מען וועט אייך בעשטראָפֿען, ווייל איהר האָט ניט בעוויזען קיין רעס־פּעקט פֿאַר אייער אָפֿיציר. ווי מען זאָל אייך ניט בעליידיגען, דאַרפֿט איהר בלייבען שטום און טויב. שטייף ווי אַ שטעקען מוזט איהר שטעהן פֿאַר אייער בעליידיגער און רוהיג אויסהערען די שענדליכסטע געמיינהייטען. וועט איהר עס טהון? וועט איהר ניט געבען קיין פינטעל מיט די אויגען? — ניין? בראַוואָ! איהר וועט זיין גוטע סאָלדאַטען. אָט אַזעלכע בהמות דאַרף דאָס פֿאָ־טערלאַנד אַלס זיינע פֿערטהיידיגער.

* * *

אָבער אפשר וועט איהר פֿרעגען: „און ווען מיר קענען ניט בלייבען רוהיג? ווען עס איז אונמעגליך פֿאַר אונז צו שווייגען אויף די בעליידיגונג?"

דאַן גיט עס פֿאַר אייך נאָר איין מיטעל: שטעלט ניט אַריין אייער פֿוס אין יענעם שענדליכען פּלאַץ, וואו מען קאָרומפּירט און ערנידעריגט די מענשען! אויב איהר ווילט בלייבען מענשען, דאַרפֿט איהר ניט זיין קיין סאָלדאַטען! אויב איהר ווילט ניט דערטראָגען די שענדליכסטע געמיינהייטען, דאַרפֿט איהר ניט אָנטהאָן די יוניפֿאָרמע. אָבער ווען איהר זייט טראָץ דעם געווען אַזוי אונפֿערנינפֿטיג צו געהן אין דער קאַזאַרמע, און איהר קומט אין אַ לאַגע, ווען איהר קענט אייך מעהר ניט איינהאַלטען — דאַן בעליידיגט ניט און שלאָגט ניט אייער אָפֿיציר...!

שפּאַלט איהם דעם קאָפּ! עס וועט אייך ניט קאָסטען טהייערער.

# די קאלאניזאציע.

די קאָלאָניזאַציע פֿערנעהמט אַ צו גרויסען פלאַץ אין דער היינטיגער עפּאָכע, אַז מיר זאָלען זיך ניט דאַרפֿען בעשעפֿטיגען מיט דיזען פֿאַלשען קינד פֿון פאַטריאָטיזם און קאָמערציאַליזם, וועלכעס איז אין דער ווירקליכקייט ניט אַנדערש ווי רויבעריי און גנבה מיט די וואַפֿען אין דער האַנד צו גונסטען די הערשענדע קלאַסען.

ווען אַ פריוואַט-פערזאָן דרינגט אַריין אין דאָם הויז פֿון זיין שכן, צוברעכט דאָרטען אַלצדינג און נעהמט צו, וואָס ער גע־פֿינט נאָר פֿאַר זיין אייגענעם נוצען, דאַן רופֿט מען איהם אַ פֿערברעכער און די געזעלשאַפֿט בעשטראָפֿט איהם. אָבער ווען אַ רעגירונג, וועלכע געפֿינט זיך אין אַ קריטישען אינערליכען צושטאַנד, אַ צושטאַנד, וועלכער פֿאָדערט אַן אויסערליכע אָב־ציהונג, אויב זי האָט אין דערהיים צו פֿיעל ליידיגע הענד און וויים ניט וואָס צו טהאָן מיט זיי אָדער צו פֿיעל פראָדוקטע און ניט קיין מעגליכקייט זיי צו פֿערקויפֿען, אָט ווען אַזאַ רעגירונג פֿאַנגט אָן אַ מלחמה מיט אַ פֿאָלק, וואָס איז פֿיעל שוואַכער פֿון איהר, ווען זי נעהמט צו אַ פֿרעמדעס לאַנד, פֿיהרט איין דאָרטען אַ סיסטעם פֿון עקספלאָאַטאַציע, צווינגט די איינוואוינער צו קויי־פֿען איהרע פראָדוקטע און שלאַכטעט זיי אויס, אויב זיי ווילען ניט אָננעהמען אַזאַ סיסטעם, דאַן רופֿט מען דאָס ניט אָן אַ פֿערברעכען, זאָנדערן אַ מאָראַלישע האַנדלונג. מיט איין וואָרט, ווען די גנבה ווערט בעגאַנגען אויף אַ גרויסען שטייגער, דאַן רופֿט מען עס ניט רויב און מאָרד, ניין, די געזעלשאַפֿט האָט ערפֿונדען אַן אַנדער וואָרט, אום צו בעהאַלטען נידערטרעכטיגע

האנדלונגען אונטער אַן עהרליכען נאָמען; מען רופט עס „ציוויר־ליזירען" די הינטערשטעליגע פעלקער.

* * *

און דיינקט ניט, אַז דאָס איז איבערטריבען! קיין נאַציאָן ווערט ניט געאַכטעט אַלס קאָלאָניזאַטאָר, אויב זי פערשטעהט ניט אַרויסצושלעפען פון אַ לאַנד דאָס מייסטע, וואָס עס לאָזט זיך נאָר אַרויסשלעפען. ענגלאַנד צ.ב ש., האָט אַ נאָמען פאַר אַ גוטע קאָלאָניאַל־לאַנד, דערפאַר וואָס זי פערשטעהט צו „בעלוי־נען" איהרע קאָלאָניען דורך דעם וואָהלשטאַנד פון די, וועלכע זי שיקט אַרויס צו רעגירען זיי און רעגעלמעסיג אַרויסצופרעסען פון זייערע איינוואוינער די נייטיגע אָבגאַבען. אין אינדיען צ.ב.ש. זעהען מיר, אַז די ענגלישע רעגירער קלייבען זיך צונויף קאָלאָ־סאַלע פערמעגענס. דאָס לאַנד אַליין ווערט פון צייט צו צייט איבערפאַלען פון שרעקליכע הונגער־עפידעמיעס, וועלכע פער־ניכטען הונדערט טויזענדער מענשען. אָבער וואָס פאַר אַ ווערטה האָבען אַזעלכע קלייניגקייטען, אַזוי לאַנג ווי דזשאָהן בול קען פערקויפען זיינע פראָדוקטע און בעקומט דערפאַר צוריק מיט פראָצענט אַלעס דאָס, וואָס ענגלאַנד אַליין קען ניט פראָדוצירען! אָט דאָס איז דאָך דער פראָפיט פון דער ציוויליזאַציאָן.

אין פראַנקרייך איז די זאַך אַביסעל אַנדערס; מיר זיינען ניט קיין קאָלאָניזאַטאָרס נאָר דאָס מיינט פאַר קיין פאַל ניט, אַז מיר זיינען אפשר קלענערע באַנדיטען, און אַז מיר עקספּלאָ־אַטירען ניט אַזוי שטאַרק די איינוואוינער פון אונזערע קאָלאָניעס; ניין, מיר זיינען נאָר ניט אַזוי „פראַקטיש" ווי די ענגלענדער. אָנשטאָט צו שטודירען די פעלקער, קאָנצענטרירען מיר אונזער גאַנצען אינטערעס אויף די עראָבערונג און שטיצען זיך אויסשליס־ליך אויף די ברוטאַלע געוואַלט; מיר פיהרען איבעראַל איין דעמזעלבען רעזשים ווי ביי אונז אין דערהיים, און אויב די פרעמדע פעלקער און שטאַמען קענען זיך ניט צופאַסען דערצו, דאַרפען זיי טראַגען די קאָנסעקווענצען. זיי וועלען ביסלעכווייז אונטערגעהן אונטער דעם ברוטאַלען איינפלוס פון אונזער פער־וואַלטונג, צו וועלכער זיי זיינען ניט צוגעוואוינט. און אויב זיי

הויבען אָן צו רעוואָלטירען, וועלען מיר זיי יאָגען ווי ווילדע חיות און דערשיסען ווי משוגע'נע הינט. מאָרד און פּלינדערונג זיינען אין אַזאַ פֿאַל ניט נאָר ערלויבט, זאָנדערן יאָגאַר אַ פּפֿליכט; מען רופֿט דאָס אָן אַ „שטראָף־עקספּעדיציע."

די ווילדע חיות, וועלכע מיר ערציהען און האַלטען אויף אַלס אונזערע „סאָלדאַטען", ווערען אָנגעהעצט אויף וועהרלאָזע מענשען און האָבען דאָס רעכט צו בעגעהן די שענדליכסטע פֿערברעכען. מען פֿערגוואַלטעוועט פֿרויען, שניידט איבער די העלזער פֿון זייערע קינדער, פֿערברענט גאַנצע דערפֿער און טרייבט זייערע איינוואוינער אין ערגעץ אַ וויסטע געגענד, וואו זיי געהען צו גרונדע אויף אַ שרעקליכען אופֿן. נאָר דאָס אַלעס שפּיעלט ניט קיין ראָלע; יעדער ווייס, אַז דאָס איז אַ געבילדעטע נאַציאָן, וועלכע מאַכט בעקאַנט די ווילדע מיט דער ציוויליזאַציע.

*
* *

פֿערשטעהט זיך, ווען מיר קוקען מיט אויפֿמערקזאַמע אויגען אויף אַלעס, וואָס רינגעלט אונז אַרום, וועלען מיר אין דיזע אַלע ברוטאַליטעטען ניט זעהן קיין אויסערגעוועהנליכע און אונפֿערניינפֿטיגע ערשיינונגען; ס'איז איינפֿאַך די פֿאָלגע פֿון אונזער יעצטיגער אָרגאַניזאַציאָן; און עס איז גאַנץ נאַטירליך, דאָס אַזעלכע „העלדען־טהאַטען" רופֿען אַרויס דעם בייפֿאַל פֿון דער גאַנצער בורזשואַזער וועלט. די בורזשואַזיע איז פֿעראינטערעסירט אין אַזעלכע רויבערייען; דאָס איז אַ גוטע רעכטפֿערטיגונג פֿאַר די נויטווענדיגקייט פֿון די שטענדיגע אַרמעען, און די יוניפֿאָרמירטע מערדער בעקומען דאַדורך אַ געלעגענהייט צו טהאָן אַן ערנסטע „אַרבייט". און אויסערדעם זיינען די אַרמעען זעהר אַ גוטע איינריכטונג, אום פּטור צו ווערען פֿון אַ סך אידיאָטען און ווערטהלאָזע פּערזאָנען, מיט וועלכע די בורזשואַזיע וואָלט זיך געדאַרפֿט רעכענען; אָבער מיט דער הילפֿע פֿון אַ יוניפֿאָרמע און אַ פּאָר גילדענע צאַצקעס זיינען זיי געוואָרען איהרע פֿאַנאַטישסטע פֿערטהיידיגער. אַזעלכע עראָבערונגען פֿערלייכטערן די אויספֿיהרונג פֿון אַ גאַנצער סעריע פֿון פֿינאַנציעלע שווינדלערייען, זיי גיבען אַ מעגליכקייט אַרויסצובעקומען די אָבגעשפּאָרטע געל־

דער פֿון די קליינע געשעפֿטס־לייט פֿאַר צווייפֿעלהאַפֿטע אונ־טערנעהמונגען; און אין דערזעלבער צייט קען מען מאָנאָפּאָליזירען דאָס געטריבטע לאַנד פֿון די בעזיעגטע. און נאָך אַ זאַך: דורך דיזע צייטענווייזע מלחמות ווערען אויסגעשלאַכט אַסך אַרבייטער, און דאָס איז זיכער גוט פֿאַר אונזערע קאַפּיטאַליסטען, וויל זייער גרויסע צאָהל איז אַ שטענדיגע געפֿאַהר אין דער צייט פֿון אַ קריזיס. דאָס עראָבערטע לאַנד דאַרף האָבען אַ פֿערוואַלטונג, און דאָס איז אַ גוטע געלעגענהייט פֿאַר אַ גאַנצע אַרמעע פֿון געשעפֿטס־פּאָליטיקער און אמביציאָנעלע פּערזאָנען; אויף אַזאַ מין אַרט געווינט די בורזשואַזיע נייע סימפּאַטיזירער, וויל דיזעלבע מענשען וואָלטען אפשר געווען אַ הינדערנים אויף איהר וועג, ווען זי וואָלט זיי ניט געגעבען גוטע שטעלונגען.

און נאָך מעהר: אָט גיט עס נייע מענשען צו אונטערדריי־קען און עקספּלואַטירען, נייע פֿעלקער, וועלכע מען קען צווינגען צו קויפֿען די איבערפֿליסיגע פּראָדוקטען און וועלכע מען קען אויסראָטען ביסלעכווייז, ניט דאַרפֿענדיג אָבגעבען קיינעם קיין רעכנונג דערפֿאַר. ווען עס האַנדעלט זיך אום אַזעלכע פּראָפֿיטען, קען זיך די בורזשואַזיע ניט אָבשטעלען; די פֿראַנצייזישע קאַפּי־טאַליסטען האָבען דאָס גוט פֿערשטאַנען און דערפֿאַר וואַרפֿען זיי זיך מיט זייער גאַנצער ענערגיע אויף די קאָלאָניאַלע אונ־טערנעהמונגען.

אָבער וואָס עס איבערראַשט אונז אַם מייסטען און שלאָגט אונז אַראָב פֿון מוטה, איז דער פֿאַקט, אַז עס גיט נאָך אַלס אַרבייטער, וועלכע אונטערשטיצען דיזע נידערטרעכטיגקייטען, אַרבייטער, וועלכע זיינען פֿאַרטיג צוצולייגען אַ האַנד צו דיזע שופּטערייען, און וועלכע ווילען פֿאַר קיין פֿאַל ניט פֿערשטעהן, אַז עס איז אַ מורא'דיגע אונגערעכטיגקייט אויסצושלאַכטען מענשען אין זייער אייגענער היים, כדי זיי צו צווינגען צו לעבען אויף אַזאַ שטייגער, וועלכער איז ניט נאַטירליך פֿאַר זיי. אַך, מיר ווייסען שוין דעם ענטפֿער, וועלכען מען האָט צוגעגרייט פֿאַר די, וועלכע עמפּעהרען זיך געגען אַזעלכע גרויזאַמע אונגע־רעכטיגקייטען: „זיי האָבען זיך אויפֿגעהויבען געגען אונז, זיי

האָבען געטויטעט די אונוועריגע. עס איז אונמעגליך, מיר זאָלען זיי שווייגען דערפאַר... נאָך אַלעם דעם זיינען עס מעהר ניט ווי ווילדע, וועלכע מען דאַרף ציוויליזירען... די נויטווענדיגקייטען פון׳ם האַנדעל פאָדערן עס... מעגליך, אַז עס איז געווען אַן אונרעכט פון אונזער זייט, וואָס מיר זיינען געגאַנגען צו זיי; אָבער די קאָלאָניען האָבען אונז שוין אָבגעקאָסט אַזוי פיעל געלד און מענשען, אַז עס וואָלט געווען אַ לעבערליכקייט זיי אָבצוּלאָזען א.ז.וו.א.ז.וו."

„זיי האָבען זיך אויפגעהויבען געגען אונז, זיי האָבען געטויטעט אונזערע מענשען!" נו, איז וואָס? וואָס האָבען מיר געהאַט צו זוכען ביי זיי? פאַר וואָס האָבען מיר זיי ניט געלאָזט צופריעדען? האָבען זיי עפּעס געפאָדערט פון אונז? מיר האָבען זיי געצוואונגען אָנצונעהמען געזעצע, וועלכע זיי האָבען ניט געוואָלט אָננעהמען; זיי האָבען זיך אויפגעהויבען דאַגעגען, און זיי זיינען געווען גערעכט. אַלס ערגער פאַר די, וועלכע זיינען געפאַלען אין קאַמפף. ווער האָט זיי געהייסען נעהמען אַן אַנטהייל אין אַזעלכע נידערטרעכטיגקייטען?

„אָבער עס זיינען דאָך ווילדע, מען דאַרף זיי ציוויליזירען!" לעזט נאָר איבער די בלוטיגע געשיכטע פון די עראָבערונגען, און דאַן אורטהיילט אַליין, ווער עס איז געווען ווילדער, צי די, וועלכע מען האָט גערופען ווילדע, צי די „ציוויליזירטע"? ווער האָט מעהר נויטווענדיג מען זאָל איהם ציוויליזירען, דער עראָבערער אָדער די פריעדליכע איינוואוינער, וועלכע האָבען מייסטענטהיילס עמפפאַנגען זייערע אונטערדריקער מיט אָפענע אָרעמס, כדי מען זאָל זיי שפּעטער דערפאַר מאַרטערן און אויסשלאַכטען? נעהמט די געשיכטע פון דער עראָבערונג פון אַמעריקאַ דורך די שפּאַניער, אָדער פון אינדיען דורך די ענגלענדער, אָדער פון נאָרד־אַפריקאַ, קאָשינשינאַ און טאָנקין דורך די פראַנצויזען, און אויב איהר האָט דעם מוטה, מעגט איהר זיך ווייטער בעריהמען מיט אייער ציוויליזאַציאָן. און פערגעסט ניט, אַז אין דיזע היסטאָריעס קענט איהר נאָר געפינען די „גרויסע פאַקטען", אָבער נאָך דעם מעגט איהר זיך מאַכען אַ בילד פון די „קליינע פאַ־

פֿירונגען", וועלכע שטעלען צונויף די גרויסע, און וועלכע מען בעמערקט אפילו ניט; און ווען איהר וואָלט זיך ערשט דערוואוסט פֿון די אַלע שענדליכקייטען, וועלכע מען זעהט ניט אַרוים צווישען די גרויסע היסטאָרישע פֿאַקטען, זייט זיכער, אַז די הערצער וואָלטען אייך פֿערפֿראָרען געוואָרען פֿון אַזעלכע גרויזאַמע מערדערייען.

*
* *

מיר פֿון אונזער זייט, פֿערברייגענדיג אַ געוויסע צייט אין אַן אָבטהיילונג פֿון דער מאַרינע־אינפֿאַנטעריע, האָבען אַליין אַסך מאָל געהערט דערצעהלען פֿון אַזעלכע סצענען, וועלכע בעווייזען, אַז ווען דער סאָלדאַט געפֿינט זיך אין אַן עראָבערטען לאַנד, פֿיהלט ער זיך דאָרטען אַלס אַן אַבסאָלוטער זעלבסהערשער; ער קוקט אויף די איינוואוינער אַזוי ווי אויף בהמות, מיט וועלכע ער קען טהאָן און לאָזען אנדערע מהאָן וואָס עס פֿערגלוסט זיך איהם; ער האָט דאָס רעכט צוצונעהמען אַלצדינג, וואָס עס געפֿעלט איהם; און וועה איז צו דעם איינוואוינער, וועלכער וויל זיך ניט אונטערגעבען, ער וועט איהם באַלד בעווייזען, אַז דער שווערד איז דאָס איינציגע געזעץ. דיזעלבע אינסטיטוציאָן, וועלכע פֿערטהיידיגט דאָס אייגענטהום אין אייראָפּאַ, אָנערקענט ניט דאָס אייגענטהום אין אַנדערע לענדער. דער געוועהנליכער סאָלדאַט ווערט אין יעדער בעציהונג קוראַזשירט אין זיינע האַנדלונגען דורך דעם ביישפּיעל פֿון זיינע אָפֿיצירען און דורך דער פֿערוואַלטונג, וועלכע גיט איהם אַליין דעם שטעקען אין האַנד און מאַכט איהם צום אויפֿזעהער פֿון די איינגעבאָרענע, וועלכע זי בעשעפֿטיגט.

ווי פֿיעל אָבשטויסענדע האַנדלונגען דערצעהלט מען אייך גאַנץ נאַאיוו, אָקוראַט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען גאַנץ נאַטירליכע פּאַסירונגען! און אויב איהר דערוועגט זיך צו בעמערקען, אַז אַן איינגעבאָרענער, וועלכער האָט זיך אויפֿגעהויבען און געטויטעט זיין אונטערדריקער, איז געוועזען פֿאָלקאָמען גערעכט, דאַן זאָלט איהר הערען, מיט וואָס פֿאַר אַ געשריי מען ענטפֿערט אויף אייערע ווערטער. „וואָס? אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען די

הערדען און רעגירער, דאַרפֿען זיי אונז געהאָרכען! אויב מיר וואָלטען זיי געלאָזט אָנגעהן אויף זייער אייגענעם שטייגער, וואָלטען זיי זיך אויפֿגעהויבען און אונז אַוועקגעטריבען פֿון דאַנען. איהר הערט אַ געשיכטע? נאָך דעם ווי פֿראַנקרייך האָט געאָפּפֿערט אַזוי פֿיעל געלד און מענשען, זאָל זי פֿערלירען די קאָלאָניען. אויף איזאַ מין אַרט וואָלט זי באַלד אין גאַנצען געווען אָהן קאָלאָניען!"

אָט האָט איהר אַ ביישפּיעל, אויף ווי ווייט די מיליטערישע דיסציפּלין און ברוטאַליטעט האָט קאָרומפּירט די מיחות פֿון די אַרביימער. זיי אַליין דערטראָגען דיזעלבע אונגערעכטיגקייטען, דיזעלבע שענדליכקייטען און זיי העלפֿען מיט בעגליקען מיט דעם אַנדערע, און זיי בעגרייפֿען אפילו ניט די נידערטרעכטיגקייט פֿון זייערע האַנדלונגען. זיי זיינען ניט מעהר ווי די אונבעוואוסטע ווערקצייג פֿון'ם דעספּאָטיזם און בעריהמען זיך נאָך מיט דער טרויעריגער ראָלע, וועלכע זיי שפּיעלען, ניט פֿערשטעהענדיג די אַלע שענדליכקייטען און געמיינהייטען.

* * *

וואָס אָנבעלאַנגט די „נויטווענדיגקייט פֿון'ם האַנדעל", איז דער אמת'ער מאָטיוו דער: די קאַפּיטאַליסטען, זייענדיג איבערפֿלייצט מיט פּראָדוקטען, וועלכע זיי קענען ניט פֿערקויפֿען, האָבען ניט קיין בעסערען מיטעל, ווי נאָר צו האַלטען מלחמה מיט אָרימע טייוואַלים, וועלכע האָבען אפילו ניט די קראַפֿט זיך צו פֿערטהיידיגען, כדי זיי צו צווינגען צו קויפֿען די פּראָדוקטען. עס איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז מען וואָלט זיך געקענט פֿערשטענדיגען מיט זיי; עס וואָלט געווען אַ לייכטע זאַך צו אָרגאַניזירען מיט זיי אַ געגענזייטיגען אויסטויש פֿון די פּראָדוקטען, און ווען די קאַפּיטאַליסטישע סחורות וואָלטען אפילו קיין שום ווערטה ניט געהאַט, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך געוואָרפֿען אין די אויגען, וואָלט מען געקענט אַלצדינג אַרויסבעקומען פֿון דיזע פּרימיטיווע פֿעלקער און געמאַכט גלענצענדע פּראָפֿיטען. איז דאָס דען ניט געווען דער פֿאַל, איידער מען האָט אָנגעהויבען צו עראָבערן דעם „שוואַרצען קאָנטינענט"? האָבען מיר דען ניט

געהאַט קיין פֿערבינדונגען דורך די שטאַמען בײ'ן ברעג ים מיט די שטאַמען, וועלכע האָבען געלעבט טיעפֿער אין לאַנד? און האָבען מיר דען ניט געקראָגען דיזעלבע פּראָדוקטען, וועלכע מיר בעקומען היינט?

געוויס, מעגליך וואָלט עס געווען, אָבער אָנצוגעהן אויף אַזאַ'ן אופן פֿאָדערט צייט און געדולד; מען קען ניט מאַכען קיין געשעפֿטען אויף אַ גרויסען שטייגער, און מען דאַרף זיך רעכענען מיט דער קאָנקורענץ. „דער קאָמערץ מוז בעשיצט ווערען!" און מיר וויסען, וואָס דאָס מיינט: מען שיקט אַוועק צוויי אָדער דריי קריעגס-שיפֿען, אַ האַלבען דוצענד טאָרפּעדאָס, אַן אָבטהיילונג מיליטער — און די ציוויליזאַציאָן פֿאַנגט זיך אָן! מיר האָבען בעזיעגט אַ שטאַרקעס, קרעפֿטיגעס און געזונטעס פֿאָלק; אין פֿערציג אָדער פֿופֿציג יאָהר אַרום האָב'ן מיר געמאַכט פֿון זיי אַ סטאַדע פֿון בלוט־אָרימע, מיסהאַנדעלטע און עלענדע בעשעפֿניסע; אַ העלפֿט פֿון זיי זיינען שוין געשטאָרבען, די אַנדערע זיינען קאָרומפּירט און דעגענערירט, נאָך אַ קורצע צייט און זיי וועלען אין גאַנצען פֿערשווינדען, און די ציוויליזאַציאָן איז פֿאַרטיג מיט איהר אַרבייט!

* * *

אויב אימיצער צווייפֿעלט אפשר אין דער וואַהרהייט פֿון דיזער בעהויפּטונג, דאַרף ער בלויז לעזען די בעריכטען פֿון די רייזענדע איבער דעם צושטאַנד פֿון די לענדער, וועלכע די אייראָפּעער האָבען ערָאבערט: איבעראַל זעהען מיר, אַז די צאָהל פֿון די איינגעבאָרענע ווערט קלענער און קלענער און פֿערשווינדעט צולעצט אין גאַנצען; שכרות, סיפֿילים און אַנדערע געשענקע פֿון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן פֿערניכטען זיי מאַסענווייז, און די וואָס בלייבען לעבען, שטאַרבען ביסלעכווייז פֿון דער אויסצעהרונג און בלייכזוכט. און קען מען דען גאָר ערוואַרטען אַ בעסערען רעזולטאַט? זיכער ניט, אַזוי לאַנג ווי מען וועט אָנווענדען אַזעלכע מיטלען! אָט האָט איהר אַ פֿאָלק, וועלכעס איז געוואוינט צו לעבען אויף אַ גאַנץ אַנדערן שטייגער ווי מיר, אַ פֿאָלק מיט אַנדערע פֿעהיגקייטען און בעדירפֿניסע; און אָנ־

שטאָט צו שטודירען דיזע בעזונדערע פֿעהיגקייטען און בעדירפֿניסע, אָנשטאָט צו פֿערזוכען דיזע מענשען ביסלעכוויז בעקאַנט צו מאַכען מיט אונזער ציוויליזאַציאָן, גראַדענווייז און אונבעמערקבאַר, זיי מעהר ניט צו געבען. ווי זיי זיינען פֿעהיג אויפֿצונעהמען אין זיך, אָנשטאָט דעם האָט מען זיי געוואָלט אַסימילירען מיט אַמאָל, מיר האָבען פלוצלינג פֿערניכטעט זייערע אַלע לעבענס-בעדינגונגען, און ניט נאָר. וואָס מיר האָבען זיי דאַדורך אָבגעשטויסען פֿון זיך, נאָר די ערפֿאַהרונג איז אויך געוועזען פֿאַר זיי זעהר אַ שלעכטע.

וואָס פֿאַר אַ וואונדערבאַרע ראָלע וואָלט דער זאָגענאַנטער ציוויליזירטער מענש געקענט שפּיעלען אין דיזער בעציהונג, ווען ער וואָלט פֿערשטאַנען זיין אמת׳ע שטעלונג, און ווען ער וואָלט אליין ניט אָנגעשטעקט געוועזען פֿון יענע צוויי שוידערליכע קראַנקהייטען: רעגירונג און קאָמערציאַליזם, פֿון וועלכע ער דאַרף זיך פֿריהער אַליין אויסהיילען, איידער ער געהט ציוויליזירען אַנדערע.

*
* *

די קולטורעלע ערציהונג פֿון די פֿעלקער און שטאַמען, וועלכע זיינען ריקשטענדיג אין דער אַלגעמיינער ענטוויקלונג, וואָלט געקענט אָנגעהן אויף אַ פֿריעדליכען אופן און געקענט אַריינברייננגען נייע און פֿעהיגע עלעמענטען אין דער ציוויליזאַציאָן, נייע קרעפֿטען, צו בעלעבען איהר פֿון דאָס ניי. דערצעהלט אונז ניט פֿון דער פֿאַלשקייט און גרויזאַמקייט פֿון די באַרבאַרישע פֿעלקער! לעזט נאָר די בעריכטען פֿון יענע אמת מוטהיגע מענער, וועלכע האָבען צוזאַמען געלעבט מיט ווילדע אונבעקאַנטע שטאַמען מיט דער איינציגער אַבזיכט צו מאַכען רייכער די וויסענשאַפֿט דורך זייערע ערפֿאַהרונגען! דיזע מענער האָבען איבעראַל געהאַט דעם גרעסטען ערפֿאָלג און זיך ערוואָרבען די פֿריינדשאַפֿט פֿון יענע ווילדע פֿעלקער; זיי האָבען געלעבט מיט זיי אָהן מורא. די פֿאַלשקייט און גרויזאַמקייט האָט זיך ערשט אָנגעפֿאַנגען, ווען יענע פֿערדאַמטע הענדלערס זיינען געקומען, וועלכע האָבען בעהאַלטען זייערע קאָמערציעלע אָדער פּאָליטישע פּלענער אונטער דעם פֿאַלשען נאָמען פֿון וויסענשאַפֿטליכע

פֿאַרשער. זיי זיינען דאָס געווען, וואָס האָבען אַרויסגערופֿען די אַנטיפּאַטהיע פֿון יענע פֿעלקער געגען די ווייסע, דורך דעם וואָס זיי האָבען זיי בעטראָגען און בעשווינדעלט, ניט האַלטענדיג זייערע פֿערשפּרעכונגען, און בעגאַנגען די שענדליכסטע מערדערייען, ווען עס איז מעגליך געווען אויסצוקומען מיט פֿריעדליכע מיטלען.

געהט נאָר, איהר קאָמערציעלע פֿילאַנטראָפּען, איהר ציוויליזאַטאָרען מיט ביקסען און שווערדען, געהט, און זינגט ווייטער אייערע לויב-ליעדער אויף די וואָהלטהאַטען פֿון דער ציוויליזאַציאָן! דאָס וואָס איהר רופֿט אָן מיט דיזען נאָמען און וואָס איהר זוכט צו בעהאַלטען אונטער דעם וואָרט „קאָלאָניזאַציע", האָט שוין לאַנג געפֿונען זיין ריכטיגען נאָמען אין אייערע געזעץ-ביכער, ווען עס האַנדעלט זיך אום די טהאַטען פֿון אונבעקאַנטע פּערזאָנען: „פּלינדערונג און מאָרד דורך בעוואַפֿענטע באַנדען", אָט דאָס איז דער ריכטיגער נאָמען, אָבער די ציוויליזאַציאָן האָט קיין זאַך ניט צו טהאָן מיט די שענדליכע האַנדלונגען פֿון געוועהנליכע באַנדיטען, וועלכע רויבען און הרג'ענען אויף אַגרויסען שטייגער.

*

* *

די הערשענדע קלאַסע דאַרף נייע מאַרקעטס פֿאַר איהרע פּראָדוקטע און נייע פֿעלקער צום עקספּלאָאַטירען. אָט דערפֿאַר שיקען זיי אַרויס מענער ווי סאָלסיאיע, בראַזאַ, קרעמפּעל, טריוויע א.ז.וו., כדי זיי זאָלען אויסגעפֿינען נייע לענדער, צו עפֿענען דאָרטען געשעפֿטס-הייזער, דורך וועלכע מען זוכט צו פֿערזיכערן די אונבעשריינקטע אויסבייטונג פֿון די איינגעבאָרענע. זיי הויבען אָן מיט דער קאָמערציעלער אויסבייטונג און זיי ענדיגען מיט דער אויסבייטונג אויף אַלע געביטען, ווי באַלד די שטאַמען שטעהען ערשט אונטער זייער פּראָטעקציאָן. די בורזשואַזיע דאַרף אונגעהייערע שטיקער לאַנד, אום צו שאַפֿען פּלאַץ פֿאַר די איבערפֿליסיגע בעפֿעלקערונג אין דערהיים.

וואָס האָט איהר געמאַכט פֿון די שטאַמען אין פּאָלינעסיען (אויסטראַלישע אינזעל-גרופּען), וועלכע אַלע רייזענדע שטעלען אונז פֿאַר אַלס געזונדע, שטאַרקע מענשען, וועלכע שטאַרבען יעצט ביסלעבוויז אים אונטער אייער רעזשים, איהר ציוויליזאַטאָרען? און

וואָס האָט איהר געמאַכט פֿון די איינגעבאָרענע פֿון אַמעריקאַ, וועלכע שטאַרבען אויס פֿון טאָג צו טאָג, ווייל איהר האָט אַוועקגערויבט פֿון זיי דאָס לאַנד דורך פֿערראַטה און אַנדערע שענדליכע מיטלען?

אָבער די ענטוויקלונג פֿון אייער זאָגענאַנטער „ציוויליזאַציאָן" איז אַ געפֿאַהר פֿאַר אייך אַליין, און אויב די אַרבייטער זאָלען אפילו געהן צו גרונדע אין דעם קאַמפּף, צו וועלכען איהר האָט זיי געצוואונגען, איז אייער אייגענער אונטערגאַנג אויך אונפֿערמיידליך. אייער קאָרופּציאָן, אייער פֿוילקייט וועט אייך פֿערניכטען, אָקוראַט ווי זיי האָבען פֿערניכטעט די ציוויליזאַציעס פֿון גריכענלאַנד און רוים, ווען זיי האָבען דערגרייכט די העכסטע שטופֿע פֿון לוקסוס און אויסבייטונג. דיזע פֿעלקער זיינען צו גרונדע געגאַנגען דורך זייער אייגענע נערווען־שוואַכקייט, און דעגענעראַציאָן, און עס איז געווען אַ לייכטע אַרבייט פֿאַר די באַרבאַרישע פֿעלקער, וועלכע האָבען נאָך געהאַט זייער פֿולע קראַפֿט און נאַטירליכע געזונדהייט, איבערצוקעהרען יענע אָבשטאַרבענדע ציוויליזאַציעס.

* * *

אָקוראַט ווי איהר האָט זיך אונטערגענומען צו פֿערניכטען אַנדערע ראַסען, וועלכע שטעהען ניט נידעריגער ווי די אונזעריגע, ווי מיר וועלען שפּעטער בעווייזען, אַזוי זוכט איהר אויך צו פֿערניכטען די אַרבייטער קלאַסע, אויף וועלכע איהר קוקט אויך אַראָב ווי אויף אַ נידעריגע קלאַסע. יעדען טאָג וואַרפֿט איהר אַרויס די אַרבייטער פֿון די פֿאַבריקען און לאָזט פֿערנעהמען זייערע פּלעצער דורך מאַשינען. אייער טריאומפֿ וואָלט געווען דער אונטערגאַנג פֿון דער מענשהייט, דען זי וואָלט ביסלעכווייז פֿערלאָרען אַלע פֿעהיגקייטען, וועלכע דער קאַמפּף אום דאַזיין פֿאָדערט, און מיר וואָלטען געפֿאַלען צוריק אין דעם פּרימיטיווען צושטאַנד פֿון דער אַלטער געזעלשאַפֿט; די מענשהייט וואָלט מעהר קיין אַנדער אידעאַל ניט געהאַט ווי אַ פֿעראייניגונג פֿון מאָגענס, קאָמאַנדעוועט פֿין אַ פֿאָלק פֿון מאַשינען און בעדינט פֿון אויטאָמאַטען, מיט איין וואָרט, פֿון דעם מענשען וואָלט קיין זאַך מעהר געבליבען ווי דער נאָמען.

# עס גיט קיין נידעריגע ראסען.

די פֿראַגע וועגען דער קאָלאָניזאַציע איז ענג פֿערבונדען מיט דעם פּראָבלעם פֿון די זאָגענאַנטע „נידעריגע ראַסען". האָט מען דען ניט פֿערזוכט צו רעכטפֿערטיגען די פֿערניכטונג פֿון די נאַטור־פֿעלקער דורך די ווייסע ראַסע, בעהויפּטענדיג, אַז דיזע שטאַמען און פֿעלקער בעלאַנגען צו אַ „נידעריגער ראַסע"?

און איז דאָס ניט דערזעלבער אַרגומענט, מיט וועלכען מען בענוצט זיך געגען די אַרבייטער, אום צו רעכטפֿערטיגען די קאַפּיטאַליסטישע אויסבייטונג? קוקט מען דען ניט אויף זיי ווי אויף אַ „נידעריגע קלאַסע"? מיינט דאָס דען ניט, אַז פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסט ווי אויך פֿאַר געוויסע געלעהרטע איז דער אַרבייטער ניט מעהר ווי אַ פּראָסטע חיה, וועלכע האָט די אויפֿגאַבע צו שאַפֿען רייכטהימער פֿאַר די „אויסערוועהלטע" און צו פּראָדוצירען אַנדערע חיות, וועלכע זיינען בעשטימט שפּעטער צו שפּיעלען דיזעלבע ראָלע א.ז.וו.?

אָבער טראָץ דעם האַלטען מיר אַרבייטער זיך ניט פֿאַר נידעריגער פֿון וועמען עס זאָל ניט זיין; מיר זיינען איבערצייגט, אַז אונזערע מוחות זיינען פּונקט אַזוי פֿעהיג זיך צו ענטוויקלען ווי די פֿון אונזערע עקספּלואַטאַטאָרס, אויב מיר וואָלטען נאָר געהאַט די נייטיגע צייט און מיטלען זיי צו קולטיווירען. און וואָס פֿאַר אורזאַכען האָבען מיר דען צו צווייפֿלען, אַז דאָס זעלבע איז אויך דער פֿאַל מיט די זאָגענאַנטע נידעריגע ראַסען?

* * *

אויב די פּאָליטיקער וואָלטען געוועזען די איינציגע, וועלכע רעדען פֿון די „נידעריגע ראַסען" וואָלט עס אפילו ניט געלוינט זיי צו ענטפֿע־ן, דען אין דער ווירקליכקייט האָט עס אַ קנאַפּען

ווערטה פֿאַר דיזע העררען, צי זייערע בעהויפּטונגען גרינדען זיך אויף בעשטימטע פֿאַקטען, צי ניט; פֿאַר זיי איז אַלעס גוט, אַזוי לאַנג ווי עס קען נאָר דיענען פֿאַר אַן אורזאַכע, און אויב איין בעהויפּטינג ווייזט זיך אַרויס אַ פֿאַלשע, ווערען זיי באַלד ערפֿינדען הונדערט אַנדערע. אָבער עס גיט אויך געוויסע געלעהרטע, וועלכע האָבען געזוכט וויסענשאַפֿטליך צו בעווייזען, אַז די ווייסע ראַסע איז טאַקע די אויסערוועהלטע, די העכסטע. עס איז געווען אַ צייט, ווען דער מענש האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז דער צענטער פֿון'ם וועלט־רוים; ניט נאָר וואָס ער האָט געגלויבט, אַז די זונן און שטערען בעוועגען זיך אַרום דער ערד, נאָר ער האָט זאָגאַר בעהויפּטעט, אַז דאָס אַלעס עקזיסטירט און געשעהט צוליעב זיין פּערזאָן. מען האָט דאָס גערופֿען די אַנטהראָפּאָסענטרישע טהעאָריע.

עס האָט גענומען הונדערטער און הונדערטער יאָהרען פֿון שטודירען און לערנען, איידער דער מענש האָט זיך בעפֿרייט פֿון דיזער לעכערליכער איינבילדונג און אָנגעהויבען צו בעגרייפֿען זיין אייגענטליכע שטעלונג אין דער נאַטור. אָבער די אידעען פֿון הערשאַפֿט זיינען אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט ביי איהם, אַז נאָכדעם ווי ער האָט פֿערלאָרען דעם סצעפּטער איבער די שטערען, האָט ער זיך איינגערעדט, אַז די ערד מיט איהרע אַלע פּראָדוקטען זיינען ספּעציעל בעשאַפֿען געוואָרען פֿאַר זיין פֿערגניגען, פֿאַר איהם, דעם קעניג פֿון דער שעפּפֿונג.

אָבער די וויסענשאַפֿט האָט איהם פֿון דאָס ניי אַראָבגעשליידערט פֿון דעם טהראָן, וועלכע זיין פֿאַנטאַזיע האָט אויפֿגעבויט, זי האָט איהם געציינט, אַז ער איז ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט פֿון דער אַלגעמיינער ענטוויקלונג, דער רעזולטאַט פֿון פֿערשידענע צופֿעליגע אומשטענדען, אַז קיין זאַך איז ניט בעשטימט געווען אין פֿאָראויס, איידער זי האָט זיך ענטוויקעלט, און דאָס עס איז פֿאָלגליך אויך קיין זאַך ניט בעשאַפֿען געוואָרען ספּעציעל פֿאַר איהם. נאָר דער מענש האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקענט בערוהיגען, ער האַלט זיך פֿאָרט פֿאַר אַן „אויסערוועהלטען", און אַזוי האָט ער זיך אויסגעטייטשט די טהעאָריע פֿון די „העכערע

ראסען", און יעדע ראַסע גלויבט, אַז זי אַליין איז די „אינטעלי־גענטסטע, די שענסטע און פאָלקאָמענסטע." אָט צו דאַנקען דיזע איינבילדונג שלינגט די ווייסע ראַסע איין אַלע אַנדערע, און אויף דיזען פּראָצעס פון פערניכטונג גרינדען די געלעהרטע זייער בעהויפּטונג.

אין אַלגעמיין גרינדען די געלעהרטע זייערע אַנשויאונגען אויף די פאָלגענדע דריי פּונקטען:

1) די וויסענשאַפט אַנערקענט איינשטימיג, אַז דער עלטער פון די זאָגענאַנטע נידעריגע ראַסען איז דערזעלבער ווי דער פון דער ווייסער ראַסע; און ווען די איינע זיינען געבליבען שטעהען אויף דעמזעלבען פלעק, ווערהענד די אַנדערע האָבען זיך ענט־וויקעלט, דאַן איז דאָס אַ בעוויז, אַז עס זיינען „נידעריגע ראַ־סען", וועלכע בעזיצען ניט די פעהיגקייט זיך צו ענטוויקלען.

2) די ריקשטענדיגע פעלקער לעבען מייסטענטהיילס אונטער אויסנעצייכענטע קלימאַטישע בעדינגונגען, וועלכע וואָלטען זיי אייגענטליך געדאַרפט צוהעלפען אין זייער ענטוויקלונג.

3) די קינדער פון ווילדע פעלקער, וועלכע מען האָט פער־זוכט אויפצובריינגען אויף דעמזעלבען שטייגער ווי די אייראָפּעע־אישע קינדער, האָבען ניט ערפילט די האָפנונגען פון זייערע ערציהער. אויסערדעם דייטעט מען נאָך אָן אויף די צונויפקלייבונג פון ווילדע אין בעשטימטע דערפער, וואו זיי האָבען ניט געמאַכט דעם קלענסטען פּראָגרעס זייט די לעצטע צוויי הונדערט יאָהר, און אויף די נעגער־רעפּובליק האַאיטי מיט איהרע אייביגע רעוואָ־לוציעס.

* * *

מיר דאַרפען גאָר ניט געהן אַזוי וויט צוריק אין דער גע־שיכטע, אום זיך צו איבערצייגען, אַז די אַלגעמיינע איינשטימיג־קייט אין אַ געוויסער פראַגע איז נאָך קיין בעוויז ניט. איידער גאַליליי האָט בעוויזען, אַז די ערד בעוועגט זיך אַרום דער זונן, האָט מען אַלגעמיין אָנגענומען, אַז די זונן בעוועגט זיך אַרום דער ערד. די אַלגעמיינע איינשטימיגקייט בעווייזט אַלזאָ קיין זאַך ניט, אויב זי גרינדעט זיך ניט אויף בעשטימטע פאַקטען, און גראַדע

אין אונזער פֿאַל, ווייזט זיך אונז אויס, אַז די אַלגעמיינע מיינונג איז אַ פֿאַלשע. ווערט דען די אַנזיכט, אַז דער עלטער פֿון אַלע ראַסען איז דערזעלבער, אינטערשטיצט דורך די בעשטעהענדע טהאַטזאַכען? אַט דאָס איז עס, וואָס מיר דאַרפֿען וויסען.

אויף די אַלטע עגיפּטישע מאָנומענטען געפֿינען מיר די צייכנונגען פֿון געוויסע אַפֿריקאַנישע טיפּען, וועלכע עקזיסטירען נאָך היינט; דאָס איז אָהן אַ צווייפֿעל אַ רעלאַטיווער עלטער; עס איז אין דערזעלבער צייט אויך אַ בעווייז, אַז דיזע פֿעלקער און שטאַמען, וועלכע זיינען פֿריהער בעהערשט געוואָרען פֿון די עגיפּטער, האָבען, ווי עס ווייזט אויס, ניט געמאַכט קיין פּראָגרעס וועהרענד דער גאַנצער צייט. אויף דעם ערשטען בליק ווייזט זיך אונז אויס, אַז דיזער פֿאַקט איז גינסטיג פֿאַר די אָנהייננגער פֿון דער טהעאָריע, וועלכע בעהויפּטעט די עקזיסטענץ פֿון „נידעריגע ראַסען", אָבער ווען מיר בעטראַכטען די זאַך אַביסעל טיעפֿער, וועלען מיר באַלד אויסגעפֿינען, אַז מיר דאַרפֿען ניט זיין צו האַסטיג מיט אונזער אורטהייל.

עס איז וואהר, אַז מען שעצט דעם עלטער פֿון די עגיפּ־טישע מאָנומענטען אויף 8000 יאָהר; לאָמיר זאָגען 10.000 יאָהר, כדי צו האָבען אַ גראַדע צאָהל. אין פֿערלויף פֿון דיזע 10.000 יאָהר האָבען דיזע שטאַמען, ווי עס ווייזט אויס, קיין פּראָגרעס ניט געמאַכט, אין דערזעלבער צייט, ווען די ווייסע ראַסע האָט זיך אָזוי געוואַלטיג ענטוויקעלט.

אָבער מיר דאַרפֿען ניט פֿערגעסען, אַז אין דער צייט, ווען דיזע מאָנומענטען זיינען געבויט געוואָרען, האָט עגיפּטען שוין געהאַט אַ הויך ענטוויקעלטע ציוויליזאַציאָן; דער אונטערשיעד צווישען יענע ריקשטענדיגע פֿעלקער און די אַרכיטעקטען פֿון די טעמפּלען פֿון פֿילאָע, קאַרנאַק און מעמפֿהיס איז אַלזאָ שוין דאַמאָלסט געווען אונגעהייער גרויס. די עגיפּטער האָבען דאַן שוין געהאַט דורכגעמאַכט די פּרעהיסטאָרישע פּעריאָדע, וועלכע מען בערעכענט אויף הונדערט טויזענדער יאָהרען.

* * *

לאַנגזאַם, זעהר לאַנגזאַם איז געווען דער פּראָגרעס פון ם מענשען אין דער זאָגענאַנטער פּירטער פעריאָדע, און אויב מיר גיבען צו, אַז דער מענש האָט אפילו שוין עקזיסטירט אין דער דריטער פעריאָדע, דאַן איז דער פּראָצעס פון זיין ענטוויקלונג נאָך פיעל לאַנגזאַמער.

די 10.000 יאָהר פון שטילשטאַנד, וועלכע מיר בעמערקען ביי די אויבען דערמאָהנטע פעלקער און שטאַמען, זיינען אַלזאָ זעהר אַ קורצע צייט אין פערגלייך מיט דער אַלגעמיינער געשיכטע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, און עס איז זעהר וואַהרשיינליך, אַז מיט 10.000 יאָהר שפּעטער, נאָך דעם ווי דער פרימיטיווער עגיפּטער האָט בעאַרבייט דעם ערשטען שטיין, האָט ער אויך געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נידעריגער ראַסע, וועלכע איז ניט פעהיג זיך צו ענטוויקלען.

פון דער אַנדערער זייט זעהען מיר, אַז דיזעלבע עגיפּטער, וועלכע האָבען געמאַכט אַזאַ געוואַלטיגען פּראָגרעס, ווי זייער וויסענשאַפט און זייערע מאָנומענטען צייגען אונז, האָבען ניט בעלאַנגט צו דער ווייסער ראַסע, און דאָסזעלבע פאָלק, וועלכעס מען רעכענט צו די „העכערע" ראַסען פון דער פערגאַנגענהייט, קלאַסיפיצירט מען היינט אַלס אַ „נידעריגע ראַסע". די ענגלישע עראָבערער לאָזען עס זיי גוט פיהלען. ווי פיעל ווידערשפּרעכונגען אין דערזעלבער פראַגע! מען נוצט די אַרגומענטען, אַזוי ווי מען דאַרף זיי: אַמאָל רעכענט מען די עגיפּטער צו די „העכערע" און אַמאָל צו די „נידעריגע" ראַסען.

* *
*

די שאַרבען און ביינער, וועלכע מען האָט אויסגעגראָבען אין קראָם-מאַניאָן, נעאַנדערטהאַל און נאָלעט, זיינען אַזוי אַלט און פערשידען פון די היינטיגע, אַז די אַנטהראָפּאָלאָגען האָבען צוערשט ניט געוואוסט, צו זיי זאָלען זיי צורעכענען צו די פאָרגעגנער פון'ם מענשען, אָדער צו די גרויסע מענשען-עהנליכע אַפען קוקענדיג צוריק אויף אַזאַ פרימיטיווען אורשפּרונג, האָבען מיר דען ווירקליך אַ גרונד צו האַלטען אונז פאַר די אויסערוועהלטע פון דער מענשהייט?

און מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט האָבען מיר צו רעדען וועגען די זאָגענאַנטע „נידעריגע ראַסען", ווען זייער געגענווערטיגער צושטאַנד איז דער רעזולטאַט פֿון אונזערע באַרבאַרישע פֿערפֿאָל־גונגען? די יעצטיגע ריקשטענדיגקייט פֿון דער אַמעריקאַנישער ראַסע, בעווייזט קיין זאַך ניט, דען מיר דאַרפֿען ניט פֿערגעסען, אַז די אורשפּרינגליכע ציוויליזאַציעס, וועלכע די ערשטע אייראָ־פּעאישע עראָבערער האָבען אָנגעטראָפֿען אין אַמעריקאַ, זיינען צושטעהרט געוואָרען פֿון די „ענטדעקער", און די איינגעבאָרענע, וועלכע מען האָט געיאָגט, געהעצט און אויסגע׳הרג׳עט, האָבען זיך בּיסלעכווייז אַלס וויטער געמוזט צוריקציהען פֿאַר זייערע ווייסע אונטערדריקער. הויך ענטוויקעלטע ציוויליזאַציעס זיינען אונטערגעגאַנגען, אין קיינער קען ניט וויסען, וואָס זיי וואָלטען אונז געבראַכט אין זייער וויטערער ענטוויקלונג. פֿאָלגליך קענען מיר זיי ניט בעאורטהיילען, נאָך דעם יעצטיגען צושטאַנד פֿון די ברוטאַליזירטע און דעגענערירטע איינגעבאָרענע, וועלכע די רעגירונג פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿערניכטעט בּיסלעכווייז אין גאַנצען.

איך וועל יעצט ניט רעדען פֿון דעם אַלטען אַזטעקישען קייזערדייך אין מעקסיקאָ אָדער פֿון דעם זונען־שטאַאַט פֿון די אַלטע אינקאַס אין פּערו, ווייל ווען די שפּאַניער זיינען אָנגעקומען דאָרטען, זיינען דיזע שטאַאַטען שוין געווען אויף דעם וועג פֿון דעגענעראַציאָן. דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואָרום זיי זיינען ניט פֿעהיג געווען זיך צו פֿערטהיידיגען. די הוראָנען און איראָקעזער האָבען זיך פֿערטהיידיגט מיט אַ פֿיעל גרעסערער ענערגיע פֿון די אַזטעקען און פּערואַנער.

* * *

מען וואָלט אייגענטליך געדאַרפֿט אָננעהמען, אַז עס גיט אַ גאַנץ פּאַסענדער מיטעל, אום צו בעווייזען, דאָס אַלע ראַסען האָבען דעמזעלבען עלטער: מען וואָלט בלויז געדאַרפֿט אויס־גראָבען אין פֿערשידענע ערטער אַלטע מענשליכע סקעלעטען, וועלכע געפֿינען זיך אָהן אַ צווייפֿעל איבעראַל, און זיי פֿערגליי־כען איינע מיט די אַנדערע. אָבער אויך דיזער מיטעל קען אונז

ניט העלפֿען, ווייל עס איז אונמעגליך פֿאַר אונז צו בעווייזען, אַז די שיכטען פֿון דער ערד האָבען זיך איבעראל גלייכמעסיג ענטוויקעלט. די פֿראַגע יועגען דעם גלייכען עלטער פֿון די פֿערשידענע ראַסען, קען אַלזאָ פֿאָרלויפֿיג איבערהויפּט ניט געלייזט ווערען.

אָבער האָט דען דיזע פֿראַגע איבערהויפּט אַ ווערטה פֿאַר די, וועלכע ערקלעהרען זיך יעדען פּראָגרעס דורך דעם איינפֿלוס פֿון די נאַטירליכע אומשטענדען, וועלכע פֿערענדערן זיך שטענדיג?

* * *

„די ריקשטענדיגע פֿעלקער לעבען מייסטענטהיילס אונטער די גינסטיגע קלימאַטישע אומשטענדע", האָט בעהויפּטעט פּראָפֿעסאָר הערווע אין איינע פֿון זיינע פֿאָרלעזונגען איבער זאָאָלאָגישע אַנטראָפּאָלאָגיע, וועלכע ער האָט געהאַלטען אין דער אַנטהראָפּאָלאָגישער שולע אין פּאַריז. הערווע איז אַ שטאַרקער אָנהייגער פֿון יענער טהעאָריע, וועלכע אָנערקענט די עקזיסטענץ פֿון זאָגענאַנטע נידעריגע און ענטוויקלונגס-אונפֿעהיגע ראַסען.

אַבער דיזע בעהויפּטונג איז ביז יעצט נאָך ניט בעוויזען געוואָרען. קען מען איהר אפשר אָנווענדען אויף די עסקימאָזען אָדער אויף די איינוואוינער פֿון פֿייערלאַנד? אָדער אויף די פֿיעלע אינדיאַנער-שטאַמען, וועלכע לעבען אין אַזעלכע געגענדען, וואו עס גיט ניט אַזעלכע חיות, וועלכע זיי וואָלטען געקענט בענוצען אַלס הויז-טהיערע? אָדער אויף די נעגער, וועלכע לעבען אין די זומפּישע געגענדען פֿון'ם טייך ניל אָדער אין די אונגעהייערע וועלדער פֿון קאָנגאָ? אָדער אויף די טונגוזען אין די סטעפּען פֿון סיביר? אָדער אויף די בושמענער אין די וויסטע געגענדען פֿון קאַלאַהאַרי, וואו עס הערשט אַ שטענדיגער מאַנגעל אין וואַסער? עס איז ווירקליך ניט ראַטהזאַם אַזוי צו פֿערבויגען דעם אמת. און אויסערדעם דאַרף מען נאָך פֿריהער פֿערענטפֿערן די הויפּט-פֿראַגע: וועלכע זיינען דאָס די גינסטיגסטע לענדער, צי די, וואָס פֿאָדערן אַרבייט, צי די וואָס פֿאָדערן ניט קיין מענשליכע טהעטיגקייט?

אָבער דיזעלבע ערקלעהרונג קען אויך בענוצט ווערען אַלס אַן אַרגומענט געגען די שטעלונג, וועלכע זי פּרעטענדירט צו

פערטהיידיגען. אָט דיזע לייכטע בעדינגונגען צו עקזיסטירען, האָבען זיי דען ניט גופא פערראורזאַכט אַז מ׳נכע שטאַמען און פעלקער זיינען שטעהען געבליבען אויף איין פונקט אין זייער ענטוויקלונג? זייענדיג אימשטאַנד צו געפינען די נויטווענדיגע מיטלען צו בעפרידיגען זייערע נאַטירליכע בעדירפניסע, ניט דאַרפענדיג אַרבייטען, האָבען זיי ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו ענטוויקלען די אַלע פעהיגקייטען און אייגענשאַפטען, וועלכע ליגען בעהאַלטען אין מענשען; אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבען געדאַרפט אָנפיהרען אַ שטענדיגען קאַמפף געגען די אונגינסטיגע קלימאַטישע בעדינגונגען, אונטער וועלכע זיי האָבען געלעבט, זיינען געצוואונגען געווען דורך זייערע טעגליכע ערפאַהרונגען צו ענטוויקלען דיזע אַלע אינסטינקטען און פעהיגקייטען, וועלכע האָבען זיי געשטופט ווייטער אויף דעם וועג פון פראָגרעס. די אַנדערע, וועלכע האָבען געלעבט אונטער „גינסטיגע״ בעדינגונגען, האָבען קיינמאָל ניט געהאַט קיין נויטווענדיגקייט צו ענטוויקלען זייערע בעהאַלטענע קרעפטע און פעהיגקייטען.

* * *

נאָך אַן אַרגומענט, וועלכען מען פיהרט געוועהנליך אָן, אום צו בעווייזען די עקזיסטענץ פון „נידעריגע״ ראַסען, גרינדעט זיך אויף פערשיעדענע פערזוכען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען מיט געוויסע נעגער־שטאַמען אין אַפריקאַ, כדי זיי צו ערציהען און צו בילדען, אָדער מיט קאָלאָניען פון ווילדע, וועלכע — אַזוי בעהויפטעט מען — מען האָט איבערגעלאָזט אין געוויסע דערפער, וואו זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען. דיזע אַלע פערזוכען, זאָגט מען אונז, האָבען ניט געהאַט קיין ערפאָלג, דאָס איז דער בעסטער בעוויז, אַז דיזע ראַסען זיינען ניט פעהיג זיך צו ענטוויקלען.

מיר וועלען צוגעבען, אַז מען האָט ווירקליך געמאַכט אַזעלכע פערזוכען און דערמיט דורכגעפאַלען, אָבער פון דעם קען מען נאָך ניט ציהען קיין אַלגעמיינע שליסע, דען עס וואָלט צוערשט נויטווענדיג געווען צו אונטערזוכען, אונטער וועלכע בעדינגונגען דיזע פערזוכען זיינען געמאַכט געוואָרען, אין וואָס

פֿאַר אַ צושטאַנד די בעטרעפֿענדע גרופּע אָדער קאָלאָניע האָט זיך געפֿונען און אויב עס זיינען ניט פֿון בעפֿאָר געווען סימנים פֿון דעגענעראַציאָן. אַזעלכע ביישפּיעלע בעווייזען קיין זאַך ניט, דערפֿאַר ווייל עס גיט אַנדערע ביישפּיעלען, וועלכע צייגען אונז פּונקט דעם געגענטהייל פֿון די ערשטע. די איראָקעזען אין קאַנאַדאַ זיינען אין יעדער בעציהונג גלייך צו די ווייסע, וועלכע רינגלען זיי אַרום. דער ערשטער געאָגראַף פֿון מעקסיקאָ איז אַן אַזטעק, אַן איינגעבאָרענער; און מיר האָבען אפילו דאָס פֿער־גניגען צו וויסען, אַז די „בעסטע סאָלדאַטען פֿון דער וועלט" האָט מען אַרויסגענומען פֿון מעקסיקאָ, עס זיינען געווען די קינ־דער פֿון די „נידעריגע ראַסען".

אום פֿאָלשטענדיג צו ערווערבען געוויסע נייע קענטניסע און אויפֿפֿאַסונגען איז נויטווענדיג דאָס לעבען פֿון עטליכע גענעראַ־ציאָנען; ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די מאַכט פֿון דער ענטוויק־לונג, קען אָבער דער מוח פֿון אַן איינצעלנעם מענשען וועהרענד זיין קורצער עקזיסטענץ ניט דורכמאַכען די זעלבע ענטוויקלונג, וועלכע אַ ראַסע מאַכט דורך אין פֿערלויף פֿון עטליכע גענעראַ־ציאָנען. די נעגאַטיווע רעזולטאַטען, וועלכע מען האָט געהאַט מיט איינצעלנע אינדיווידוען, בעווייזען אַלזאָ קיין זאַך ניט, אפילו ווען מיר זאָלען שוין צוגעבען, אַז די פֿערזוכען האָבען שטאַט־געפֿונען אונטער די בעסטע און גינסטיגסטע בעדינגונגען. און אויסערדעם גיט עס מאַנכע רעזולטאַטען, וועלכע בעווייזען דאָס געגענטהייל, פּונקט ווי מיר קענען בעאָבאַכטען ביי דער ווייסער ראַסע פֿערשידענע סימנים, וועלכע דייטען אָן אַ צוריקגעהן אין איהר ענטוויקלונג.

און לעזען מיר דען ניט אין עטהנאָגראַפֿישע ווערק געוויסע פֿעלע, וואו אינדיאַנער, נעגערס אָדער אַנדערע „ווילדע" וועלכע מען האָט געבילדעט אויף דעם בעסטען אופן און מיט דעם בעסטען ערפֿאָלג און וועלכע האָבען זיך ערוואָרבען אַ בעדייַ־טענדען גראַד פֿון קענטניסע, האָבען זיך פּלוצלינג ווידער אָב־געקעהרט מיט פֿעראַכטונג פֿון זייערע נייע לעבענס־בעדינגונגען, אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך די קליידער פֿון דער ציוויליזאַציאָן און

בעסער פֿאָרגעצויגען זייער אַלט פֿריי וואַנדער־לעבען? קיינער וועט ניט אָבלייקענען, אַז דיזער אַטאַוויזם איז אָפֿטמאָל מעכטיגער ווי דער אינסטינקט צו פֿאַלקאָמענהייט, אָבער דיזע בייספּיעלע בעווייזען פֿאַר קיין פֿאַל ניט די אונפֿעהיגקייט פֿון דער ראַסע זיך צו פֿערפֿאַלקאָמענען, דען מיר האָבען געזעהן, אַז דיזעלבע אינדיווידוען, אַזוי ווי זיי זיינען אונטערוואָרפֿען געווען צו דער אייראָפּעאישער ערציהונג, האַבען זיי געמאַכט דעם בעסטען פּראָגרעס אויף דעם וועג, אויף וועלכען זייערע ערציהער האָבען זיי געפֿיהרט.

*

* *

דערזעלבער פּראָפֿעסאָר הערווע־ מיר ציטירען איהם נאָך אַמאַל, דערפֿאַר וואָס מיר האָבען פֿון איהם געהערט די טהעאָריע וועגען די „נידעריגע ראַסען“ — ־ דייטעט אויך אָן אויף דעם פֿאַקט, אַז די ווילדע זיינען פֿעהיגער אין זייערע קינדער־יאָהרען ווי אין די שפּעטערע פּעריאָדען פֿון זייער לעבען. אָבער וואָס בעווייזט דאָס? וואָס ווייניגער אַ ראַסע איז ענטוויקעלט, אַלס פֿריהער מוזען די קינדער זיך לערנען צו זאָרגען פֿאַר זיך אַליין און צו בעווייזען אַ גרעסערע שאַרפֿזיניגקייט. וואָס אַנבעלאַנגט די ערך וואַקסענע, ווען זייער גייסטיגע ענטוויקלונג שטעלט זיך אָב זעהר פֿריה, דאַן האָבען מיר זיך ווירקליך צו רעכענען מיט אַ פֿיזישער טהאַטזאַכע, מיט געוויסע ערשיינונגען אין'ם געהירן, פּונקט פֿערקעהרט ווי עס איז דער פֿאַל ביי דער ווייסער ראַסע, פֿערפֿעסטיגען זיך ביי יענע פֿעלקער צוערשט די אויסערליכע טהיילען פֿון דעם געהירן און פֿערהינדערן דאַדורך זיין ווייטערע ענטוויקלונג פֿון די אויסערליכע געהירן־שיכטען, וועלכע ענטהאַלטען די טהעטיגסטע צענטערס פֿון דער אינטעליגענץ.

דיזער פֿאַקט וואָלט אפֿשר געווען אַ בעוויז, אַז עס גיט יאָ „נידעריגע ראַסען“, אויב מיר וואָלטען געקענט אויפֿצייגען, אַז די ווייסע ראַסע האָט ניט דורכגעמאַכט דעמזעלבען צושטאַנד. אָבער די אונטערזוכונגען, וועלכע מען האָט געמאַכט מיט די אויסגעגראָבענע שאַרבענס פֿון פּרעהיסטאָרישע מענשען, האָבען בעוויזען, אַז דער אורשפּרינגליכער צושטאַנד פֿון דעם מענשען

אין דיזער בעציהונג איז געווען דערזעלבער, ווי מיר געפינען איהם היינט ביי די זאָגענאַנטע „נידעריגע ראַסען". און זאָגאַר היינט צו טאָג קומען נאָך פאָר גענוג פעלע פון אַטאַוויזם ביי דער ווייסער ראַסע. וואָס פאַר אַ ווערטה האָט אַלזאָ דיזער אַרגומענט?

* * *

מען דיטעט אויך אָפטמאָל אָן אויף די נעגער־רעפובליק האַאיטי מיט איהרע שטענדיגע מיליטערישע רעוואָלוציאָנען און לאַכט זיך אויס פון דיזען צושטאַנד, וועלכער איז פאַר מאַנכע אַ בעווייז, אַז די איינוואוינער פון האַאיטי בעלאַנגען טאקע צו אַ נידעריגער ראַסע. אָבער מיר דאַרפען זיך גאָר ניט ווייט צוריק־קעהרען אין אונזער אייגענער געשיכטע, און מיר וועלען געפינען גאַנץ עהנליכע צושטענדע, וועלכע זיינען נאָך פיעל ווייניגער צו ענטשולדיגען, ווייל מיר פרעטענדירען דאָך צו בעלאַנגען צו די „העכערע ראַסען". יעדענפאַלס האָבען די נעגער פון האַאיטי געקעמפפט פאַר זייער אונאַבהייניגקייט און זיך בעפרייט פון דעם פראַנצויזישען יאָך. ווער פון די ביידע בעלאַנגט צו די „העכערע ראַסען": צי די האַאיטאַנער, וועלכע האָבען צוריק עראָבערט זייער פרייהייט, צי די פראַנצויזען, וועלכע האָבען געוואָלט האַלטען אַ פאָלק אין שקלאַפעריי? מען דאַרף ווירקליך אין גאַנצען איגנאָרירען די געשיכטע, אום אָבצולייקענען, אַז די נעגער פון האַאיטי האָבען געמאַכט פראָגרעס אונגעאַכטעט זייערע מיליטערישע אונטערדריקער, וועלכע זיינען נאָר אַן אָב־שפיגלונג פון אונזערע אייגענע.

ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז די גרויסע מאַיאָריטעט פון אונזערע זאָגענאַנטע ציוויליזירטע לייַדעט און שטאַרבט אין עלענד און נויטה, אום צו מאַכען רייכער אַ הייפעל ליידיגגעהער און פאַראַזיטען, ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז עס זיינען דאָ עקספּלו־אַטירטע און אונטערדריקטע גופא, וועלכע זיינען די פערטהיי־דיגער פון זייערע אויסבייטער און אונטערדריקער, דאַן האָבען מיר זיכער קיין רעכט ניט צו שטאָלצירען און זיך צו בעריהמען מיט אונזער „העכערער אָבשטאַמונג".

וואָס אָנבעלאַנגט די גרופּען אָדער דערפֿער פֿון ווילדע, וועלכע מען האָט געגעבען די מעגליכקייט צו עקזיסטירען, פֿון וואַנען ווייסען מיר, צי מען האָט זיי געגעבען די נויטווענדיגע בעדינגונגען צו ענטוויקלען זיך פֿריי און אויף אַ נאַטירליכען אופן ?

* * *

מיר וועלען קיינמאָל ניט בעהויפּטען, אַז די פֿערשידענע ראַסען זיינען אַבסאָלוט גלייך אין זייער ענטוויקלונג, אָבער מיר מוזען אָנערקענען, אַז יעדע ראַסע האָט איהרע בעזונדערע פֿעהיגקייטען, איהרע בעזונדערע מאָראַלישע, אינטעלעקטועלע און פֿיזישע אייגענשאַפֿטען, וועלכע, אויב מען וואָלט זיי געגעבען די מעגליכקייט זיך פֿריי צו ענטוויקלען, וואָלטען זיי זיכער אימשטאַנד געווען בייצוטראָגען יעדע אויף איהר אייגענעם שטייגער צו דעם אַלגעמיינעם ווערק פֿון דער מענשליכער ציוויליזאַציאָן.

נעהמט צ.ב.ש. דעם אָרעמען אויסטראַליער, וועלכער איז נאָך אַזוי וויים הינטערשטעליג אין דער אַלגעמיינער מענשליכער ענטוויקלונג, און דאָך האָט ער ערפֿונדען דעם בומעראַנג, יענע מערקווירדיגע וואַפֿע, וועלכע ער שליידערט אויף אַ טהיער אָדער אַ פֿיינד, און וועלכע האָט די וואונדערבאַרע קראַפֿט צו שפּרינגען צוריק צו דעם יעגער אָדער קריעגער, נאָך דעם ווי זי האָט דערגרייכט איהר ציעל; די אייראָפּעער זיינען ביז יעצט ניט אימשטאַנד געווען נאָכצומאַכען דיזע וואַפֿע, און מיט זייערע אַלע וויסענשאַפֿטליכע קענטניסע אין דער באַליסטיק*) האָבען זיי ביז יעצט נאָך ניט געקענט ערקלעהרען איהרע בעוועגונגען.

זיכער, די ערפֿינדונג פֿון דעם בומעראַנג איז ניט געווען אַזוי וויכטיג פֿאַר דער מענשליכער געשיכטע, אָבער ווען די שאַרפֿזיניגקייט פֿון זיינע ערפֿינדער איז געווען פֿעהיג אויסצוקלעהרען אַזאַ מערקווירדיגע וואַפֿע, וועלכע האָט ניט די קלענסטע עהנליכקייט צו די שפּיזען, קריעגס־העק אָדער פֿיילען פֿון אַנ־

*) באַליסטיק איז די לעהרע, וועלכע בערעכענט די בעוועגונגען פֿון קערפּערס, וועלכע מען שליידערט נאָך אַ געוויסען ציעל.

דערע ראַסען, ווער קען בעהויפּטען, אַז אונטער אַנדערע אומ־שטענדע וואָלטען ניט דיזע פֿעהיגקייטען אפשר געהאַט פֿיעל וויכטיגערע רעזולטאַטען ?

נאָר יעצט זעהען מיר, אַז די ווייסע ראַסע, מיט דער הילפֿע פֿון דער אידישער ראַסע, וועלכע איז געוואָרען ווייט צוליעב בעזונדערע אורזאַכען און בעדינגונגען, פֿערזוכט צו בעזיצען אַלצדינג און אויסצובייטען אַלעמען. איבעראַל, וואו עס האָט איהר געלונגען צו בעזעצען זיך, האָבען די ריקשטענדיגע ראַסען געמוזט פֿערשווינדען. אָבער זעהענדיג די רואינען, וועלכע דער וואַהנזין פֿון עראָבערונג האָט איבערגעלאָזט אין אַלע טהיילען פֿון דער וועלט, זעהענדיג די אַלע בלוטיגע מערדערייען פֿון די שענדליכע אויסבייטונג, וועלכע די ווייסע ראַסע האָט איבעראַל אַרויסגערופֿען, שטעלט זיך די פֿראַגע, צי די ראָלע, וועלכע זי האָט געשפּיעלט און שפּיעלט נאָך יעצט, האָט ניט פֿעראורזאַכט פּונקט אַזוי פֿיעל אונגליק ווי גליק פֿאַר דער מענשהייט.

* * *

עס זיינען אפשר אַריבער 150.000 יאָהר, זייט דער מענש האָט פֿערלאָזען די רייִן טהירישע פעריאָדע פֿון זיין ענטוויקלונג. אין פֿערלויף פֿון 10.000 יאָהר זיינען אונטערגעגאַנגען די עגיפּ־טישע, כאַלדעאישע, גריעכישע, רוימישע, אינדישע ציוויליזאַציאָנען, און אין דערזעלבער צייט האָט די מאָנגאָלישע ראַסע דורכגע־מאַכט אַ פּאַראַלעל ענטוויקלונג. היינט בעמערקען מיר דעם אָנפֿאַנג פֿון דעקאַדענס ביי די פֿעלקער פֿון דער לאַטיינישער ראַסע, און דיזער צושטאַנד וועט אין גיכען אַרויסרופֿען אַן אַל־געמיינע אָבשטאַרבונג פֿון דיזע ראַסען, אויב עס וועט ניט קומען אַ סאָציאַלער איבערבייט, אום אָבצושטעלען די פֿיזישע און מאָראַלישע דעגענעראַציאָן, וועלכע דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם האָט פֿעראורזאַכט.

אויב די פֿעלקער וועלען זיך ווייטער בעהאַלטען פֿאַר אַ לענגערע צייט הינטער זייערע נאַציאָנאַלע גרענעצען, דאַן וועט אונזער יעצטיגע שטעלונג פֿיליייכט ביסלעכווייז פֿערנומען ווערען

פון די סלאַווישע ראַסען, וועלכע זיינען נאָך יונגער אין פרישער, דערפאַר וואָס זיי זיינען שפּעטער אַריינגעטראָטען אין דער בעוועגונג פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן. אָבער ווי לאַנג וועט דיזע פּעריאָדע אַנהאַלטען? און וואָס וועט קומען נאָך דעם? און וואָס וועט זיין די בעלעבענדע קראַפט, וואָס וועט צוריק בענייען אונזערע בלוט אָרעמע ראַסע, וועלכע האָט פערלאָרען איהרע קרעפטע דורך די קאָרופּטע ווירקונגען פון אַ ציוויליזאַציאָן, וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט אויף אַ שלעכטען וועג?

ביי יעדע אָבשטאַרבענדע ציוויליזאַציאָן האָבען מיר ביז יעצט געזעהן דעם ערשיינען פון אַ נייער ראַסע, וועלכע איז געווען גענוג פעהיג אויפצונעהמען אין זיך די אַלע קענטניסע פון דער ראַסע, וועמענס פּלאַץ זי איז געגאַנגען פערנעהמען, און זי פון איהר זייט האָט מיטגעבראַכט אַ נייען מוח, נייע פעהיג־קייטען און פרישעס בלוט. ווי עס ווייזט אויס, צייגט אונז דער אונטערגאַנג פון די פערשידענע ציוויליזאַציאָנען, אַז יעדע ראַסע בעזיצט בלויז אַ געוויסע סומע פון ענערגיע און פעהיגקייטען, און ווען זי האָט אַרויסגעגעבען דיזע סומע, געהט זי אונטער, אָדער זי בלייבט שטעהען אויף דעמזעלבען אָרט און ענטוויקעלט זיך ניט ווייטער.

* * *

איינינע פון אונזערע פריינדע זיינען מיט דער מיינונג, אַז עס גיט איבערהויפּט מעהר קיין ראַסען ביי די ציוויליזירטע פעלקער, אַז די ציוויליזירטע וועלט איז איינגעטהיילט אין שטאַאַטען, איבערבלייבעכץ פון דער פערגאַנגענהייט, וועלכע שטעהען מעהר ניט אין אָנקלאַנג מיט די געגענווערטיגע בעדינגונגען, אָבער זיי שטעלען פאָר מיט זיך אַ גרויסע, אונצערטהיילבאַרע אַלגעמיינהייט. די ציוויליזאַציאָן אין פראַנקרייך און רוסלאַנד, אַמעריקאַ און אויסטראַליען איז איבעראַל דיזעלבע און עס גיט מעהר ניט קיינע פיינדליכע ראַסען, נאָר פיינדליכע קלאַסען, וועלכע בעקעמפפען זיך איינע די אַנדערע.

זיכער, מיר זיינען אויך מיט דער מיינונג, אַז די פֿערשי־
דענע ראַסען וועלען מוזען פֿערשווינדען, צוליעב דער געוואַלטיגער
אויסבייטונג פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען און די לייכטע
מעגליכקייטען זיך צו בעזעצען אין פֿערשידענע לענדער. דיזער
שטענדיגער און אינטימער פֿערקעהר צווישען די פֿערשידענע
פֿעלקער מוז אַרויסרופֿען אַן אַלגעמיינע פֿערמישונג צווישען די
ראַסען, און פונקט דעריפֿאַר פֿערדאַמען מיר אַזוי שטאַרק די
פֿערניכטונג פֿון גאַנצע פֿעלקער און שטאַמען, איידער זיי האָבען
נאָך געהאַט די מעגליכקייט בייצוטראָגען צו אונזער ציוויליזאַציאָן
זייער בעזונדערן טהייל פֿון אָריגינעלע אייגענשאַפֿטען, וועלכע
זיי בעזיצען אין דער ווירקליכקייט. ווען מיר האָבען גערעדט
איבער די אויסשלאַכטונג פֿון וועהרלאָזע שטאַמען און איבער די
סיסטעמאַטישע אויסראָטונג פֿון גאַנצע ראַסען, דאַן האָבען מיר
געפֿיהלט ביי זיך אַ געוויסע טרויעריגקייט, אַ מעלאַנכאָלישע
שטימונג, פֿרעגענדיג זיך אַליין, צי דיזע „נידעריגע" ברידער
האָבען אפשר ניט איינינגע פֿון יענע גוטע אייגענשאַפֿטען, וועלכע
מיר אַליין בעזיצען ליידער ניט, און וועלכע וואָלטען אונז אַזוי
נייטיג געווען.

* * *

די ווייסע ראַסע איז ניט אימשטאַנד געווען צו פֿערשטעהען
די הינטערשטעליגע ראַסען, און דערפֿאַר האָט זי זיי פֿערניכטעט.
אויב זי וואָלט ווירקליך געהאַט די אַבזיכט זיי אויפֿצוהייבען אויף
אַ העכערע שטופֿע פֿון ענטוויקלונג, דאַן וואָלט זי זיך געדאַרפֿט
רעכענען מיט דעם פֿאַקט, אַז דיזער ענטוויקלונגס־פּראָצעס דאַרף
נעהמען אַ לאַנגע צייט; אָבער זי האָט קיינמאָל ניט געווינשט
זיי צו ערציהען; איהר איינציגער וואונש איז געווען זיי אויס־
צובייטען, און די אויסבייטונג האָט זיך ביסלעכווייז פֿערוואַנדעלט
אין אַן אויסראָטונג.

קוקענדיג אויף אונזערע וואַהנזיניגע הערשזוכט, דאַרפֿען מיר
זיך שטעלען די פֿראַגע, צי די ציוויליזאַציאָן פֿון די מיראַקעזען
איז ווירקליך געווען נידעריגער פֿון אונזער אייגענער. האָבען מיר
אַ רעכט זיך צו שטעלען „העכער" פֿון יענע אינקאַס אין פּערו,

וועלכע האָבען אַם וויינינגסטענס פֿערשטאַנען צו פֿערזיכערן די מאַטעריעלע עקזיסטענץ פֿון אַלע מיטגלידער פֿון זייער געזעל־שאַפֿט, אין דערזעלבער צייט, ווען דאָס סאָציאַלע עלענד גראָבט אונטער אונזער ציוויליזאַציאָן?

ניין, עס גיט ניט קיין שום אַרגומענט, וועלכער קען בע־ווייזען די עקזיסטענץ פֿון זאָגענאַנטע „נידעריגע ראַסען"; דיזע בעהויפּטונג איז ניט מעהר ווי אַן ענטשולדיגונג, אום צו רעכט־פֿערטיגען די פֿערברעכען פֿון די זאָגענאַנטע „העכערע" ראַסען.

# פאר וואס מיר זיינען רעוואלוציאנערן.

מיר האָבען אויפגעצייגט, אַז יעדער מענש, אָהן אַן אויס־נאַהמע, האָט אַ רעכט זיך פריי צו ענטוויקלען, אַז יעדעס מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט צו בעפרידיגען זיינע אַלע בעדירפניסע; און דעריבער זיינען מיר געקומען צו דעם שלוס, אַז די אויטאָריטעט, דאָס אייגענטהום און אַלע אַנדערע אינסטיטוציאָנען, וועלכע די הערשענדע קלאַסע האָט ערפונדען צו פערטהיידיגען איהרע פּריווילעגיעס, וועלכע גרינדען זיך אויף די בערויבונג פון די מאַסען, אַז דיזע אינסטיטוציאָנען האָבען קיין שום בערעכטיגונג צו עקזיסטירען. עס בלייבט אונז מעהר ניט איבער צו אונטערזוכען די מיטלען, וועלכע זיינען אימשטאַנד איבערצובייטען דעם יעצטיגען צושטאַנד, וועלכען מיר בעקעמפּפען, כדי מיר זאָלען האָבען די מעגליכקייט צו גרינדען אַזאַ געזעלשאַפט, וועלכע מיר ערוואַרטען אין דער צו־קונפט; און אין דערזעלבער צייט דאַרפען מיר זעהן צו בעווייזען די בערעכטיגונג פון דיזע מיטלען. מאַנכע פערזאָנען, וועלכע זיינען איינשטימיג מיט אונזער קריטיק פון די יעצטיגע סאָציאַלע בעדינגונגען, און וועלכע ווערען אפילו בעגייסטערט, הערענדיג אונזער פאָרשטעלונג פון אַ קומענדער האַרמאָנישער געזעלשאַפט, ווילען אָבער פאַר קיין פאַל ניט צוגעבען אַז עס איז נויטווענדיג אָנצואווענדען געוואַלט אין אונזער קאַמפף. זיי זיינען מיט דער מיינונג, אַז מען דאַרף געהען טריט ביי טריט און זעהען צו פערבעסערן ביסלעכווייז די יעצטיגע סאָציאַלע בעדינגונגען.

„יעדע זאַך אין דער נאַטור", אַזוי בעהויפּטען זיי, „בייט זיך איבער דורך ענטוויקלונג; פאַרוואָס זאָלען מיר אַלזאָ ניט אָננעהמען דעמזעלבען וועג אין דער סאָציאָלאָגיע, אָנשטאָט צו

טרוימען פֿון אַ גיכען אונטערגאַנג ? וועלענדיג איבערבייטען די געזעלשאַפֿט דורך געוואַלט, רײזיקירט איהר צו פּערסאַנירן די צושטעהרונג פֿון אַלצדינג, ניט ברײנגענדיג קיין גוטס צו קײ־נעם, איהר ווערט אַרויסרופֿען אַ ווילדע רעאַקציאָן, וועלכע ווערט אָבהאַלטען דעם פּראָגרעס פֿאַר יאָהר־הונדערטע."

דיזער אַרגומענט, מיט וועלכען עהרליך דײנקענדע מענשען, וועלכע האָבען ווירקליך דעם וואונש צו דיסקוטירען די פֿראַגע, בענוצען זיך אָפֿטמאָל געגען אונז, האָט אַ געוויסע בערעכטיגונג און עס איז ווערטה, מיר זאָלען זיך אַביסעל נעהנטער בעשעפֿ־טיגען דערמיט.

* * *

אמת, יעדע זאַך אין דער נאַטור ענטוויקעלט זיך ביסלעכ־ווייז, מיר זעהען איבעראַל אַ לאַנגזאַמען אונאונטערבראָכענעם און שטופֿענווייזען פּראָגרעס פֿון אַלע ערשײנונגען, און ערשט דאַן, ווען עס פֿינדעט שטאַט אַן איבערגאַנג פֿון איין פעריאָדע צו אַן אַנדערער, בעמערקען מיר אַ שנעלערע בעוועגונג, פֿער־בונדען מיט פעריאָדישע קאַטאַסטראָפֿען. אויף אַזאַ מין אַרט האָט זיך ענטוויקעלט דאָס לעבען אויף אונזער ערד, האָט דער מענש אַריבערגעטראָטען דעם גרענעץ פֿון דער טהירישער וועלט, און דיזער שטענדיגער פּראָגרעס איז אויך די אורזאַכע, אַז דער מענש פֿון אונזער צייט שטעהט מעהר ניט אויף דערזעלבער שטופֿע ווי דער מענש אין דער זאָגענאַנטער שטיין־צייט.

אָבער איין זאַך דאַרפֿען מיר קיינמאָל ניט פֿערגעסען: אויב די ענטוויקלונג זאָל אָנגעהן טריט ביי טריט, אָהן געוואַל־טיגע פּאַסירונגען, דאַרף זי ניט געפֿינען קיין שום הינדערנים אויף איהר וועג; אויב עס מאַכט זיך יאָ אַ הינדערנים און די אינערליכע קראַפֿט פֿון דעם ענטוויקלונגס־פּראָצעס איז שטאַרקער פֿון דעם ווידערשטאַנד, וועלכען זי געפֿינט, ווערט זי צוברעכען די הינדערנים, אויב ניט, ווערט עס זיין אַ מפּיל. יעדעס מאָל, ווען עס פֿינדעט שטאַט אַ צוזאַמענשטויס צווישען אַ פּראָגרעס און אַ זאַך, וועלכע האַלט איהם אָב, ענטשטעהט אַ רעוואָלוציאָן, צי עס האַנדעלט זיך אום דעם אונטערגאַנג פֿון אַ גאַנצען קאָנ־

טינענט, צי אום די פֿערניכטונג פֿון אַ מאָלאָקיל, אַ שטויבעלע אין אַן אָרגאַניזמוס, שפּיעלט אין דיזער בעציהונג קיין ראָלע ניט.

עס ווערט היינט אַלגעמיין אָנערקענט, אַז די גרויסע געאָלאָגישע רעוואָלוציאָנען זיינען ניט אַרויסגערופֿען געוואָרען דורך געוואַלטיגע קאַטאַסטראָפֿען און שנעלע פֿערענדערונגען, וועלכע האָבען זיך אָבגעשפּיעלט אינעווייניג פֿון'ם ערד־קוגעל, נאָר זיי זיינען געווען די רעזולטאַטען פֿון אַ שטילען אונבעמערקליכען איבערבייט, וועלכער איז אָנגעגאַנגען הונדערט טויזענדער יאָהרען. מיר ווייסען אויך, אַז דיזעלבע אורזאכען, וועלכע האָבען ענטוויקעלט דעם יעצטיגען צושטאַנד פֿון אונזער ערד, זעצען שטענדיג פֿאָרט זייער טהעטיגקייט און בערייטען פֿאָר אַ נייען איבערבייט.

איבעראַל הוילט דער רעגען אויס די פֿעלזען־שטיינער און גראָבט אונטער דעם האַרטסטען גראַניט. קיין סימן צייגט אינז ניט אָן אויף דיזע אונטעראירדישע אַרבייט. גאַנצע גענעראַציאָנען קומען און פֿערשווינדען, און מען בעמערקט ניט קיינע פֿערענדערונגען. אָבער אין אַ שעהנעם טאָג קייקלען זיך די ריזיגע שטיינער אַראָב פֿון די בערג, צושמעטערענדיג וועלדער און דערפֿער אויף זייער וועג. זיי פֿילען אָן די טהאָלען, אין וועלכע די טייכען פֿליסען, און דאָס וואַסער זוכט זיך אַן אַנדער וועג — איבעראַל אַ בילד פֿון צושטעהרונג, אונטערגאַנג און פֿערניכטונג! אָבער נאָכדעם ווי די קאַטאַסטראָפֿע איז אַריבער, פֿאָדערט דאָס לעבען ווייטער זיינע רעכטע, און עס ענטוויקעלט זיך שטאַרקער און מעכטיגער ווי בעפֿאָר אין אַלע ווינקלעך אין דעם אָרט פֿון צושטעהרונג. די עוואָלוציאָן געהט אָן זעהר לאַנגזאַם און טריט ביי טריט, ביז וואַנען עס קומט אַ מאָמענט, ווען זי קען מעהר ניט פֿאָרטזעצען איהר שטילע אונטעראירדישע טהעטיגקייט, אָהן אַרויסצורופֿען אַ שטאַרקע געפֿאַהר פֿאַר דעם בעשטעהענדען צושטאַנד; און די פֿעלזען הויבען אָן פֿונאַנדערצופֿאַלען און בעגראָבען אַלצדינג אונטער זייער שווערער לאַסט.

*
* *

נעהמט אַן אַנדער ביישפּיעל: עס איז בעקאַנט, אַז דער ים געהט ביסלעכוויז צוריק פֿון געוויסע ברעגעס און איבערפֿלייצט

אַנדערע. די כוואַליעס גראָבען אונטער גאַנצע שטיקער לאַנד און שלעפּען אַוועק די ערד, אום צו געפינען אַ נייען פּלאַץ, אָבער דיזעלבע ערד קלייבט זיך אָן אין אַנדערע פּלעצער און אויף אַזאַ'ן אופן ענטוויקלען זיך ביסלעכווייז נייע שטיקער לאַנד. דיזע אַרבייט געהט אָן אַזוי שטיל און אונבעמערקליך, אַז גאַנצע גע־נעראַציאָנען קומען און פערשווינדען, ניט זעהענדיג די רעזול־טאַטען פון דיזער שטילער טהעטיגקייט — אין הונדערט יאָהר צייט שלינגט דער ים איין אפשר עטליכע קאַנטימעטער, דאָס איז אַלעס. אָבער שפּעטער מיט צעהנטויזענדער אָדער הונדערט טויזענדער יאָהרען —די צייט שפּיעלט אַ קליינע ראָלע — וועט קומען דער מאָמענט, ווען די כוואַליעס האָבען בעזיעגט דעם לעצטען ווידערשטאַנד, צושטעהרט דעם לעצטען גרענעץ, און דער ים, וועלכער האָט בעקימען נייע קרעפטען דורך דעם ווידערשטאַנד גופא, וועט איבערפלייצען דאָס לאַנד און צושטעה־רען אַלצדינג וואָס קומט אין זיין וועג, ביז וואַנען ער וועט זיך ווייטער אָבשטעלען ביי אַ נייעם גרענעץ. וועלכער איז אימשטאַנד אויפצוהאַלטען די כוואַליעס פאַר אַ לענגערע אָדער קירצערע צייט; אויף ווי לאַנג, דאָס ווענדט זיך אין דער קראַפט און ווידערשטאַנדס־פעהיגקייט, וועלכע ער בעזיצט.

* * *

דאָסזעלבע איז דער פאַל מיט די פערשידענע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט: די סאָציאַלע אָרגאַניזאַציאָן, די אַלע אינסטי־טוציאָנען, וועלכע מען האָט געשאַפען צו פערטהיידיגען דיזע אָרגאַניזאַציאָן, שטעלען פאַר דעם גרענעץ, וועלכער האַלט אָב דעם פּראָגרעס. פון דער צווייטער זייט זעהען מיר, ווי יעדע ערשיינונג אין דער געזעלשאַפט זוכט דורכצוברעכען דיזען גרע־נעץ. די אידעען האָבען זיך מאָדיפיצירט, די מנהגים זיינען איבערגעביטען געוואָרען, און ביסלעכווייז פערשווינדעט דער רעספּעקט פאַר די אַלטע אינסטיטוציאָנען, וועלכע זוכען זיך אויפצוהאַלטען מיט אַלע מעגליכקייטען, אום פאָרטצוזעצען זייער הערשאַפט איבער די געזעלשאַפט און איהרע מיטגלידער. די שטילע אַרבייט פון דיזער אינערליכער אויפלעזונג איז מאַנכעס

מאָל אונבעמערקבאר פֿאַר אַ גאַנצען דור. געוויסע מנהגים און געוואוינהייטען פֿערשווינדען, געוויסע פֿאָראורטהיילע זיינען צו־שטעהרט געוואָרען, אָבער דיזער איבערבייט איז אָנגעגאַנגען אַזוי שטיל, אַז מען האָט איהם אפילו ניט בעמערקט, און נאָר די אַלטע מענשען, וועלכע פֿערגלייכען די מנהגים פֿון זייער יוגענד מיט די געוואוינהייטע פֿון זי'ערע קינדער, בעמערקען, אַז עס האָט יאָ שטאַטגעפֿונען אַן איבערבייט.

נאָר אָבוואָהל די אידעען און געוואוינהייטען האָבען זיך פֿערענדערט, זיינען די אינסטוטוציאָנען און די סאָציאַלע אָרגאַני־זאַציאָנען פֿאָרט געבליבען דיזעלבע; אַזוי ווי אַ מויער שטעהען זיי פֿעסט אויף דעמזעלבען אָרט און די כוואַליעס ברעכען זיך אָן די פֿעלזען, אָברייסענדיג דאָ און דאָרט אַ שטיינדעל. טויזענדער אַזעלכע שטיינדלאַך ווערען ביסלעכווייז אָבגעריסען פֿון די כוואַליעס, אָבער וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָבען איינצעלנע שטיינער אין פֿערגלייך מיט דעם גאַנצען מויער? קיינע ניט. אָבער די כוואַליעס שלעפּען אויך די שטיינער און ביי זייער נעכסטער אטאַקע שליידערען זיי דיזעלבע שטיינער צוריק אין דעם מויער און ברעכען אויס אַנדער־ע שטיינער, וועלכע זיי פֿערוועג־דען שפּעטער צו דעם זעלבען צוועק. אַזאַ קאַמפּף קען אָנגעהן פֿאַר טויזענדער יאָהרען; דער מויער זעהט אויס אונצערשטעהר־באַר, אָבער אין אַ שעהנעם טאָג, ווען עס מאַכט זיך אַ נייע אַטאַקע, ברעכען אונטער איהרע פֿונדאַמענטען און די טריאומ־פֿירענדע כוואַליעס געפֿינען ענדליך אַ פֿרייען וועג.

* * *

מיר וואָלטען זיכער העכסט צופֿרידען געוועזן, אַז די ענט־וויקלונג פֿון אונזער געזעלשאַפֿט זאָל אָנגעהן שטילערהייט, אָבער אָהן אַ אָבהאַלט, מיר וואָלטען זיך אמת געפֿרייט צו געהען ווייטער און ווייטער, אויסמיידענדיג אַלע קאַטאַסטראָפֿען און געוואַלטיגע פּאַסירונגען, אָבער דאָס ווענדט זיך ניט אין אונזער ויאונש. מיר געהען אָן מיט אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ, מיר פֿער־שפּרייטען אונזערע אידעען פֿון אַ בעסערע צוקונפֿט; דאָס זיינען די ט־אָפּען וואַסער, וועלכע לייזען אויף די מינעראַלען, ברעכען

זיך דורך אַ וועג דורך די שטיינער און קומען ענדליך ביין פּוס בּאַרג אַרוים אַלס אַ קוואַל. קענען מיר פֿערהינדערן, אַז דער בּאַרג זאָל ניט אויסגעהוילט און ענדליך צופֿאַלען ווערען דורך די שטילע אַרבייט פֿון די וואַסער־טראָפּען און ענדליך אַליין צוברעכען די שטיין־פּלאָקען, דורך וועלכע מען האָט געריינקט צו מאַכען איהם נאָך פֿעסטער און שטאַרקער?

די קאַפּיטאַליסטען זיינען אַליין אויך פֿעראינטערעסירט, אַז די סאָציאַלע אומוועלצונג זאָל שטאָטפֿינדען אָהן אַ צוזאַמענ־שטוים. פֿאַרוואָס אַלזאָ פֿערזוכען זיי אויפֿצוהאַלטען דעם בּאַרג מיט אַלע מיטלען, אָנשטאָט צו העלפֿען אונז איהם ביסלעכווייז אַוועקצוראַמען פֿון וועג, כדי דאָס וואַסער זאָל קענען לאַנגזאַם אַראָבפֿליסען אין טהאָל און מיטשלעפּען מיט זיך אַלע אונניצליכע שטאָפּען, אום אויסצוגלייכען די ערד?

אָבער זיי ווילען זיך ניט ענטזאָגען פֿון זייערע פּריווילעגיעס; זיי האָבען זיך איינגערעדט, אַז זייער געזעלשאַפֿט איז אַזוי פֿעסט און זיכער, אַז די בוואַליעס קענען איהר ניט בריינגען קיין שום שאָדען. וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָבען פֿאַר זיי די וויניגע קאָנ־צעסיאָנען, וועלכע מען האָט אַרויסגעריסען פֿון זיי אין פֿער־לויף פֿון אַ גאַנצען יאָהרהונדערט! זייערע פּריווילעגיעס זיינען אַזוי גרוים, אַז זיי פֿיהלען זאָגאַר ניט אַזאַ קליינען פֿערלוסט. אָבער די כוואַליעס האָבען אָנגעהויבען זייער אַרבייט; די אונטערדריקטע בענוצען זיך מיט דעמזעלבען מאַטעריאַל פֿון זייערע עקספּלאָ־אַטאַטאָרס און שמיעדען דערפֿון די וואַפֿען פֿאַר זייער פֿערניכ־טונג. מיר האָבען בייגעטראָגען אונזער טהייל צו דער עוואָלוציאָן, און דער אונזיניגער ווידערשטאַנד פֿון דער בורזשואַזיע איז אַליין פֿעראַנטוואָרטליך, ווען די עוואָלוציאָן וועט זיך פֿערוואַנדלען אין אַ רעוואָלוציאָן.

* * *

יעדער איינער, וואָס האָט נאָר די אַבזיכט צו שטודירען אויף אַן אונפּאַרטייאישען אופֿן די טהעטיגקייט פֿון דעם סאָ־ציאַלען אָרגאַניזם, וועט באַלד פֿערשטעהן, אַז די אומשטענדע אַליין האָבען די אַנאַרכיסטען געטריבען צו ווערען רעוואָלוציאָ־

נערע. די אַנאַרכיסטען האָבען אויסגעפֿונען, אַז די אורזאַכען פֿון די סאָציאַלע איבלען זיינען ענטהאַלטען אין דער אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט גופא, און דאָס אַלע רעפֿאָרמען, וועלכע די פּאָליטיקער און סאָציאַליסטען שלאָגען פֿאָר, האָבען ניט דעם קלענסטען ווערטה, דערפֿאַר וואָס זיי בעשעפֿטיגען זיך בלויז מיט די ווירקונגען אָנשטאָט מיט דער אורזאַכע פֿון די איבלען.

ווען איינער האָט גענוג צו עסען און קען ווי עס איז בעפֿרידיגען זיינע בעדירפֿניסע, האָט ער צייט אָבצואוואַרטען. אָבער די, וועלכע ליידען פֿון פֿיזישען און גייסטיגען הונגער, זיי קענען שוין ניט זיין צופֿרידען מיט שעהנע צוקונפֿטס-בילדער, נאָך דעם ווי זיי האָבען פֿערשטאַנען די אורזאַכע פֿון זייערע ליידען; די בעדינגונגען, אונטער וועלכע זיי לעבען, צווינגען זיי צו פֿערלאָזען דעם געביעט פֿון דער שפּעקולאַציע און זיך צו בעשעפֿטיגען מיט דער פּראַקטישער טהעטיגקייט.

איז עס דען ניט אַ גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג, אַז מענשען, וועלכע זיינען איבערצייגט פֿון אַ געוויסע אידעע, זאָלען זוכען איהר צו פּראָפּאַגאַנדירען און איהר בעווייזען דורך האַנדלונגען? און איז עס ניט אַ פֿערברעכען אין אונזער היינטיגער געזעלשאַפֿט, צו פֿערזוכען אַ פֿערווירקליכונג פֿון אונזערע אידעען? ווי אַזוי איז אַלזאָ מעגליך, אַז די, וואָס האָבען געטהאָן אַלצדינג צו פּראָפּאַגאַנדירען די נייע אידעען, צו ערקלעהרען די אורזאַכע פֿון אונזערע ליידען און די מיטלען, וועלכע קענען אונז פֿיהרען צו אַ בעסערער געזעלשאַפֿט, ווי אַזוי איז עס גאָר מעגליך צו ער־וואַרטען, אַז דיזעלבע מענער זאָלען זיך שטעלען אַנטקעגען די, וועלכע זוכען צו רעאַליזירען אייערע אידעען, און זיי צוצורופֿען: „האָט געדולד און זייט צופֿרידען, נעהמענדיג אַן אָנטהייל אין אַזאַ בעוועגונג, אפשר וועט קומען אַ טאָג, ווען אייער עקספּלאָ־אַטאַטאָר וועט אייך געבען אַ פּאָר פֿערבעסערונגען!" אַזאַ שטע־לונג וואָלט פּשוט געהייסען זיך אויסלאַכען פֿון די אונגליקליכע.

* * *

זיכער, מיר וואָלטען העכסט צופֿרידען געווען, ווען די בורזשואַזיע וואָלט אַליין פֿערשטאַנען די שענדליכע ראָלע וועלכע

זי שפּילט, ווען זי וואָלט זיך ענטזאָגט ווייטער צו עקספּלואַטירען
די אַרבייטער און איבערגעגעבען די מאַשינען, די הייזער, די ערד
און די מינען צו דער אַלגעמיינהייט, כדי די אַרבייטער זאָלען
זיך בענוצען דערמיט צו גונסטען פֿון אַלעמען און אָרגאַניזירען
אַ צושטאַנד פֿון סאָלידאַריטעט אָנשטאָט פֿון קאָנקורענץ. אָבער
קען אַן ערנסטער מענש זיך ווירקליך איינרעדען, אַז דיזעלבע
קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האַלטען אין איין שרייען, אַז מען זאָל
פֿערגרעסערן די צאָהל פֿון סאָלדאַטען, פּאָליציסטען און ריכטער,
וועלען פּלוצלינג ווערען אַזוי גוט, אַז זיי וועלען זיך ענטזאַגען
פֿון זייערע אַלע פּריווילעגיעס צוליעב אַ אידעאַל, וועלכעס איז
געגען זייערע אינטערעסען?

געווים, עס איז גאַנץ שעהן אויסצואַרבייטען נייע טהעאָריען
אין צו טרוימען פֿון אַ בעסערער צוקונפֿט. אָבער פֿאַר וועמען?
פֿאַר מענשען פֿון דער בעזיצענדער קלאַסע, וועלכע האבען זיך
צורעכט געמאַכט אַ מין סאַלאָן-פֿילאָזאָפֿיע, אום צו דיסקוטירען
צווישען זיך נאָך אַ גוטען מיטאָג איבער די שלעכטע אָרגאַניזאַ-
ציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט. אָבער אָנצוהאָרעווען די הונגערליידער
מיט אַזעלכע אונפּרוכטבאַרע אידעען, וואָלט געווען דאָסזעלבע,
ווי אַ פֿילאַנטראָפּ, וועלכער האָט זיך גוט אָנגעגעסען און האָט
אָנגעשטאָפּט די קעשענעס מיט גאָלד, וואָלט געענטפֿערט אַ
מענשען, וועלכער געהט אויס פֿון הונגער: „מיין ליעבער פֿריינד,
איך האָב ווירקליך רחמנות אויף אייך און איך בעדויער זעהר
אייער שלעכטע לאַגע; איך וועל גוט נאָכדיינקען וועגען אייך
און אייער טרויעריגען שיקזאַל, נאָר פֿאָרלויפֿיג ראַטה איך אייך,
איהר זאָלט זיך ניט אָנ'שכור'ן און אָבשפּאָרען יעדע וואָך אַ פּאָר
גראָשען." ווען מיר וואָלטען די אָרעמע און עלענדע מעהר ניט
געקענט געבען ווי אַזאַ לעהרע, וואָלט די בורזשואַזיע געקענט
זיין זעהר צופֿרידען, ווייל זי וואָלט זיך ניט געדאַרפֿט זאָרגען
וועגען דער צוקונפֿט, און די אַרבייטער וואָלטען קיינמאָל קיין
האָפֿנונג ניט געהאַט צו בעפֿרייען זיך פֿון זייערע ליידען און
שמערצען.

גליקליכערווייזע האָבען מיר געזעהן, אַז עס גיט נאָר איין

וועג צו רעאַליזירען אונזערע ווינשע און שטרעבונגען, און עס גיט פֿיעלע טעמפּעראַמענטפֿאָלע מענשען, וועלכע זיינען פֿערטיג צו געהן דיזען וועג. וואָס מעהר די אַנאַרכיסטישע טהעאָריע צייגט זיך אַרויס אַלס אַ לעהרע פֿון פּראַקטישע האַנדלונגען, אַלס מעהר רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען וועלען זיך אָנשליסען אין אונזערע רייהען. דעריבער איז די פֿערמעהרונג פֿון רעוואָלוציאָנערע אַקטען, וועלכע מורא׳דיגע מענשען בעדויערן אַזוי שטאַרק, דער בעסטער בעווייז פֿאַר דעם פּראָגרעס פֿון אונזערע אידעען.

*
* *

עס וואָלט איינפֿאַך געהייסען בעזאָרגען די אַרבייט פֿון די עקספּלואַטאַטאָרס, ווען מיר וואָלטען געפּרייריגט די אונטערדריקטע די לעהרע פֿון געדולד און פֿריעדען; דיזע ראָלע לאָזען מיר איבער צו די פֿערטרעטער פֿון׳ם קריסטענטהום. ניט מיט געדולד און ניט מיט פּוסטע האָפֿנונגען איז מעגליך אַ בעפֿרייטען די יעצטיגע בעדינגונגען, זאָנדערן נאָר דורך האַנדלונגען, און דער בעסטער וועג צו האַנדלען איז זעהן ווי פּטור צו ווערן פֿון אַ הינדערנים, וועלכעס פֿערשפּאַרט אונז דעם וועג.

לאַנג גענוג האָבען זיך די מענשען אַנידערגעוואָרפֿען פֿאַר דער אויטאָריטעט, לאַנג גענוג האָבען זיי געהאָפֿט אויף אַ משיח אָדער געגלויבט אין פּאָליטישע אומוועלצונגען און געזעצליכע בעפֿרייאונגס־מיטלען! די פֿערווירקליכונג פֿון אונזערע אידעען פֿאָדערט אַזעלכע מענשען, וועלכע האָבען דעם בעוואוסטזיין פֿון זייער קראַפֿט, מענשען, וועלכע פֿערשטעהען ווי אַזוי צו האַנדלען, כדי מען זאָל רעספּעקטירען זייער פֿרייהייט, ניט טיראַניזירענדיג אין דערזעלבער צייט אַנדערע מענשען, מענשען, וועלכע פֿערלאָזען זיך קיינמאָל ניט אויף אַנדערע, זאָנדערן נאָר אויף זייערע אייגענע קראַפֿט, איניציאַטיווע און ענערגיע. און אַזעלכע מענשען געפֿינט מען ניט, פּריידיגענדיג געדולד, זאָנדערן דעם אויפֿשטאַנד, די רעוואָלטע!

*
* *

און אויסערדעם ווייזט די אַנאַרכיסטישע אידעע ניט צוריק די אונטערשטיצונג פֿון די, וועלכע געפֿינען ניט קיין געשמאַק

אין דירעקטער טהעטיגקייט, און וועלכע בעשעפטיגען זיך אויס־שליסליך מיט דער פערשפרייטונג פון די אידעען און מיט דער פארבערייטונג פאר א צוקינפטיגע ענטוויקלונג; עס מאכט אפי׳ו ניט אויס, ווען זיי אנערקענען ניט אין גאנצען אונזערע אידעען. יעדע אטאקע געגען א פאראורטהייל, יעדע האנדלונג, וועלכע צושטעהרט א ליגען און בעשטעטיגט א וואהרהייט איז א זיעג פאר׳ן אנארכיזמוס. די אנארכיסטען ענטזאגען זיך ניט פון קיין הילפ׳, זיי ווייזען ניט צוריק קיין אונטערשטיצונג, און זייער בעכטער וואונש איז צו ארבייטען האנד אין האנד מיט אלע די, וועלכע גיבען אונז עפעס גייעס. זיי זיינען צופרידען צו פעראייניגען זייערע קרעפטע מיט די אנדערע, כדי די אנדערע זאלען זיך בעקענען מיט זייערע אייגענע ווינשע און שטרעבונגען.

* * *

עס איז איינפאך אונמעגליך פאר די אנארכיסטען צו אגיטירען אויף א פרידליכען אופן, אפילו ווען זיי וואלטען געהאט די אבזיכט דערצו, ווייל די אומשטענדע אליין צווינגען זיי צו האנדלען. קען מען דען רוהיג צוזעהען ווי די פאליציי מישט זיך אריין אין יעדע אנגעלעגענהייט, פערשטעהענדיג די טרויעריגע ראלע פון א פאליציסט? קען מ׳ען זיך אונטערווארפען צו דער געמיינהייט פון א ריכטער, ווען מ׳ען גלויבט מעהר ניט אין די הייליגקייט פון זיין ראלע? אדער ווי אזוי קען מען רעספעקטירען דעם רייכען ליידיגגעהער, וויסענדיג, אז זיין עקזיסטענץ גרינדעט זיך אויף דאס עלענד פון הונדערטער פאמיליען?

קען א מענש אריינגעהן צופרידענערהייט אין דער קאזא־מע און שפיעלען די ראלע אלס א וועכטער־הונד פון זיינע אויס־בייטער, בעגרייפענדיג אין דערזעלבער צייט, אז די אידעע פון׳ם פאטערלאנד איז ניט מעהר ווי א שווינדעל, און אז זיין ווירק־ליכע ראלע בעשטעהט אין דעם צו ערמארדען זיינע ברידער, אויב מען וועט איהם הייסען?

ווען מיר זעהען אז דאס עלענד איז ניט אנדערס ווי דער רעזולטאט פון אונזער שלעכטער געזעלשאפטליכער ארגאניזאציאן, אז מענשען געהען אויס פון הונגער, איינפאך דערפאר, ווייל עס

גיט ברוטאַלע עגאָאיסטען. וועלכע קליבען אָן בערגעלאַך גאָלד פאַר זייערע יורשים, קענען מיר דאַן נאָך אַלץ בלייבען רוהיג און שטאַרבען צופרידענערהייט אין ערגעץ אַ ווינקעל פון אַן אָרימען הויז? ווי פרידליך אַ מענש זאָל ניט זיין, קומט דאָך אַמאל אַ מאָמענט, ווען ער ענטפערט מיט געוואַלט, אים זיך צו פערטהיידיגען געגען דער געוואַלט, ווען ער הויבט אָן צו רעוואָלטירען געגען דער אויסבייטונג.

די, וועלכע וואָלטען צופרידען געווען, אַז די געזעלשאַפט זאָל זיך איבערבייטען אָהן געוואַלטיגע פאַסירונגען, מוזען זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל ענטזאַגען פון דיזער האָפנונג, וועלכע איז ניט מעהר ווי אַ חלום. די ענטוויקלונג פון די אידעען פיהרט אונז צו דער רעוואָלוציאָן. מיר מעגען עס בעדויערן, פערגיסען טרעהרען דעריבער, אָבער מיר קענען ניט ענדערן דעם פאַקט; מיר מוזען נעהמען די טהאַטזאַכען אַזוי ווי זיי זיינען, און קיין שום קלאָגען קען אונז ניט העלפען. און אויב די רעוואָלוציאָן איז אונפערמיידליך, דאַן גיט עס נאָר איין מיטעל, אום צו פערהינדערן, זי זאָל זיך ניט קעהרען געגען דעם פראָגרעס, נעמליך צו נעהמען אַן אַנטהייל אין איהר און אָנווענדען אַלע מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט איהר פאַר די פערווירקליכונג פון אונזער אידעאַל.

* * *

מיר בעלאַנגען ניט צו די, וואָס פריידיגען געוואַלט אַקטע אויך ניט צו יענע פוסטע שרייער, וועלכע עפענען שטענדיג אויף זייערע גרויסע מיילער, פונקט ווי זיי וואָלטען געוואָלט איינשלינגען אַ קאַפּיטאַליסט אָדער אַ מייסטער לעבעדיגערהייט; דאָס זעלבע האָט די בורזשואַזיע פריהער געטהאָן מיט די גלחים. מיר דיינקען אויך ניט אויפצורייצען אַנדערע מענשען צו בעגעהען אַזאַ אָדער אַזאַ אַקט. מיר זיינען איבערצייגט, אַז מענשען וועלען קיין זאַך ניט טהאָן, וועלכע זיי אַליין האָבען ניט בעשלאָסען אויסצופיהרען. מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז טעראָריסטישע אַקטען קען מען נאָר פריידיגען דורך אייגענע האַנדלונגען און ניט דורך אַן אַרטיקעל אָדער אַ רעדע. אָט דערפאַר

קומען מיר צו דעם שלוס, אַז מענשען דאַרפֿען אַליין וויסען, וואָס זיי געהען טהאָן. אָבער מיר זיינען אויך איבערצייגט, אַז די ענטוויקלונג פֿון די אידעען, אויב מענשען פֿערשטעהען זיי ריכטיג, מוז אַרויסרופֿען אַ פֿערמעהרונג פֿון די רעוואָלוציאָנערע אַקטע.

* * *

וואָס טיעפֿער דיזע אידעען וועלען אַריינדרינגען אין די מאַסען, אַלס מעהר וועלען זיי אויפֿוועקען זייער בעוואוסטזיין, אַלס שטאַרקער וועט זיך ענטוויקלען ביי זיי דער געפֿיהל פֿון מענשליכער ווירדע, און אַלס וויניגער וועלען זיי דערטראָגען די געמיינהייטען פֿון די רעגירער און די אויסבייטינג פֿון די קאַפּי־טאַליסטישע גנבים. און דיזע ענטוויקלונג וועט אַרויסרופֿען גאַנץ פֿון זיך אַליין אַ פֿערמעהרונג פֿון די רעבעלישע האַנדלונגען. און דיזער פֿאַקט מאַכט אונז ניט טרויעריג, פֿערקעהרט, יעדער רע־וואָלוציאָנערער אַקט איז אַ קלאַפּ געגען דעם אַלטען אָרגאַניזם, וועלכער דערשטיקט אונז. און וויל מיר מוזען צוגעבען, אַז יעדער פּראָגרעס איז פֿערבונדען מיט צוואַמענשטויסונגען און אָפּפֿער, דערפֿאַר בעגריסען מיר די יעניגע, וועלכע געהען אונטער אין דעם שרעקליכען שטורם, האָפֿענדיג, אַז זייער ביישפּיעל וועט שאַפֿען מעהר קעמפֿפֿער, מיט בעסערע וואַפֿען, וועלכע וועלען מאַכען אַ גרעסערע ווירקונג אויף דער געזעלשאַפֿט.

אָבער ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די צאָהל פֿון די, וואָס פֿאַלען אין קאַמפּף, איז זי דאָך נאָך זעהר קליין אין פֿערגלייך מיט די אונצעהלבאַרע אָפּפֿער, וועלכע דער קאַפּיטאַליסטישער מאָנסטער שלינגט איין יעדען טאָג. וואָס ענערגישער דער קאַמפּף וועט אָנגעהן, אַלס קירצער וועט ער זיין, און אַלס וויניגער לע־בענס וועלען פֿערניכטעט ווערען פֿון עלענד, קראַנקהייט, שווינד זוכט און דעגענעראַציאָן.

# די מיטלען,
# וועלכע עס נעהמען זיך פֿון די פּרינציפּען.

מאַנכע מענשען, וועלכע מיינען עס גאַנץ ערנסט, קענען פֿאַר קיין פֿאַל ניט בעגרייפֿען, וואַ־ום די אַנאַרכיסטען ווילען זיך ניט בענוצען מיט געווּיסע קאַמפּף־מיטלען, דערפֿאַר וויילעס איז געגען זייער פּרינציפּ. — „פֿאַרוואָס זאָלט איהר ניט פֿער־זוכען אַריינצובעקומען די מאַכט אין אייערע הענד", אַזוי זאָגען זיי, „כדי איהר זאָלט קענען צווינגען דאָס פֿאָלק אָנצואווענ־ען אייע־ע אידעען אין דער ווירקליכקייט??"—„פֿאַרוואָס", פֿרעגען אונז אַנדערע, „ווילט איהר ניט שיקען איינגע פֿון אייערע גע־נאָסען אריין אין פּאַרלאַמענט אָדער אין דער שטאָדט־פֿערוואַל־טונג? דאָס וואָלט אייך געגעבען די מעגליכקייט צו בעקומען אַ געווּיסע אויטאָריטעט און צו פֿע־שפּרייטען אייערע אידעען צווי־שען די מאַסען."

פֿון דער צווייטער זייט זעהען מיר געווּיסע אַנאַריכסטען, וואָס האַלטען זיך פֿאַר זעהר לאָגיש און וועלכע מאַכען פֿון דער אידעע איינפֿאַך אַ קאַריקאַטור, מיט דעם וואָס זיי פֿערטהיידיגען אַסך אַנזיכטען, וועלכע האָבען איבערהויפּט ניט וואָס צו טהאָן מיט'ן אַנאַרכיזם. אייניגע פּערזאָנען זיינען די פֿערטהיידיגער פֿון פּראָסטער גנבה, דערפֿאַר ווייל דער אַנאַרכיזם איז געגען פּריוואַט־אייגענטהום. אַנדערע פֿערטהיידיגען אונטער דעם נאָמען פֿון דער פֿרייער ליעבע אַזעלכע האַנדלונגען, וועלכע זיי אַליין וואָלטען אַטאַקירט אַלס די ערגסטע קאָרופּציאָן און געמיינהייט, ווען אַ בורזשואַ וואָלט עס געטהאָן, „נאָך אַ פֿאָראורטהייל!" זאָגען זיי און ערקלעהרען, אַז זיי לאַבען זיך אויס פֿון אַלע פּרינ־ציפּען, אַז יעדער מיטעל איז גוט, וועלכער קען אונז גיבער

פיהרען צו דער רעוואָלוציאָן. „לאָמיר זיך בעפרייען פון אַזעלכע בעדיינקליכקייטען, וועלכע פּאַסען מעהר ניט פאַר אונזער צייט!" אָט אַזוי ענטפערט מען אויף אַלע אַרגומענטען.

* * *

די יעניגע, וועלכע בענוצען זיך מיט אַזעלכע ווערטער, האָבען — אַזוי דיינקען מיר — אַ גרויסען טעות, און אויב זיי וואָלטען נאָר גענומען די מיה אַביסעל טיעפער נאָכצודיינקען, וואָלטען זיי אַליין געקומען צו דעם שלוס, אַז ניט יעדער מיטעל איז גוט, אום צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם אַנאַרכיזם; עס גיט זאָגאַר אַזעלכע מיטלען, וועלכע זיינען דירעקט געגען אַלע פּרינציפּען פון'ם אַנאַרכיזם. מעגליך, אַז געוויסע מיטלען קענען האָבען אַ מאָמענטאַנען ערפאָלג, אָבער אין אַלגעמיין וועלען זיי אָבהאַלטען די פערשפּרייטונג פון אונזערע אידעען, איינצעלנע פּערזאָנען וועלען דאַדורך פּראָפיטירען אָנשטאָט די אידעע. דאָס צייגט אונז, צי מען וועט עס צוגעבען אָדער ניט, אַז די מיטלען דאַרפען שטעהן אין אָנקלאַנג מיט די פּרינציפּען; דער פּרינציפּ דאַרף זיין דער קאָמפּאַס, דער פיהרער, כדי צו פערהינדערן, אַז מיר זאָלען ניט אַראָבגעהן פון ריכטיגען וועג. אַ פּרינציפּ איז אָקוראַט ווי אַ נאַטור-געזעץ, אויב מיר האַנדלען דאַגעגען, וועלען מיר זיך אַליין טהאָן שאָדען און די רעזולטאַטען פון אונזער טהעטיגקייט וועלען זיין גאַנץ אַנדערע, ווי מיר האָבען זיך פריהער פאָרגעשטעלט.

נעהמען מיר פאַר אַ ביישפּיעל דאָס אַלגעמיינע שטים-רעכט, פון וועלכען מיר האָבען גערעדט אין אָנפאַנג פון דיזעם קאַפּיטעל: ס'איז לייכט צו זאָגען, אַזוי ווי מאַנכע פון אונזערע טאַקטישע געגנער טהוען עס, ניט זעהענדיג אין פאָראויס די קאָנסעקווענצען פון אַ געוויסער טאַקטיק,—ס'איז לייכט צו זאָגען: „פאַרוואָס זאָלט איהר ניט פערזוכען צו שיקען איינינע אַנאַרכיסטען אין פּאַרלאַמענט, וואו זיי וואָלטען געקענט אויספיהרען דעם געזעלשאַפטליכען איבערבייט, פון וועלכען איהר טרוימט, אָם וויינינסטענס וואָלטען זיי אימשטאַנד געווען לייכטער צו

גרופּירען אַרום זיך די קרעפֿטע, וועלכע רופֿען אַרויס אַ רע־וואָלוציע."

מיט אַ גוט אָרגאַניזירטער און גוט פֿערשטאַנענער אָפּאָ־זיציאָן איז מעגליך אַרויסצורופֿען אַ רעוואָלוציאָן דורך דעם שטים־צעטעל אַזוי גוט ווי דורך אַנדערע מיטלען, אָבער דער אינ־סטרומענט, די וואַפֿע איז אַן אויטאָריטערע, זי קען אין בעסטען פֿאַל אַרויסרופֿען אַ פּאָליטישע, אַן אויטאָריטערע רעוואָלוציאָן; אָט דערפֿאַר בעקעמפֿען די אַנאַרכיסטען דיזען מיטעל, אַזוי ווי יעדע אַנדערע פֿאָרמע פֿון אויטאָריטעט.

* * *

אויב אונזער אידעאַל וואָלט בעשטאַנען אין דעם איבער־צייגונג די היינטיגע געזעלשאַפֿט דורך אַן אויטאָריטערע מאַכט און צו צווינגען די מאַסען אָנצונעהמען בעשטימטע פֿאָרמען פֿון לעבען, דאַן וואָלטען מיר זיך אויך געקענט בענוצען מיט'ן אַל־געמיינען שטים־רעכט, מיר וואָלטען געקענט זעהען צו געווינען די שטימען פֿון דער מאַסע פֿאַר אונזערע קאַנדידאַטען און די לעצטע וואָלטען געוואָרען די הערען פֿאַר די פּראַקטישע אָנ־ווענדונג פֿון אונזערע טהעאָריען. מיר האָבען שוין פֿריהער גע־רעדט אין אונזער אָבהאַנדלונג איבער דער אויטאָריטעט וועגען דעם אַלגעמיינען שטים־רעכט און געצייגט, אַז עס האָט מעהר ניט פּראָדוצירט ווי מיטעלמעסיגקייטען און עס פֿאָדערט אַזויפֿיעל קליין־גייסטיגקייט און פּוסטקייט פֿון די זאָגענאַנטע קאַנדידאַטען, אַז אַן ערנסטער און אינטעליגענטער מענש קען פֿאַר קיין פֿאַל ניט אָננעהמען קיין מאַנדאַט.

אָט דאָס איז גראַדע די שוואַכקייט פֿון דער קאָלעקטיוויס־טישער פּאַרטיי אין די זאָגענאַנטע וואַהל־קעמפֿע. דיזע פּאַרטיי האָט פֿערהעלטניסמעסיג מעהר אינטעליגענטע עלעמענטען אין איהרע רייהען פֿון די פּאָסיביליסטען, וועלכע זוכען דאָס פֿאָלק נאָר צו פֿערבלענדען דורך פּוסטע פֿראַזען און רעטהאָרישע קונ־צען אויף דער טריבונע. די קאָלעקטיוויסטען גיבען זיך די גרעסטע מיה ניט צו קאָמפּראָמיטירען זייער רעוואָלוציאָנערען פּראָגראַם — אָבוואָהל זיי טהוען עס ניט אימער — דורך דעם רעפֿאָר־

מיסטישען טהייל פֿון זייערע פֿאָדערונגען. דער וועהלער, וועלכער איז אין אַלגעמיין ניט קיין גרויסער חכם, דיינקט איינפֿאַך ביי זיך: אויב איך דאַרף נאָך אַלע גליקען דאָך מאַכען אַ רעוואָלוציע, צו וואָס טויגען מיר די רעפֿאָרמען? אויב דיזע רעפֿאָרמען הויבען ניט אויף די נו טווענדיגקייט צו קעמפּפֿען מיט די וואַפֿען אין די הענד, טו וואַרום דאַרף איך אין גאַנצען אויסקלייבען דעפּוטאַטען פֿאַר'ן פּאַרלאַמענט? אמת, דער וועהלער אַרגומענטירט אפשר ניט אין דיזער קאָנקרעטער פֿאָרמע, ווייל צו דעם וואַלט ער געדאַרפֿט שטעהען אויף אַ העכערע שטופֿע פֿון אינטעליגענץ, אָבער דאָס איז דער שלוס פֿון אַלע דעבאַטען אין די וואַהל־פֿערזאַמלונגען, דער וועהלער טראָגט אַרויס פֿון דאָרטען דיזע מיינונג און ער וועהלט בעסער אַ ראַדיקאַל, וועלכער מאַכט איהם געוואַלדיגע פֿערשפּרעכונגען, אָדער פֿאַר אַ פּאָסיביליסט, וועלכער לויבט דעם אויסגעצייכענטען ערפֿאָלג פֿון די פּאַרלאַמענטאַרישע הייל־מיטלען, אונטערלעקענדיג זיך אין דערזעלבער צייט ביי די אַרבייטער מיט דעם וואָס ער האַלט אין איין שילטען אויף דער בורזשואַזיע; אין דערזעלבער צייט וועט ער זיין זעהר פֿאָרזיכטיג און ניט רעדען פֿון דער רעוואָלוציאָן, און ווייל עס צאָהלט זיך איהם בעסער צו אינטריגירען מיט די אַלטע פּאָליטישע פּאַרטייען, וועט ער אונטערשטיצען זייערע קאַנדידאַטען ביי די וואַהלען, פֿאָרלעגענדיג דעם אַלטען פּאָליטישען גרונדזאַץ: „גיב מיר דעם לעפֿעל, וועל איך דיר געבען דאָס טעפּעל.“

*
* *

אַן אַנדער געפֿאַהר פֿון דעם אַלגעמיינעם שטים־רעכט בע־שטעהט אין דעם, וואָס ער איז אַ מיטעל צו דערשטיקען יעדע פּערזענליכע איניציאַטיווע, וועלכע מיר זוכען מיט אַלע קרעפֿטען צו ענטוויקלען. דאָס וואַהל־רעכט איז אַן אינסטרומענט פֿון דער אויטאָריטעט, און אונזער ציעל איז די פֿאָלשטענדיגע בעפֿרייאונג פֿון דער מענשליכער אינדיווידואַליטעט. דאָס שטים־רעכט איז אַ מיטעל צו אונטערדריקען דאָס פֿאָלק, וועהרענד מיר זוכען צו ענטוויקלען דעם גייסט פֿון רעוואָלט צווישען די מאַסען. אָט דערפֿאַר איז דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט קיין מיטעל ניט צו

פֿער־שפּרייטען אונזערע אידעען, פֿערקעהרט, עס וואָלט אין גאַנ־צען בעגראָבען דעם אַנאַרכיזם און דערפֿאַר פֿערוואַרפֿען מיר דיזעס מיטעל.

אויב מיר פּריידיגען דעם פֿאָלק זיך ניט איבערצוגעבען אין די הענד פֿון נייע הער־רען, צו האַנדלען לויט זיינע אייגענע איבערצייגונגען און זיך ניט אונטערוואַרפֿען צו דער געוואַלט, וועלכע געהט עס צווינגען צו טהאָן דאָס, וואָס עס האַלט פֿאַר שלעכט, וואלט עס דאַן ניט געווען די גרעסטע אונלאָגישקייט פֿון אונז, צו ערקלעהרען די מאַסען אין דערזעלבער צייט, אַז זיי דאַרפֿען זיין דער רוי־שטאָף פֿאַר די אַלע אינטריגעס, וועלכע שפּיעלען זיך אָב הינטער די קוליסען פֿון דעם וואַהל־קאָמיטע, אַז זיי דאַרפֿען פֿאָלגען יענע מענער, וועלכע וועלען מאַכען גע־זעצע פֿאַר זיי און אין וועמענס הענד זיי מוזען אַריינגעבען זייער ווילען, זייער אייגענע איניציאַטיווע?

דאָס וואָלט זיכער געווען דער ערגסטער ווידערשפּרוך און אפּילו דער איינפֿאַכסטער מענש וואָלט באַלד דערקענט אונזער לעכערליכע פּאָזיציאָן; דורך אַזא טאַקטיק וואָלטען מיר אַליין צוברעכען די וואַפֿען אין אונזערע אייגענע הענד און בעוויזען, אַז מיר זיינען ניט מעהר און ניט וויניגער ווי פּראָסטע פּורים־שפּיעלער.

און אויסער־דעם וויסען מיר צו גוט די אונפֿאָלקאָמענהייט פֿון דער מענשליכער נאַטור, און ווען מיר וואָלטען שוין יאָ איים־געקליבען קאַנדידאַטען, וואָלטען מיר קיינמאָל ניט זיכער געווען, אַז מיר זאָלען ניט אויסוועהלען קיין אַמביציעזע כאַראַקטערע און אינטריגאַנטען, וועלכע, קומענדיג אין אַ בורזשואַזע אומגעבונג, זאָלען ניט בעסער זאָרגען פֿאַר זייער אייגענעם פּראָפֿיט איידער פֿאַר דעם נוצען פֿון דער אידעע. און אויב מיר וואָלטען שוין יאָ אויסגעקליבען ערנסטע פּערזאָנען, וואָלטען מיר זיי געדאַ־פֿט שיקען אין אַ פּלאַץ פֿון קאָרופּציאָן, און זיי וואָלטען אין גיכען געדאַרפֿט ערקלעהרען זייער אונמעכטיגקייט און זיך צוריקציהען, אָדער זיי וואָלטען געמוזט אָננעהמען די פּאַרלאַמענטאַרישע מנהגים און ווערען בורזשואַס.

און מיר, וועלכע זוכען מיט אַלע מעגליכקייטען צו פֿערהיטען די מאַסען פֿאַר ענטטוישונגען מיט איינצעלנע פּערזאָנען, מיר, וועלכע זוכען איהר צו איבערצייגען, אַז זי האט קיין זאַך ניט צו ערוואַרטען פֿון אַזעלכע פּערזאָנען, מיר זאָלען אַליין אַרויפֿזעצען איינעם פֿון דיזע הערען אויף׳ן ביינקעל? דער פֿערראַטה פֿון אַזעלכע אינדיווידוען וואָלט שטענדיג געוואָרפֿען אַ שלעכטעס ליכט אויף אונזערע אידעען. עס וואָלטען זיך באַלד געפֿונען מענשען, וועלכע וואָלטען געזאָגט: „די אַנאַרכיסטען זיינען ניט בעסער פֿון די איבעריגע,״ און זייער צאָהל וואָלט זיכער געוועזען גרעסער ווי די צאָהל פֿון די, וועלכע פֿערשטעהען צו מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען פּערזאָנען און אידעען, און וועלכע מאַכען ניט פֿעראַנטוואָרטליך די לעצטע פֿאַר די שוואַכקייט און פֿעהלער פֿון די ערשטע.

נאָכדעם ווי מיר וואָלטען אַלזאָ פֿערלאָרען אונזער קאָסט־באַרע צייט און אויסגעבראַכט אונזערע קרעפֿטען פֿאַר גאָרנישט אָדער בעסער געזאָגט פֿאַר דעם טריאומפֿ פֿון איינצעלנע פּער־זאָנען, וואָס וואָלטען מיר געטהאָן, נאָכדעם ווי מיר וואָלטען געזעהן, אַז מיר האָבען נאָך געאַרבייט פֿאַר איינצעלנע פֿעררע־טהער? דאַן וואָלטען מיר געדאַרפֿט ווייטער פֿערלירען אונזער צייט און קראַפֿט, אום צו בעווייזען, אַז דער פֿערראַטה פֿון איינצעלנע פּערזאָנען איז פֿאַר קיין פֿאַל קיין בעוויז ניט געגען די בערעכטיגונג פֿון אונזערע אידעען. און דאַן? דאַן וואָלטען מיר געדאַרפֿט אויסקלייבען נייע קאַנדידאַטען, און די געשיכטע וואָלט זיך אָנגעהויבען פֿון דאָס ניי. דאָס ביישפּיעל פֿון דעם ווערימדיגען עפּעל, וועלכער פֿערדאַרבט ביסלעכווייז אַ גאַנצען זאַק, איז נאָך אַלץ ריכטיג. און די ווירקונג איז נאָך ערגער, ווען אַ געזונטער עפּעל קומט אַריין אין אַ זאַק מיט ווערימדיגע עפּעל. אָט דערפֿאַר זיינען מיר געגען דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט אַלס אַ מיטעל פֿאַר אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ, דען ערשטענס קען עס אונז קיין זאַך ניט ברייגען און צווייטענס איז עס געגען די פּרינציפּען, וועלכע מיר פֿערטהיידיגען.

* * *

אַנדערע אָפּאָנענטען און אויך מאַנכע אַנאַרכיסטען, בעהויפּטען, דאָס עס וועט זיין אַ נויטוועגדיגקייט, אַז אין דער צייט פֿון אַ רעוואָלוציאָן זאָל עקזיסטירען אַ געוויסע אויטאָריטעט, ניט אַ בעשטימטע דיקטאַטור — אַזוי ווייט געהען זיי ניט — נאָר מיר דאַרפֿען אַם וויניגסטענס אָנערקענען אַ געוויסע אויבערמאַכט, צו וועלכע מיר מוזען זיך אונטערוואַרפֿען.

אַ מערקווירדיגער ווידערשפּרוך! אַן איבערבלייבאַכץ פֿון די פֿאָראורטהיילע, מיט וועלכע מיר זיינען אויפֿגעבראַכט און ערצויגען געוואָרען; מיר פֿאָדערן די פֿרייהייט, נאָר מיר האָבען מורא פֿאַר איהרע קאָנזעקווענצען, מיר לייקענען אָב איהר ווירקזאַמקייט און אַפּעלירען צו דער אויטאָריטעט, כדי צו פֿערזיכערן די פֿרייהייט. — וואָס פֿאַר אַ ווידערשפּרוך דאָס איז!

איז דען ניט דער בעסטער מיטעל צו ווערען פֿריי צו בענוצען זיך מיט דער פֿרייהייט, צו האַנדלען נאָך זיין אייגענער פֿרייער איבערצייגונג און צו בעפֿרייען זיך פֿון דעם איינפֿלוס פֿון וואַס פֿאַר עס איז פֿאָרשטעהער? האָט איהר דען ווען עס איז געזעהן, מען זאָל צוגויפֿבינדען די פֿיס פֿון אַ קינד, כדי עס זאָל זיך אויסלערנען געהן?

אָבער עס גיט אַזעלכע פֿראַגען, דערצעהלט מען אונז, וועלכע געוויסע פערזאָנען פֿערשטעהען בעסער פֿון אַנדערע, און דערפֿאַר וואָלט גוט געווען פֿריהער איינצוהערען דעם ראַטה פֿון אַזעלכע מענער און צו האַנדלען לויט זייערע בעשליסע.

מיר זיינען שטענדיג געווען מיט דער מיינונג, אַז אינדיווידועלע טהעטיגקייט שליסט ניט אויס אַ געמיינשאַפֿטליכע פֿערשטענדיגונג, ווען עס האַנדעלט זיך אום פֿראַגען פֿון קאָלעקטיווער טהעטיגקייט; אַז אָרגאַניזאַציאָן איז אַ פֿאָלגע פֿון דיזער פֿערשטענדיגונג, אַ מין צוטהיילונג פֿון דער אַרבייט צווישען אַלע אונאַבהייגיגע פערזאָנען, וועלכע זיינען סאָלידאַריש פֿעראייניגט איינער מיט דעם אַנדערן און וואו די אַרבייט פֿון יעדען איינציגען שטעהט אין אָנקלאַנג מיט דער טהעטיגקייט פֿון זיינע איבעריגע קאַמעראַדען, וועלכע קעמפֿפען אָדער אַרבייטען מיט איהם געמיינשאַפֿטליך. מיר בעגרייפֿען אויך, אַז יעדער איינציגער

זוכט צו געווינען די אַנדערע פֿאַר זיינע פּערזענליכע אידעען און מיינונגען, אָבער דאָס מיינט נאָך לאַנג ניט, אַז יעדער איינציגער דאַרף זיך איינפֿאַך אונטערוואַרפֿען צו אַזעלכע פּערזאָנען, וועלכע בעזיצען אפשר גרעסערע פֿעהיגקייטען אין געוויסע אַנגעלעגענ־הייטען פֿון איהם.

* * *

ווען מיר מאַכען צ.ב.ש. אַ לאַנד־פּאַרטיע מיט עטליכע פֿריינד, און מיר גיבען איבער די פֿיהרונג צו איינעם, וועלכער איז בעסער בעקאַנט מיט דער געגענד פֿון די אַנדערע, מיינט דאָס דען, אַז מיר האָבען איהם געמאַכט פֿאַר אונזער הערר און אַז מיר דאַרפֿען איהם פֿאָלגען בלינדערהייט איבעראַל, וואו ער וועט אונז נאָר פֿיהרען? האָבען מיר איהם געגעבען די מאַכט צו צווינגען אונז, אויב מיר וועלען איהם מעהר ניט וועלען פֿאָל־גען? זיכער ניט! אויב עס געפֿיגט זיך אימיצער צווישען אונז, וואָס ווייסט דעם וועג, פֿאָלגען מיר איהם, דערפֿאַר ווייל מיר האַלטען איהם פֿאַר פֿעהיג אונז צו פֿיהרען אויף דעם ריכטיגען אָרט, מיר ווייסען, אַז ער וויל אַליין אויך געהן אהין; אָבער מיר האָבען זיך פֿאַר קיין פֿאַל ניט ענטזאָגט פֿון אונזער אייגענעם ווילען און אונזער פּערזענליכער איניציאַטיווע.

אויב איינער פֿון אונזער געזעלשאַפֿט בעמערקט, אַז דער, וועלכער פֿיהרט אונז, האָט געמאַכט אַ טעות, אַז ער פֿיהרט אונז אַוועק אין אַ פֿאַלשע ריכטונג, דאַן וועלען מיר זיך באַלד בענוצען מיט אונזער אייגענער איניציאַטיווע, און, אויב עס וועט זיין נייטיג, וועלען מיר זעהן אויסצוגעפֿינען אַן אַנדער וועג, וועלכער ווייזט זיך אונז אויס נעהנטער און אַנגענעהמער.

אַנדערש דאַרף אויך ניט זיין אין דער צייט פֿון קאַמפּף. פֿריהער פֿון אַלעס דאַרפֿען די אַנאַרכיסטען זיך אָבזאָגען פֿון דעם געדאַנק וועגען אַ קריעג צווישען צוויי אַרמעען, מיט שלאַכט־פֿעלדער און מיליטערישע בעוועגונגען פֿון די בעוואַפֿענטע קער־פּערשאַפֿטען, אַזוי ווי עס ווערט פֿאָרגעשטעלט פֿון אַ שאַך־שפּיעלער אויף זיין ברעטעל. דער קאַמפּף דאַרף זיך הויפּטזעכליך בעשעפֿטיגען מיט דער צושטערונג פֿון די אינסטיטוציאָנען.

דער פֿערברענען פֿון די אייגענטהומס־דאָקומענטען, גרונד־רעגיסטער, רעגירונגס־אַקטען א.ז.וו. די עקספּראָפּריאַציאָן פֿון די קאַפּיטאַליסטען, דער צונעהמען און צוטהיילונג פֿון די פּראָדוקטען אין נאָמען פֿון אַלעמען, דאָס אַלעס איז די אַרבייט פֿון קליינע, איבעראַל צושפּרייטע גרופּען פֿון קעמפּפֿער און ניט דער רעזולטאַט פֿון גרויסע מיליטערישע שלאַכטען. אָט דיזען קליינען קריעג דאַרפֿען די אַנאַרכיסטען זעהען צו אונטערשטיצען איבעראַל, אים צו פּאַראַליזירען די טהעטיגקייט פֿון דער רעגירונג, צו צווינגען איהר צו צערשפּליטערן איהרע קרעפֿטען, איהר בעוואַפֿענטע מאַכט.

פֿאַר אַזאַ קאַמפּף דאַרף מען קיין פֿיהרער ניט; ווי באַלד איינער האָט אויסגעפֿיהרט אַ נויטווענדיגע האנדלונג, דאַן רעדט זיין ביישפּיעל מעהר פֿון אַלע ווערטער, זיין האנדלונג וועט בעאיינפֿלוסען אַנדערע, וועלכע וועלען איהם פֿאָלגען, דערפֿאַר וויל זיי סימפּאַטיזירען מיט אַזעלכע אונטערנעהמונגען, אָבער זייער אָנהייגערשאַפֿט פֿערניכטעט ניט זייער אייגענע איניציאַטיווע. אין געוויסע אונטערנעהמונגען וועלען זיי פֿאָלגען דעם, וועלכער האָט בעזונדערע פֿעהיגקייטען אין דיזער בעציהונג, אָבער וועהרענד דעם קאַמפּף וועט אפשר אַן אַנדערער אויסגעפֿינען אַ בעסערען פּלאַן, וועט ער זיך ניט פֿריהער נאָכפֿרעגען ביי אירגענד אַן אויטאָריטעט, נאָר ער וועט זיך דורכרעדען מיט די, מיט וועלכע ער קעמפּפֿט צוזאַמען, און זיי וועלען אָננעהמען אָדער פֿערוואַרפֿען זיין פֿאָרשלאַג און האַנדלען, אַזוי ווי עס ווייזט זיך זיי אויס פּראַקטישער.

אין דער אַנאַרכיע לערנט יעדער איינציגער, וועלכער פֿערשטעהט עפּעס, די, וואָס פֿערשטעהען ניט. דער מענש איז אַ לעהרער און אַ לערנער אין דערזעלבער צייט. ווי באַלד איינער האָט אויסגעפֿונען אַ געוויסע אידעע, וועט ער איהר זוכען צו פּראַקטיצירען, און איהר דורך זיין ביישפּיעל ערקלעהרען צו די, וועלכע פֿעראינטערעסירען זיך דערמיט. אָבער עס גיט ניט קיין בעשטימטע רעגלען, וועלכע וועלען עקזיסטירען פֿאַר אַלע צייטען, קיין אויטאָריטעט, זאָנדערן גלייכע מענשען, וועלכע וועלען זיך

העלפֿען איינער דעם אַנדערן, לויט זייערע בעזונדערע פֿעהיגקייטען; קיינער וועט ניט אָבגעבען זיינע רעכטע זיין אויטאָנאָמיע. מיט איין וואָרט: דער זיכערסטער מיטעל פֿאַר דעם טריאומפֿ פֿון דער אַנאַרכיע איז צו האַנדלען אַנאַרכיסטיש.

* * *

און האַנדלען אַלס אַנאַרכיסטען דאַרפֿען מיר אויך, אַנאַליזירענדיג די אַלע מיטלען און מעטהאָדען, וועלכע מען שלאָגט אונז פֿאָר. דער האַס געגען פּריוואַט־אייגענטהום האָט געוויסע אַנאַרכיסטען געפֿיהרט אַזוי וויים, אַז זיי רעכטפֿערטיגען זאָגאר געוועהנליכע גנבה; איניגע פֿון זיי, וועלכע מאַכען פֿון דער טהעאָריע אַ פּראָסטע קאַריקאַטור, בעהויפּטען אפילו אַז מיר האָבען ניט וואָס צו פֿערדאַמען גנבה צווישען די אייגענע קאַמעראַדען.

מיר זיינען זיכער די לעצטע צו פֿערדאמען אַ גנב; דאָס לאָזען מיר בעסער איבער צו דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט, וועלכע פּראָדוצירט דעם גנב; אָבער ווען מיר בעקעמפֿען פּריוואַט־אייגענטהום, ווען מיר זוכען צו צושטעהרען דיזע אינסטיטוציאָן, איז עס דערפֿאַר, ווייל מיר ווילען פֿערניכטען די מעגליכקייט, אַז איינצעלנע פּערזאָנען זאָלען קענען מאָנאָפּאָליזירען די אַלע עקזיסטענץ־מיטלען, וועלכע זיינען בעשטימט פֿאַר אַלעמען. פֿאַר אונז איז יעדער איינציגער אַ בורזשואַ, אַן אויסבייטער, וועלכער זוכט צו לעבען אַלס אַ פּאַראַזיט אויף דעם רעכנונג פֿון אַנדערע, וואָס פֿאַר מיטלען ער זאָל דערצו ניט אָנווענדען; אפילו ווען ער לעבט ניט דירעקט פֿון דער אַרבייט פֿון אַנדערע. דער גנב איז אויך ניט מעהר ווי אַ בורזשואַ, אַ בורזשואַ אָהן אַ קאַפּיטאַל, און ווייל ער האָט ניט די מעגליכקייט צו עקספּלואַטירען אונז אויף אַ געזעצליכען אופֿן, עקספּלואַטירט ער אונז אייף אַן אומגעזעצליכען שטייגער. און ווען עס וועט זיך איהם איינגעבען אַליין צו ווערען אַן אייגענטהימער, וועט ער זיין דער בעסטער אָנהיינגער פֿון דעם ריכטער און פּאָליציסט.

ווי אַזוי דאַרפֿען מיר אַגיטירען, אַלס אָנהיינגער פֿון דער רעוואָלוציאָן, כדי זי זאָל קומען וואָס שנעלער און זיכערער? עס

איז די ענטוויקלונג פון דער מענשליכער ווירדע, די ענטוויקלונג פון דעם כאַראַקטער, די אונאַבהײנגיגקייט פון'ם ווילען, וועלכע ערלויבען אונז ניט צו געהאָרכען בלינדערהייט צו וואָס פאַר עס איז ניט בעפעהל, אָט דיזע אייגענשאַפטען האָבען אין אונז געשאַפען דעם רעבעלישען געפיהל געגען יעדען דעספּאָטיזם, און זיי גיבען אינז די ענערגיע צו בעקעמפפען אַלצדינג, וואָס עס ווייזט זיך אונז אויס פאַלש און לעבערליך.

דיזע אַלע מיטלען, וועלכע פיהרען אונז אַראָב פון ריכטיגען וועג, אַלע האַנדלונגען, וועלכע צווינגען אונז צו ערנידעריגען דעם כאַראַקטער, די זאָגענאַנטע פעהיגקייט זיך אַרויסצוגנב'ענען פון די ציינער פון אַ געזעץ דורך קליינליכע און נידעריגע מיט־לען, דאָס אַלעס איז, לויט אונזער מיינונג, אַ געפאַהר פאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ און געגען דאָס גרויסע ציעל, צו וועלכען מיר שטרעבען. אַזעלכע מיטלען צווינגען אונז צו בעגעהען דיזעלבע נידעריגקייטען, וועלכע מיר בעקעמפפען ביי אַנדערע, און אַנשטאָט צו ענטוויקלען דעם כאַראַקטער, פערניכטען זיי איהם אין גאַנ־צען און פעראורזאַכען, אַז מענשען פערשווענדען זייער קראַפט מיט קליינליכע און נידעריגע האַנדלונגען. מיר וואָלטען זיכער העכסט צופרידען געווען צו זעהען אַ פערמעהרונג פון אַזעלכע אַקטען, וועלכע אונזער שלעכטע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן רופט אַליין אַרויס, עס וואָלט אונז געפרעהט צו זעהען, ווען מענשען וואָלטען איינפאַך אָפען און פריי גענומען דאָס, וואָס זיי דאַרפען נייטיג צום לעבען, און דורך דיזע האַנדלונגען פּראָקלאַ־מירט פאַר דער גאַנצער וועלט זייער רעכט צו עקזיסטירען. אָבער אַזעלכע אָפענע האַנדלונגען קען מען ניט צורעכענען צו דער קאַטעגאָריע פון גנבות. געוועהנליכע גנבות מאַכען אויף אונז ניט דעם קלענסטען איינדרוק, דערפאַר ווייל מיר געפינען אין זיי ניט קיין מאַניפעסטאַציאָנען פון דעם כאַראַקטער, אַזוי ווי מיר ווינשען עס ביי יעדען אַקט פון פּראָפּאַגאַנדאַ.

* * *

דאָס זעלבע איז אויך דער פאַל מיט דער „פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט“. וואָס האָט מען ניט אַלעס געמאַכט פון דיזער מע־

טהאָרע! וויפֿיעל פֿאַלשע בעגריפֿע און פֿאָרשטעלונגען זיינען שוין ניט ענטוויקעלט געוואָרען פֿוןביידע זייטען: פֿון די, וועלכע בעקעמפֿען איהר, און פֿון די, וועלכע אָנערקענען איהר אַלס אַ מיטעל פֿון פּראָפּאַגאַנדאַ?

די „פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט" איז אייגענטליך ניט אַנדערס ווי אַן אויסגעפֿיהרטער געדאַנק. מיר האָבען שוין פֿריהער ערקלעהרט, אַז דער, וואָס פֿיהלט אַ געוויסע אידעע זעהר טיעף, האָט שטענדיג דעם וואונש איהר צו רעאַליזירען. דאָס איז אַ געניגענדער אַרגומענט געגען די, וועלכע פֿערדאַמען די „פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט"; אָבער פֿון דער צווייטער זייט גיט עס געוויסע אַנאַרכיסטען, וועלכע לאָזען זיך מעהר בעהערשען פֿון אונקלאָרע שטימונגען, איידער פֿון זייער פֿערשטאַנד, און זיי זיינען דאָס, וועלכע זעהען אין יעדען געוואַלט־אַקט אַ „פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט". צו טויטען אַ בורזשואַ, ערמאָרדען אַ מייסטער, אונטערצינדען אַ פֿאַבריק, צושטערען אַ מאָנומענט, אָט דאָס אַלעס הייסט ביי זיי „פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט." די יעניגע, וואָס וויסען פֿון קיין אַנדער זאַך ניט צו רעדען, ווי נאָר פֿון הרג'נען מענשען און אונטערצינדען הייזער, זיינען איבערהויפּט ניט ווערטה צו רופֿען זיך אַנאַרכיסטען.

אונזער שטעלונג צו אַ געוויסער טהאַט איז פֿאָלגענדע. מיר האָבען שוין פֿריהער ערקלעהרט, אַז די טהאַט איז ניט מעהר ווי די לאָגישע פֿאָלגע פֿון דעם געדאַנק אָבער פֿריהער פֿון אַלעם דאַרף אַ טהאַט האָבען אַ געוויסען ציעל, און פֿאָלגליך דאַרפֿען מיר זעהען, אַז דער מאָטיוו פֿון אַ געוויסען אַקט זאָל זיין אין אָנקלאַנג מיט'ן ציעל און זיך ניט קעהרען געגען איהם.

נעהמען מיר פֿאַר אַ ביישפּיעל דעם אונטערצינדען פֿון אַ פֿאַבריק, וועלכע בעשעפֿטיגט פֿופֿציג, הונדערט אָדער צוויי־הונדערט מענשען. דער דירעקטאָר פֿון פֿאַבריק איז איינער פֿון די, וועלכע זיינען ניט צו גוט און ניט צו שלעכט, מיט איין וואָרט, אַ דורכשניטליכער עקספּלאָאַטאַטאָר. דער אונטערצינדען פֿון אַזאַ פֿאַבריק אָהן אַ בעשטימטען גרונד, וואָלט פֿעראורזאַכט, אַז מען זאָל אַרויסוואַרפֿען די אַרבייטער אין גאַס. די אַרבייטער, ליידענ־

דיג פון זייער מאָמענטאַנען עלענד, וואָלטען ניט געזוכט קיין שום ערקלעהרונג פאַר אַזא טהאַט, און ווען עס וואָלט זיי גע־לונגען אויסצוגעפינען דעם שולדיגען, וואָלטען זיי אויסגענאָמען זייער גאַנצען האַס אויף איהם און די אידעע, וועלכע האָט איהם געמאַכט צו בעגעהען איין טהאַט. אָט האָט איהר די קאָנסעק־ווענצען פון אַן אונמאָטיווירטער האַנדלונג!

אָבער נעהמען מיר אַן אַנדער ביישפּיעל: שטעלט זיך פאָר, אַז עס איז אין דער צייט פון אַ קאַמפּף צווישען פאַבריקאַנטען און אַרבייטער, אַ סטרייק. אין אַזאַ צייט גיט עס שטענדיג קאַפּ־פיטאַליסטען, וועלכע ציינען זיך אַרויס ברוטאַלער פון די אַנדערע. זיי זיינען דאָס געווען די פעראורזאַכער פון דעם סטרייק, און דורך זייערע אינטריגעס האָט עס זיי געלונגען איינצורעדען זייערע קלאַסען גענאָסען זיך ניט אונטערצוגעבען. אויף אַזאַ מין אַרט האָבען זיי פערלענגערט דעם סטרייק און אַרויסגערופען דורך זייער גרויזאַמקייט דעם האַס פון די אַרבייטער. שטעלט זיך פאָר, אַז אין אַ שעהנעם טאָג זאָל מען איינעם פון זיי געפינען טויט מיט אַ שטיקעל פּאַפּיר, אויף וועלכען עס איז אָנגעשריבען דער מאָטיוו פון דעם אַטענטאַט, אָדער מען זאָל פערברענען זיין פאַבריק צוליעב דעמזעלבען מאָטיוו, אין אַזאַ פאַל וואָלט ניט מעגליך געווען צו מאַכען אַ טעות; יעדער וואָלט פערשטאַנען די אורזאַכע פון דער טהאַט, און איהר מעגט זיין זיכער, אַז אַזאַ טהאַט וואָלט געפונען איבעראַל אַן אָבקלאַנג צווישען די אַרביי־טער. דאָס וואָלט געהייסען אַ פערנינפטיגער אַקט, און ער צייגט אונז אין דערזעלבער צייט, אַז דער פּרינציפּ דאַרף שטענדיג זיין דער איניציאַטאָר און פיהרער פון אַזעלכע האַנדלונגען.

„דער צוועק פערהייליגט די מיטלען", אַזוי זאָגען די יעזוי־איטען, און געוויסע אַנאַרכיסטען דיינקען, אַז דיזע מאָטאָ איז אויך גוט פאַר'ן אַנאַרכיזם. אָבער אַזאַ מאָטאָ איז נאָר גוט פאַר אַזעלכע מענשען, וועלכע בעגעהען אַ געוויסע טהאַט, אום צו בעפרידיגען זייערע עגאָאיסטישע בעדירפניסע און זייערע פּער־זענליכע אינטערעסען, ניט קוקענדיג דערויף וועמען זיי וועלען פערוואונדען אָדער טויטען אויף זייער וועג. אָבער ווען מיר זוכען

אונזער בעפֿרידיגונג אין דער אָנווענדונג פֿון גערעכטיגקייט און סאָלידאַריטעט, דאַן מוזען די מיטלען, מיט וועלכע מיר בענוצען זיך, שטענדיג זיין אין אָנקלאַנג מיט דעם ציעל, אויב מיר ווילען ניט, אַז אונזערע האַנדלונגען זאָלען אַרויסרופֿען אַזעלכע פֿאָלגען, וועלכע זיינען פונקט פֿערקעהרט צו וואָס מיר ווינשען.

# רעוואָלוציאָן און אנארכיע.

ווען עס גיט פֿערשיעדענע אַנזיכטען ביי די אַנאַרכיסטען איבער די טאַקטישע מעטהאָדען, איז עס דערפֿאַר ווייל מאַנכע גענאָסען, וועלכע לאָזען זיך מעהר בעאײנפֿלוסען פֿון זייער טעמפּעראַמענט, איידער פֿון פּרינציפּיעלע אַנשויאונגען, האָבען זיך איינגערעדט, אז זיי קעמפּפֿען פֿאַר דער אַנאַרכיע, נאָר אין דער אמת'ן האָבען זיי קיין אַנדער זאַך ניט אין זינען ווי די רעוואָלוציאָן, דיינקענדיג, אַז די טענדענצען פֿון דער רעוואָלוציאָן וועלען אונז שוין אַליין פֿיהרען צום אַנאַרכיסטישען אידעאַל; אויך די רעפּובליקאַנער זיינען געווען מיט דערזעלבער מיינונג, און זיי האָבען ערוואַרטעט בעשטימטערהייט, אז מיט דער פּראָקלאַמאַציאָן פֿון דער רעפּובליק, וועט זיך אָנהויבען אַן עראַ פֿון פֿרייהייט און וואָהלשטאַנד. עס וואָלט געווען אַן אַרויסגע־וואָרפֿענע אַרבייט אָנצודייטען אויף אַלע אילוזיעס, וועלכע זיינען ענטשטאַנען און פֿערשוואונדען איינע נאָך די אַנדערע אין די מוחות פֿון די אַרביטער, זייט דער פֿערווירקליכונג פֿון'ם רע־פּובליקאַנישען רעזשים; לאָמיר זיך בעסער בעשעפֿטיגען בעצייי־טענס מיט יענע אַנדערע אילוזיעס און מיט די שרעקליכע פֿאָלגען, וועלכע וועלען אַרויסקומען, ווען מיר זעצען אונזער גאַנצע האָפֿנונג אויף דער רעוואָלוציאָן, מאַכענדיג פֿון איהר אַ ציעל, אָנשטאָט אַ מיטעל צו דערגרייכען אַ ציעל.

* * *

די יעניגע גענאָסען וועלכע זיינען מיט דער מיינונג, אַז די רעוואָלוציאָן וועט אונז שוין אַליין פֿיהרען צום אַנאַרכיזם, דיינ־קען, אַז מען קען גרופּירען די עלעמענטען, וועלכע זיינען נויט־ווענדיג פֿאַר דער רעוואָלוציאָן, אַז דיזע עלעמענטען זיינען גענוג

צאָהלרייך, אום אַרויסצורופען רעוואַלטען און אויפשטענדע און צו שאַפען אַזאַ צושטאַנד, אַז די רעוואָלוציאָן וועט זיין אונפערמיידליך. און ווען די רעוואָלוציאָן וועט שוין אויסברעכען, וועט עס זיין אַ קלייניגקייט, אַז די אָרגאַניזירטע רעוואָלוציאָנערע גרופען וועלען בעשטימען איהר וייטערע ענטוויקלונג און איהר געבען די ריכטונג, וועלכע זיי האַלטען פאַר נייטוועגדיג. אָט דערפאַר זיינען זיי פאַרטיג צו בענוצען זיך מיט אַלע מיטלען, וועלכע זיינען נאָך זייער מיינונג אימשטאַנד, וואָס גיכער אַרויסצורופען דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן; דערפאַר זוכען זיי צו פעראייניגען אַלע קרעפטען, וועלכע האַבען נאָר אַ רעוואָלוציאָנערען אויסזעהן, אונטער אַ בעשטימטען פראָגראַם, אַוועקלייגענדיג אָן אַ זייט געוויסע „קלייניגקייטען”, געוויסע פערשיעדענהייטען, וועלכע וואָלטען געקענט פערהינדערן אַ געמיינשאַפטליכע פערשטענדיגונג מיט אַזעלכע פערזאָנען, וועלכע האָבען אַ רעוואָלוציאָנערען טעמפעראַמענט.

מיר פון דער צווייטער זייט זייגען איבערצייגט, אַז די רעוואָלוציאָן וועט ניט געמאַכט וועךן פון אונז, און אַז זי וועט אויסברעכען, נאָך איידער מיר וועלען זיין אַזוי צאַהלרייך איהר אַרויסצורופען. מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז די אונגערעכטע אָרגאַניזאַציאָן פון דער היינטיגער געזעלשאַפט וועט אַליין אַרויסרופען די רעוואָלוציאָן, און אַז אַ גרויסער אינדוסטריעלער קריזיס, פערבונדען מיט איינינגע פאָליטישע שוועריגקייטען זיינען פאָלקאָמען גענוג, אום צו פעראורזאַכען דעם רעוואָלוציאָנערען אויסברוך, וועלכען אונזערע גענאָסען דיינקען אַליין אַרויסצורופען.

די, וואָס לאָזען זיך ניט פערבלענדען מיט פוסטע ווערטער און פערמאַכען ניט זייערע אויגען פאַר דער ווירקליכקייט פון לעבען, זיינען איבערצייגט, אַז דער יעצטיגער צושטאַנד קען מעהר ניט אָנהאַלטען קיין לאַנגע צייט. די אונצופרידענהייט איז צו אַלגעמיין; זי האָט אויך געגעבען דער בולאַנזשיסטישער בעוועגונג *) אַזאַ קראַפט, און דיזע בעוועגונג איז נאָר צו גרונד

*) די בעוועגונג, וועלכע האָט זיך גרופירט אַרום דעם געוועזענעם פראַנצויזישען גענעראַל בולאַנזשע. באַלד נאָכדעם ווי קאַרנאָ איז געוועהלט

געגאַנגען צוליעב דער פֿייגהייט און אונפֿעהיגקייט פֿון די, וועלכע זיינען געוועזן איהרע פֿיהרער. אָבער אַנדערע וועלען האָבען מעהר ערפֿאָלג.

אָבוואָהל די אַלגעמיינע אונצופֿרידענהייט האָט ביז יעצט מעהר ניט געהאַט אַזאַ בעשטימטען כאַראַקטער ווי אין דער צייט פֿון דער בולאַנזשיסטישער בעוועגונג, דאָך איז די צאָהל פֿון די אונצופֿרידענע ניט געוואָרען קלענער, פֿערקעהרט, זי האָט זיך פֿערמעהרט איבעראַל. דער קאָמערציעלער קריזיס ווערט געפֿעהרליכער פֿון טאָג צו טאָג, און די מעגליכקייט צו געפֿינען אַרבייט ווערט וואָס ווייטער אַלס שווערער פֿאַר די אַרבייטער; די, וואָס זיינען געצוואונגען אַרומצוגעהן ליידיג, זעהען, אַז די זאָגענאַנטע „שלעכטע צייט" ווערט אימער ערגער און די צאָהל פֿון די אַרבייטסלאָזע האַלט אין איין וואַקסען. דער ווינטער ברייננט אונז יעדעסמאָל דיזעלבע גרויזאַמע ערשיינונגען פֿון בעטלערס, וועלכע שטעהען פֿאַר די טהירען פֿון די קאַזאַרמען, האָספּיטעלער, רעסטאָראַנען און רייכע פֿילאַנטראָפּען, ציטערנדיג פֿון הונגער און קעלט, און ערוואַרטען מיט אונגעדולד די מינוט, ווען מען גיט זיי אַ טעלער סופּ און אַ שטיקעל ברויט.

אַזאַ צושטאַנד קען ניט אָנהאַלטען פֿאַר אַלע צייטען, די מענשען וועלען ענדליך זיין געצוואונגען צו רעוואָלטירען, כדי זיי זאָלען ניט שטאַרבען פֿון הונגער.

*
* *

---

געוואָרען צ״ם פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק, האָט בולאַנזשע געפֿאָדערט אַ רעוויזיאָן פֿון דער קאָנסטיטוציע. ער האָט געהאַט צאָהלרייכע אָנהיינגער אין דער אַרמעע און צווישען די פּאָליטיקער. פֿיעלע רעוואָלוציאָנערען און זאָגאַר סאָציאַליסטען האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דיזער בעוועגונג, האָפֿענדיג, אַז זי וועט אַרויסרופֿען אַ נייע רעוואָלוציאָן. אָבער בולאַנזשע איז ניט געוועזן דער מאַן, וועלכער האָט געהאַט די פֿעהיגקייט און דעם מוטה צו בענוצען זיך מיט דעם מאָמענט; ער האָט פֿערבייגעלאָזט די בעסטע געלעגענהייט און האָט ענדליך געמוזט אַנטלויפֿען פֿון פֿראַנקרייך (1889). אין 1891 האָט ער בעגאַנגען זעלבסטמאָרד אין בריסעל.

(דער איבערזעצער)

מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז וואָס מעהר מיר וועלען
יעצט פּראָפּאַגאַנדירען אונזערע אידעען צווישען די מאַסען, וואָס
ריינער מיר וועלען זיי האַלטען פון אַלע פרעמדע טהעאָריען,
פון אַלע פאָראורטהיילע, וועלכע די געוואוינהייט און די ערציהונג
האָבען אונז איבערגעלאָזט בירושה, אַלס גרעסער און וויכטיגער
וועט זיין די ראָלע, וועלכע די אַנאַרכיסטישע אַקציאָן וועט שפּי־
לען אין דער קומענדער רעוואָלוציאָן. פריהער פון אַלעס דאַרפען
מיר אַלזאָ זעהען צו ענטוויקלען אונזערע אידעען קלאָהר און
דייטליך, און צו שאַפען איבעראַל גרופען פון בעוואוסטע קאַמע־
ראַדען, וועלכע וועלען ניט איינגעהן אויף קיין שום קאָמפּראָמיס
און ניט פערבויגען דעם קלענסטען טהייל פון אונזערע אידעען
מיט דער ערקלעהרונג, אַז עס איז נויטווענדיג, כדי צו פערמעה־
רען די צאָהל פון אונזערע אָנהייננער; יעדער מאָמענטאַנער
קאָמפּראָמיס קען זיין פאַר אונז אַ נייע קייט און אַרויסרופען
פאַלשע פאָרשטעלונגען וועגען אונזערע אייגענטליכע שטרע־
בונגען.

די רעוואָלוציאָן איז ניט אונזער ציעל, נאָר אַ מיטעל, זיכער
אַן אונפערמיידליכער מיטעל, מיט וועלכען מיר דאַרפען זיך
רעכענען, אָבער דיזער מיטעל האָט נאָר איין ווערטה פאַר אונז,
נעמליך: צו פערווירקליכען אונזערע אידעען. די היינטיגע געזעל־
שאַפט ענטוויקעלט אַליין רעוואָלוציאָנערען, וועגען דעם האָבען
מיר זיך ניט וואָס צו זאָרגען, די שרעקליכע אונגערעכטיגקייטען
פון דעם יעצטיגען סיסטעם שאַפען יעדען טאָג אונצופרידענע
מענשען, רעבעלען; אונזער אויפגאַבע איז צו מאַכען די איינ־
צעלנע מענשען בעוואוסטזיניג, כדי זיי זאָלען וויסען, וואָס זיי
ווילען, מיט איין וואָרט, אונזער אויפגאַבע איז צו מאַכען פאָל־
קאָמענע אַנאַרכיסטען, זיכער אויך רעוואָלוציאָנערען, נאָר אַזעלכע,
וועלכע ווייסען, וואַרום און פאַר וואָס זיי פיהרען אָן אַ קאַמפף
מיט דער היינטיגער געזעלשאַפט.

* * *

מיר ווייסען שוין אין פאָראויס דעם ענטפער פון געוויסע
אָפּאָנענטען וועגען דיזער פראַגע. „וואָס האָט איהר ביז יעצט

אויפֿגעטהאָן,״ פֿרעגען זיי, „מיט אייערע שעהנע טהעאָריען איבער די איניציאַטיווע און דעם ספּאָנטאַנען כאַראַקטער פֿון אינדיווידועלע האַנדלונגען? וואָס האָבען אויפֿגעטהאָן אייערע צווייטע און צושפּרייטע גרופּען, וועלכע האָבען קיין שום פֿערבינדונג ניט איינע מיט די אַנדערע? זייט איהר ניט אַליין געצוואונגען צו אָפּאָנירען געגען געוויסע אַקטען און טהעאָריען, וועלכע בעפּוצען זיך מיט דעם נאָמען פֿון אַנאַרכיזם, און וועלכע איהר ווילט ניט אָנערקענען אַלס אַזעלכע?״

עס איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז די אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ האָט נאָך לאַנג ניט געהאַט דעם ערפֿאָלג, וועלכען מיר ערוואַרטען פֿון איהר, עס איז אויך זיכער, אַז ניט אַלע די, וועלכע האַלטען זיך פֿאַר פֿערטהיידיגער פֿון׳ם אַנאַרכיזם, האָבען פֿערשטאַנען זיינע טהעאָריען; אָבער דאָס בעווייזט דאָך גראַדע די נויטווענדיגקייט זיי ווייטער אויסצובילדען, ניט מורא האָבענדיג פֿאַר ווידערהאָלונגען, כדי מיר זאָלען קיינמאָל ניט פֿערנאַכלעסיגען דיזע וויכטיגע אַרבייט.

עס איז וואָהר, אַז די אַנאַרכיסטען האָבען ניט קיין בעשטימטע פֿעראייניגונג, קיין פֿעסטע אָרגאַניזאַציאָן, נאָר פֿון דעסטוועגען זיינען זייערע אַקציאָנען און פּראָפּאַגאַנדאַ זעהר בעדייטענדע. עס עקזיסטירט אָבער צווישען זיי אַ געוויסע גייסטיגע פֿערבינדונג, דורך די געמיינשאַפֿטליכקייט פֿון דעם ציעל, צו וועלכען זיי שטרעבען. אין פֿראַנקרייך און אין שפּאַניען, אין איטאַליען און אין ענגלאַנד, אין אַמעריקאַ און אין אויסטראַליען, איבעראַל פֿאָדערן די אַנאַרכיסטען די אָבשאַפֿונג פֿון פּריוואַט־אייגענטהום, די פֿערניכטונג פֿון דער אויטאָריטעט און די פֿאָלשטענדיגע אויטאָנאָמיע פֿון דעם אינדיווידואום. אָט האָט איהר אַ געמיינשאַפֿטליכען באַזיס פֿון די אידעען און שטרעבונגען.

* * *

זיכער, עס זיינען פֿאַראַנען געוויסע פֿערשידענהייטען אין דער וואַהל פֿון די מיטלען צווישען די אַנאַרכיסטען, אָבער דער אידעאַל איז דער־זעלבער; מיר פּראָגרעסירען שטענדיג, און ווען עס וועט קומען די צייט, ווען מען וועט זיך מעה־ ניט שרעקען

פֿאַר געוויסע ווערטער, מיט וועלכע מען מישט היינט צונויף פֿערשידענע זאַכען, דאַן וועלען מיר זעהר שנעל האָבען אַ פֿער־שטענדיגונג צווישען די פֿערשידענע גרופּען אין אַלע לענדער און אַ ווירקליכע און פֿאָלשטענדיג פֿרייהייטליכע אָרגאַניזאַציאָן; און דיזע פֿערשטענדיגונג אין אָרגאַניזאַציאָן וועט האָבען אַ גרעסערן ווערטה, דערפֿאַר ווייל זיי וועלען זיין דער רעזולטאַט פֿון דער פּראַקטישער טהעטיגקייט און ניט פֿון אַ קינסטליך אינספּירירטער פֿעראייניגונג און קאָמפּראָמיסען.

וואָס אָנבעלאַנגט געוויסע אַקטען און טהעאָריען, וועלכע מיר אַליין בעקעמפּפֿען און וועלען זיי קיינמאָל ניט אָנערקענען פֿאַר אַנאַרכיסטיש, איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז עס גיעהט אָן אַ סאָרט פּראָפּאַגאַנדאַ אין אונזערע רייהען מיט דער הילפֿע פֿון אייניגע גאַנץ ערנסטע אָבער איינזייטיגע גענאָסען, וועלכע מיר וואָלטען בעדאַרפֿט בעקעמפּפֿען מיט דער גרעסטער ענערגיע.

אָבער ווען מיר וועלען בעהאַלטען אונזערע פּרינציפּען און זעצען אונזער גאַנצע האָפֿנונג נאָר אויף דער רעוואָלוציאָן, וועלען מיר זיך קיינמאָל ניט בעפֿרייען פֿון פֿאַלשע ברידער, פֿאַלשע אידעען און פֿאַלשע פּרינציפּען. עס גיט נאָר איין מיטעל צו מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען די אמת'ע אידעען פֿון'ם אַנאַר־כיזמוס און אַזעלכע פֿאַלשע טהעאָריען, וועלכע האָבען נאָר דעם צוועק אַראָבצופֿיהרען די בעוועגונג פֿון רעכטען וועג, נעמליך: נאָך שווערער צו אַרבייטען ווי מיר האָבען עס געטהאָן ביז אַהער, צו ענטוויקלען אונזערע אידעען וואָס קלאָהרער, אויסצוראָטען די אויטאָריטערע פֿאָראורטהיילע, און צו זעהען מיט אַלע מעגליכ־קייטען, אַז די, צו וועלכע מיר ווענדען זיך מיט אונזער פּראָפּאַ־גאַנדאַ, זאָלען אַליין קענען ענטשיידען צי אַ האַנדלונג איז אַנאַרכיסטיש אָדער ניט. דאָס איז אַ בעסערער מיטעל ווי אויס־שליסונגען אין אַלגעמיין.

* * *

געוויס, די יעניגע, וועלכע וואָלטען שוין באַלד געוואָלט זעהן די פֿערווירקליכונג פֿון אונזערע האָפֿנונגען, אַ געזעלשאַפֿט פֿון גליק און האַרמאָניע, וועלען זיך אפשר אָבקעהרען פֿון אונ־

זערע רייהען, זעהענדיג די אַלע האַנדלונגען, וועלכע קומען פֿאָר; מאַנכע פֿון זיי וועלען אין גאַנצען ענטמוטהיגט און פֿערצווייפֿעלט ווערען, ניט זעהענדיג קיין שום אויסזיכט פֿאַר אַ פֿערשטענדיגונג אין דיזעם כאַאָס פֿון אידעען און שטרעבונגען, וועלכע בעקעמפֿ־פֿען מעהר אָדער וויינעגער ענערגיש די בורזשואַזע געזעלשאַפֿט אונטער דער פֿאָהן פֿון אַנאַרכיזם. אָבער איז דאָס דען ניט געווען דער פֿאַל מיט אַלע נייע אידעען, וועלכע האָבען געזוכט צו פֿערניכטען די עקזיסטירענדע אָרדנונג, אַז זיי האָבען מאָמענטאַן אַרויסגערופֿען אונאָרדנונג און כאַאָס?

מיר ווידערהאָלען נאָך אַמאָל: זאָלען די אונגעדולדיגע זעהען, ווי זיי ווערען פֿאַרטיג מיט זייער היציגקייט! מיר אָבער דאַרפֿען אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען צו ענטוויקלען אונזערע אידעען וואָס קלאָהרער און פֿאָלקאָמענער, כדי אונזערע טהעאָריען זאָלען בעקומען אַ פֿעסטען און זיכערען פֿונדאמענט; אָט אויף אַזאַ מין אַרט וועט ענטשטעהן אַ פֿעראייניגונג אָהן אַ צוואַנג, און קיין הינ־דערנים וועט ניט אָבהאַלטען די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון די געדאַנקען. נאָר דורך די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון דער אַנאַרכיסטישער אידעע איז מעגליך צו שאַפֿען מענשען מיט זעלבסטשטענדיגע מיינונגען און כאַראַקטערע, אין דאָס איז דער איינציגער וועג צו פֿערזיכערן דעם ערפֿאָלג פֿון דער קומענדער רעוואָלוציאָן.

דאָס וואָס האָט אַם מייסטען בייגעטראָגען צו ענטוויקלען ביי מאַנכע גענאָסען די פֿאַלשע פֿאָרשטעלונג, אַז „פּרינציפּען זיינען אַ הינדערנים אין קאַמפּף", איז די ערקענטניס, אַז עס עקזיסטירט אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען די אידעען און די פֿערזוכע זיי צו פֿערווירקליכען. ניט זעהענדיג אין ערגעץ קיין קראַפֿט, וועלכע זאָל זיין אימשטאַנד מיט אַמאָל אַרויסצורופֿען אַ רעוואָלוציאָן, האָבען זיי אָנגעהויבען צו פֿערדאַמען יעדע ערנסטע דיסקוסיאָן איבער אונזערע אידעען און ערקלעהרט, אַז דאָס זיינען בלויז מעטאַפֿיזישע קונצען. ניט געפֿינענדיג אין אונזערע אייגענע רייהען די קראַפֿט, וועלכע זיי האָבען זיך איינגערעדט צו קענען ענטוויקלען דורך אַנדערע מיטלען, קעהרען זיי זיך צוריק צו די אויטאָריטערע מעטהאָדען און זיינען גענוג נאַאיוו צו גלויבען,

אַז זיי האָבען פערניכטעט די אויטאָריטעט, געבענדיג איהר אַן אנדער נאָמען. פערלירענדיג די געדולד אין קאַמפּף, בעמערקען זיי ניט, אַז טראָץ דעם די קרעפטע זיינען אָבגעטהיילט איינע פון די אַנדערע, שטרעבען אָבער אַלע פערזיכע פון די קעמפּפער צו דעמזעלבען ציעל, און דאָס קיין זאַך איז ניט אימשטאַנד צו געבען דיזער פעראייניגונג די מאַכט, וועלכע זיי וואָלטען געוואונשען צו זעהען, ווי נאָר די פערשפּרייטונג פון אונזערע אידעען.

„ווען אַ גענאָסע פערשפּרעכט אונז זיין הילפע, אַזוי זאַגען זיי, דאַן ווילען מיר איין פאַר אַלע מאָל וויסען, אַז מיר קענען רעכנען אויף איהם, און אַז ער וועט זיך ניט צוריקציהען, ווען עס קומט דער טאָג צו האַנדלען, ענטשולדיגענדיג זיך מיט זיין פערזענליכער פרייהייט און אויטאָנאָמיע".

מיר זיינען גאַנץ מיט דערזעלבער מיינונג, אָבער מיר בעטראַכטען עס אַלס די ערשטע וויכטיגע בעדינגונג פון אונזער אַגיטאַציאָן, צו ערקלעהרען און צו צייגען ביי יעדער געלעגענהייט, אַז קיין מענש זאָל זיך ניט אונטערנעהמען געוויסע זאַכען, אַזוי לאַנג ווי ער בעזיצט ניט די פעהיגקייט זיי אויסצופיהרען, און אַז ווען אַ גענאָסע האָט זיך יאָ אונטערגענומען א געוויסע זאַך, איז עס איינפאַך אַ פראַגע פון פערזענליכער עהרע, ער זאָל האַלטען זיין פערשפּרעכען. זיכער, דאָ וועט זיך ווייטער אויפהויבען די פראַגע פון אַ קאַמפּף געגען די פאַלשע בעגריפע, פון וועלכע מיר האָבען גערעדט בעפאָר; אָבער עס איז אונבעדינגט נויטהווענדיג, אַז אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ זאָל בעווייזען די גוטע ווירקונגען פון אַ געגענזייטיגער פערשטענדיגונג און צוטרוי צווישען די גענאָסען. וואָס פאַר אַ ווערטה האָבען אַלע אונטערנעהמונגען, ביז וואַנען איהר וועט ניט שאַפען אַזאַ פערשטענדיגונג? און ווען מען וואָלט עס אפילו אָנגעשריבען אין גרויסע בוכשטאַבען אין אַ פּראָגראַמע, אום פעסטצושטעלען אין פאָראויס, אַז מענשען דאַרפען האַלטען זייערע פערשפּרעכונגען, דאָס וואָס זיי האָבען אָבגעמאַכט מיט אַנדערע, וואָס וואָלט איהר זיי געקענט טהאָן, ניט האָבענדיג קיין מאַכט צו צווינגען די יעניגע, וועלכע ברעכען זייער וואָרט? אָט דערפאַר איז נויטהווענדיג אַלע פראַגען

צו דיסקוטירען גרינדליך, זאָלען מיר זיך נאָר אַ ביסעל מעהר צו הערען צו דער שטימע פֿון אונזער פֿערנונפֿט, איידער צו פֿאָלגען אונזערע אונגעדולדיגע ווינשע, און מיר וועלען באַלד אויסגע־פֿינען, אַז ניט אַלעס איז „מעטאַפֿיזיש", וואָס מען רופֿט אָן מיט דיזעם נאָמען.

---

# די ווירקונג פֿון רעפֿארמען.

ווען מיר האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט דער פֿראַגע: „פֿאַר וואָס מיר זיינען רעוואָלוציאָנער", האָבען מיר פֿערזוכט צו בעווייזען, אַז דאָס עלענד און די אונצופֿרידענהייט, וועלכע זיינען די רעזולטאַטען פֿון אונזער שלעכטער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן, פֿיהרען אונז דירעקט צום אויפֿשטאַנד געגען דאָס היינטיגע סיסטעם; און וויל די אומשטענדען אַליין צווינגען אונז צו נעהמען אַן אַנטהייל אין דיזער רעוואָלוציאָן, דערפֿאַר זיינען מיר שטאַרק פֿעראינטערעסירט זיך פֿאָרצובערייטען אויף דעם קומענדען שטורם. אויסערדעם גיט עס נאָך אַן אורזאַכע, אויף וועלכע מיר האָבען נאָר קורץ אָנגעדייטעט, וועלכע איז אָבער זעהר וויכטיג, דערפֿאַר וואָס זי ערקלעהרט אונז, ווארום די אַנאַרכיסטען נעהמען קיין אַנטהייל ניט אין דעם קאַמפּף פֿאַר געוויסע רעפֿאָרמען, וועלכע מען שטעלט פֿאָר די אַרבייטער אַלס אַ מיטעל פֿאַר זייער שטופֿענווייזע בעפֿרייאונג.

עס איז נויטווענדיג אויפֿצואווייזען, אַז אונטער דעם יעצטיגען קאַפּיטאַליסטישען רעזשים, ווען די מענשהייט איז צוטהיילט אין צוויי פֿערשידענע קלאַסען, פֿון וועלכע די איינע לעבט אויף דעם רעכנונג פֿון די אַנדערע,—עס איז נויטווענדיג אויפֿצואווייזען, אַז אונטער אַזאַ סיסטעם איז יעדע פֿערבעסערונג פֿון דער עקספּלואַטירטער קלאַסע פֿערבונדען מיט אַ בעשריינקונג פֿון די פּריווילעגיעס, וועלכע די קלאַסע פֿון די עקספּלואַטאַטאָרם בעזיצט היינט. פֿאָלגליך איז אַ רעפֿאָרם ניט מעהר ווי אַן אילוזיע, אַ מיטעל צו פֿערשלעפֿערן די אַרבייטער, כדי זיי זאָלען אויסבריינגען זייער ענערגיע מיט די עראָבערונגען פֿון לופֿט-שלעסער, וועלכע פֿערשווינדען באַלד, ווי נאָר מען וויל זיך צוריהרען צו

זיי; אָבער ווען עס האַנדעלט זיך אום אַזאַ רעפֿאָרמע, וועלכע איז ווירקליך אים שטאַנד איבערצובייטען דעם יעצטיגען צושטאַנד, דאַן וועט די פּריווילעגירטע קלאַסע, וועלכע האַלט די עפֿענטליכע מאַכט אין איהרע הענד, זיכער אָנווענדען אַלע מיטלען צו פֿער־הינדערן איהר פֿערווירקליכונג, אָדער זי וועט איהר אַזוי איבער־אַרבייטען, ביז וואַנען זי וועט זיין אין איינקלאַנג מיט איהרע אייגענע אינטערעסען. ווי מיר זאָלען זיך אַלזאָ ניט קעהרען, וועלען מיר צולעצט שטענדיג אָנקומען ביי דעם זעלבען אונפֿער־מיידליכען מיטעל — דער געוואַלט.

* * *

מיר וועלען זיך, פֿערשטעהט זיך, דאָ ניט בעשעפֿטיגען מיט אַלע רעפֿאָרמען, וועלכע אָרעמע פּאָליטיקער האָבען ערפֿונדען צו בעגליקען די מענשהייט; מיר וועלען אויך ניט רעדען פֿון די אַלע וואַהל־שווינדלערייען, וועלכע די, וואָס יאָגען זיך נאָך אַ פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט, האָבען שוין אויסגעקלעהרט; מיט אַזעלכע לי־גענס וואָלט מען געקענט אָנפֿילען הונדערט בענדער.

מיר דיינקען, אַז עס איז גענוגענד צו בעווייזען, אַז דאָס סאָציאַלע עלענד וואַקסט אַרויס פֿון אונזער שלעכטער עקאָנאָמי־שער אָרגאַניזאַציאָן; די לעזער וועלען דערפֿאַר פֿערשטעהן, אַז מיר איגנאָרירען אין גאַנצען אַלע רעפֿאָרמען, וועלכע קענען העכסטענס פֿעראורזאַכען אַ פּאָליטישען איבערבייט. די זאָגענאַנטע עקאָנאָמישע רעפֿאָרמען, וועלכע זיינען ווערטה, מען זאָל זיי דיסקוטירען, זיינען זעהר ווייניגע, און עס איז ניט שווער זיי איבערצוצעהלען. אָט זיינען זיי:

אַ טאַקסע אויף דעם יעהרליכען איינקאָמען, כדי די אָבגאַ־בען זאָלען שטעהן אין איינקלאַנג מיט דעם פֿערמעגען;

אַ פֿערקלענערונג פֿון דער צאָהל פֿון די אַרבייטס־שטונדען, אַ מינימאַלער לוין;

אַ בעזונדערע שטייער פֿאַר ירושות און די אָבשאַפֿונג פֿון דער ירושה אין אַלגעמיין פֿאַר זייטיגע פֿערוואַנדטע.

ווען מיר רעכענען נאָך דערצו דעם פֿערזוך צו טראַנספֿאָר־מירען די געזעלשאַפֿט דורך די גרינדונג פֿון קאָאָפּעראַטיווע

אָרגאַניזאַציאָנען, דאַן האָבען מיר צונויפגעשלעפט די אַלע מיט־לען, דורך וועלכע אונזערע רעפאָרמיסטען דיינקען איבערצובייטען די געזעלשאַפט אויף דעם וועג פון אַ פרידליכער ענטוויקלונג. די צאָהל איז אַ מאָגערע, לאָמיר זעהן צי די קוואַליטעט איז כאָטש אַ גוטע.

* * *

אַ טאַקסע אויף דעם יעהרליכען איינקאָמען! פאַר אַ לענ־גערע צייט האָט דיזער הייל־מיטעל געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע, נאָר ווי עס ווייזט אויס, האָט ער אַביסעל פערלאָרען פון זיין פּאָפּולאַריטעט. ס'איז איינער פון די מיטלען, מיט וועלכע די פּאָליטיקער זוכען צו פערבלענדען די אויגען פון די אַרבייטער, און אין דערזועלבער צייט אַ מיטעל, וועלכער קען געפינען אָנ־היינגער, ווייל פון אויבען אויף בעטראַכטעט, ווייזט זיך אונז אויס, אַז דורך אַזאַ רעפאָרם קען מען צווינגען די רייכע בייצו־טראָגען זייער ריכטיגען טהייל פאַר די אויסגאַבען פון'ם שטאַאַט; דיזער מיטעל שיינט צו שאַפען אַ מין גלייכגעוויכט צווישען די בירגער, דורך דעם וואָס ער צווינגט יעדען איינציגען בייצוטראָ־גען אזוי פיעל צו די אויסגאַבען פון דער געזעלשאַפט, ווי די געזעלשאַפט דיענט איהם מיט איהרע אינסטיטוציאָנען.

עס איז גענוג צו שטודירען דעם מעכאַניזם פון דער געזעל־שאַפט, אים אויסצוגעפינען די קוועלען פון רייכטהום, און מיר וועלען באַלד פערשטעהן, אַז די אויבען דערמאָהנטע רעפאָרמע רעפאָרמירט קיין זאַך ניט, אַז זי איז ניט מעהר ווי אַ גאַנץ געוועהנליכער שווינדעל, מיט וועלכען מען פערבלענדעט די אויגען פון די אַרבייטער און ענטוויקעלט ביי זיי געוויסע האָפ־נונגען אויף אַ פערבעסערונג פון זייער לאַגע, האָפנונגען, וועלכע קענען קיינמאָל ניט פערווירקליכט ווערען, און וועלכע פערהינ־דערן די אַרבייטער אויסצוגעפינען די ווירקליכע מיטלען פאַר זייער בעפרייאונג.

* * *

זיכער, עס גיט געוויסע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האָבען אַ שרעקליכע מורא, ווען מען הויבט נאָר אָן צו רעדען וועגען דיזער

רעפּאָרמע, זיי זעהען שוין אין זייער׳ע געדאַנקען, ווי די „שמוציגע מאַסע" וועט אַוועקרויבען פון זיי זייערע פּראָפיטען; אין די רייהען פון דער בורזשואַזיע גיט עס אַסך אַזעלכע ציטערדיגע מענשעלאַך, וועלכע דער־שרעקען זיך ביי דעם קלענסטען גערויש, נאָר זיי ברומען ווי די קעלבער, ווען מען וויל זיך בלויז צוריהרען צו זייערע פּריווילעגיעס.

עס איז אויך מעגליך, אַז צווישען די, וועלכע שלאָגען פאָר דיזע רעפאָרמע, געפינען זיך עטליכע, וואָס גלויבען ווירקליך, אַז מען קען דערמיט עפּעס דערגרייכען. אָט דיזע מורא פון די ערשטע און דער נאַאיוועד גלויבען פון די צווייטע טראָגען ביי דאָס זייעריגע אָבצונאַרען די אַרבייטער און מאַכען זיי צו נעהמען אַן אַנטהייל אין דיזען פּורים־שפּיעל, וועלכער פערהינדערט זיי זיך צוצוהערען צו די, וועלכע ערקלעהרען זיי, אַז זיי האָבען קיין זאַך ניט צו ערוואַרטען פון זייערע אויסבייטער, אַז זיי וועלען נאָר דאַן זיין פריי, ווען עס וועלען מעהר קיין פּריווילעגיעס ניט עקזיסטירען.

* * *

אין דער צייט פון דער לייבאייגענשאַפט, ווען די אַרבייטער האָבען געדאַרפט געבען מעשר צו זייערע הערען און טיראַנען, האָבען זיי כאָטש געוואוסט, וואו זיי האַלטען אין דער וועלט: אַזוי פיעל האָבען זיי געדאַרפט אַוועקגעבען צום גרונדבעזיצער, אַזוי פיעל צום גלח, אַזוי פיעל צו דיזען און אַזוי פיעל צו יענעם. צולעצט האָבען זיי זיך אומגעזעהן, אַז פאַר זיי אַליין איז כמעט גאָר נישט איבערגעבליבען. דיזער צושטאַנד האָט אַרויסגערופען די רעוואָלוציאָן. די בורזשואַזיע האָט גענומען די עפענטליכע מאַכט אין איהרע הענד: דאָס פאָלק האָט זיך געשלאָגען פאַר די אָבשאַפונג פון די פעאָדאַלע אָבגאַבען, און עס וואָלט ניט געווען טאַקטיש זיי ווידער איינצופיהרען פון דאָס ניי; אָבער די בורזשואַזיע האָט זיך געוואוסט ווי צו העלפען: אָנשטאָט פון די פעאָדאַלע אָבגאַבען האָט זי ערפונדען די שטייער און די אונדירעקטע אָבגאַבען. נאָך דיזען נייען סיסטעם ווערען די אָבגאַבען שטענדיג אין פאָראויס בעצאָהלט; אָבער עס זיינען די

קאַפּיטאַליסטען, קויפּלייט און אַנדערע בורזשואַס, וועלכע לייגען אויס די נויטווענדיגע סומען פאַר דעם שטאַאַט, און דערפאַר האָבען זיי די מעגליכקייט צוריקצונעהמען די אויסגעלייגטע געלדער אויס די קעשענעס פון די פּראָדוצירער און קאָנסומירער מיט פּראָצענט. און ווייל די לעצטע האָבען קיינע דירעקטע געשעפטען מיט דער שטאַאַטס־קאַסע, ווייסען זיי קיינמאָל ניט ריכטיג, ווי פיעל זיי דאַרפען איינענטליך בייטראַגען, און אַלעס געהט צו גונסטען די בעסטע פון אַלע געזעלשאַפטען, די בורזשואַזע געזעלשאַפט.

מען דערצעהלט אונז, אז דאָ אין פראַנקרייך דאַרף יעדער צאָהלען פון 130 ביז 140 פראַנק אָבגאַבען אַ יאָהר. וואָס מיינט דאָס? פאַר וואָס זאָלען מיר זיך ענטזאָגען פון דעם פערגניגען צו האָבען אַ רעגירונג, וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט אונזער וואָהלזיין, נעהמענדיג דערפאַר אַזאַ קליינע סומע? דאָס מיינט דאָך ווירקליך געאַרבייט פאַר אומזיסט און עס וואָלט געוועזען לעכערליך אָבצושאַפען אַזאַ פאָרטרעפליכע אינסטיטוציאָן, כדי איינצושפּאָרען אַזאַ קלייניגקייט. ס'איז ווירקליך אַ ביליגע אַרבייט, נאָר ס'איז אַ שאָד וואָס דער אַרבייטער בעמערקט ניט, אַז ער איז דער איינציגער, וואָס פּראָדוצירט, פאָלגליך איז ער אויך דער איינציגער, וואָס צאָהלט; און ער דאַרף ניט בלויז בעצאָהלען זיין אייגענעם חלק, נאָר ער דאַרף אויך בעצאָהלען פאַר די אַלע פּאַראַזיטען, וועלכע לעבען פון זיין אַרבייט.

* * *

וואָס פאַר סאָפיסטישע דרעהדלאָך די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטען זאָלען ניט אויסגעפינען פאַר זייערע סיסטעמען, אום צו רעכטפערטיגען די עקזיסטענץ פון'ם קאַפּיטאַליסט, איין זאַך איז זיכער: דאָס קאַפּיטאַל ענטשטעהט ניט פון זיך אַליין, נאָר עס איז דער פּראָדוקט פון דער מענשליכער אַרבייט; און ווייל די קאַפּיטאַליסטען אַליין פּראָדוצירען קיין זאַך ניט, פאָלגליך איז זייער קאַפּיטאַל די פרוכט פון אַנדערן'ס אַרבייט. דער גאַנצער האַנדעל, וועלכער געהט אָן צווישען די מענשען און פעלקער, דער אויסטויש פון די פּראָדוקטען, דאָס אַלעס איז ניט אַנדערש

ווי דער רעזולטאַט פֿון דער אַרבייט; און דער פּראָפֿיט, וועלכער שטעלט זיך אָב ביי דעם קאַפּיטאַליסט, איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי אַ נייע פֿאָרמע פֿון די אַלטע פֿעאָדאַלע אָבגאַבען, וועלכע די פּראָדוצירענדע אַרבייטער דאַרפֿען צאָהלען די אייגענטהימער פֿון׳ם קאַפּיטאַל.

איז דען דאָס געלד די אורזאַכע, וועלכע מאַכט, אַז די ערד זאָל אַרויסגעבען קאָרן און ווייץ און אַנדערע לעבענס מיטעל? אָדער איז געלד אימשטאַנד צו קולטיווירען דאָס לאַנד, צו פֿלאַנצען האַנף און פֿלאַקס, וועלכע מיר דאַרפֿען, אום צו פֿערפֿערטיגען אונזערע קליידער? קען געלד שאַפֿען פֿעטע לאָנקעס פֿאַר די בהמות, וועלכע זיינען אונז ניצליך און נויטווענדיג צום לעבען? איז עס דען אליין די קראַפֿט פֿון׳ם קאַפּיטאַל, וועלכע שלעפּט אַרויס פֿון די מינען די מעטאַלען, אין וועלכע די אינדוסטריע נייטיגט זיך, אָדער וועלכע מיר דאַרפֿען צו פֿאַבריצירען מאַשינען און אַנדערע נייטיגע זאַכען צום לעבען? איז עס דאָס קאַפּיטאַל, וועלכע גיט די רוי־שטאָפֿען אַ בעשטימטע פֿאָרמע און פֿערוואַנדעלט זיי אין פּראָדוקטען פֿאַר דער קאָנסומציאָן? ווער האָט דעם מוטה אויפֿצושטעלען אַזאַ בעהויפּטונג? אפילו די פּאָליטישע עקאָנאָמיע אַליין, וועלכע האָט די אויפֿגאַבע צוצושרייבען אַלצדינג צו דער טהעטיגקייט פֿון קאַפּיטאַל, געהט ניט אַזוי ווייט; זי פֿערזוכט נאָר צו בעווייזען, אַז דאָס קאַפּיטאַל איז אונבעדינגט נויטווענדיג פֿאַר די פֿערשידענע פֿאָרמען פֿון דער מענשליכער טהעטיגקייט, און דערפֿאַר האָט דער קאַפּיטאַליסט אַ רעכט צו בעקומען זיין חלק, דעם גרעסטען, פֿערשטעהט זיך, פֿון דעם געווין, פֿאַר דער ריזיקע, וועלכען ער דאַרף שטעהען מיט יעדער אונטערנעהמונג.

* * *

אום אויפֿצואווייזען די אונניצליכקייט פֿון׳ם קאַפּיטאַל, איז גענוג צו ווידערהאָלען די בעקאַנטע היפּאָטעזע: שטעלט זיך פֿאָר, אַז מיט אַמאָל וועלען פֿערשווינדען אַלע פֿינאַנציעלע ווערטהמיטלען; ניטאָ מעהר קיין גאָלד, קיין זילבער, קיין באַנקנאָטען, קיין ווערטה־פּאַפּירען, קיין טשעקס א.ז.וו. וואָלט אונז דאָס אָב־

געהאַלטען ווייטער צו פּראָדוצירען? וואָלט דען דער בויער אויפגעהערט צו קולטיווירען זיין שמיקעל ערד? וואָלט דער מינען־אַרבייטער מעהר נים אויסגעגראָבען די אונטעראירדישע שעצע פון דער ערד? וואָלט דער אַרבייטער זיך פלוצלינג אָבגעשטעלט אין זיין טהעטיגקייט צו פּראָדוצירען פאַר די קאָנסומענטען? וואָלטען די אַרבייטער דען ווירקליך נים געפונען קיין אַנדער מיטעל אויסצוטוישען זייערע פּראָדוקטען און ווייטער געלעבט און געאַרבייט אָהן געלד?

דער פערנינפטיגער ענטפער אויף דיזע פראַגען ברייננט אונז צו דעם שלוס, אַז פאַר די פּאַראַזיטען איז דאָס קאַפּיטאַל מעהר נים ווי אַ מיטעל צו פערמאַסקירען זייער אונניצליכקייט און צו רעכטפערטיגען זייער שטעלונג אַלס פערמיטלער, וועלכע גיט זיי די מעגליכקייט צו נעהמען אָבגאַבען פון די פּראָדוצירער פאַר די אַרבייט פון אַנדערע. וואָס פאַר מיטלען דער שטאַאַט זאָל אַלזאָ נים אָנווענדען זיך צוצוריהרען צו זייער איינקאָמען, וועלען דיזע אַלע מיטלען צולעצט דאָך מוזען פאַלען צוריק אויף די פּראָדוצירער אליין, דערפאַר וואָס דער איינקאָמען פון דעם קאַפּיטאַליסט איז סיי ווי סיי די פרוכט פון זייער אַרבייט.

וואָס העכער מען וועט טאַקסירען דעם פערמעגען פון'ם קאַפּיטאַליסט, אַלס שווערער וועט די לאַסט צוריק פאַלען אויף דעם אַרבייטער; דער בורזשואַ וועט נאָך פּראָפיטירען דורך דעם, און די ענדע וועט זיין, אַז די פיעל בעריהמטע רעפאָרמע וועט זיך צולעצט פערוואַנדלען אין אַ מיטעל פון נאָך ערגערער אויס־ביימונג און רויבעריי, צוליעב דער שלעכטער אָרגאַניזאַציאָן פון דער היינטיגער געזעלשאַפט.

* * *

אַן אַנדער רעפאָרמע, פון וועלכער מען ערוואַרטעט זעהר פיעל, איז די פערקלענערונג פון די אַרבייטס־שטונדען און אַ געזעצליכער מינימאַל־לוין. פון אויבען אויף בעטראַכטעט קוקט עס ווירקליך אוים אַלס אַ בעדייטענדער פּראָגרעס, ווען מען הערט, אַז די בעציהונגען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט זאָלען רעגולירט ווערען צו גונסטען די אַרבייטער, וועלכע זאָלען מעהר

ניט אַרבייטען ווי אַכט שטונדען אָנשטאָט צוועלף. מען קען זיך דערפאַר אויך ניט וואונדערן, ווען פיעלע לאָזען זיך פערדרייהען די קעפ און גיבען אָב זייער גאַנצע ענערגיע פאַר דיזע פערבעסערונג, גלויבענדיג אַז דאָס איז דער וועג וועלכער וועט פיהרען צו דער בעפרייאונג פון דער אַרבייטער־קלאַסע.

אין דעם קאַפּיטעל איבער דער „אויטאָריטעט" האָבען מיר שוין ערקלעהרט, אַז די אויטאָריטערע אינסטיטוציאָנען האָבען נאָר איין צוועק, נעמליך — אויפצוהאַלטען דעם יעצטיגען צושטאַנד; צו פאָדערן, אַז דער שטאַאַט זאָל זיך אריינמישען אין די בעציהונגען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, בעווייזט ניט מעהר ווי אַ מאַנגעל אין לאָגיק, ווייל זיין אַריינמישען זיך קען נאָר זיין צו גונסטען דעם, וועמענס אינטערעסען ער פערטהיידיגט.

ריידענדיג וועגען דער זאָגענאנטער „איינקאָמען־שטייער", האָבען מיר בעמערקט, אַז די ראָלע פון'ם קאַפּיטאַליסט בעשטעהט אין דעם—צו לעבען אויף דעם רעכנונג פון די פּראָדוצירער. צו ערקלעהרען די אַרבייטער, זיי זאָלען פאָדערן פון די קאַפּיטאַליסטען זיי זאָלען פערקלענערן זייערע פּראָפיטען, אין דערזעלבער צייט, ווען זיי ווענדען אָן אַלע מיטלען זיי צו פערגרעסערן מיינט פּראָבּט צו שפּיעלען אַ קאָמעדיע מיט זיי. עס זיינען נויטהווענדיג גאַנצע רעוואָלוציאָנען, אום אויסצופיהרען געוויסע פּאָליטישע רעפאָרמען, וועלכע זיינען פון פיעל קלענערער וויכטיגקייט.

* *
*

ווען די אַרבייטער ווילען מעהר ניט אַרבייטען לענגער פון אַכט שטונדען — אַזוי בעהויפּטען די פערטהיידיגער פון דעם געזעצליכען אַכט־שטונדען טאָג — דאַן וואָלטען מיר מעהר ניט געהאַט אַזעלכע לאַנגע פּעריאָדען פון אַרבייטלאָזיגקייט, וועלכע זיינען די לאָגישע פאָלגען פון איבערפּראָדוקציאָן. אַלע וואָלטען געפונען אַרבייט און געווען אימשטאַנד צו פערהעכערן זייער לוין.

דיזער אַרגומענט שיינט צוערשט צו זיין גאַנץ לאָגיש; אָבער דער, וואָס האָט גרינדליך שטודירט די פערשידענע ערשיינונגען פון אונזער קאָרומפּירטער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציאָן,

וועט באַלד בעגרייפֿען, אַז דער אַרגומענט איז אין גאַנצען אַ פֿאַלשער.

אין דעם קאַפּיטעל איבער דאָס אייגענטהום האָבען מיר געצייגט, אַז ווען די מאגאַזינען זיינען אָנגעפּילט מיט פּראָדוקטען, איז עס ניט דערפֿאַר וואָס די פּראָדוקציאָן איז צו גרויס, נאָר דערפֿאַר וואָס די מעהרצאָהל פֿון די מענשען זיינען פֿערדאַמט צו לעבען אין נויט און עלענד און האָבען ניט די מעגליכקייט צו בעפֿרידיגען זייערע בעדירפֿניסע. דאָס לאָגישסטע מיטעל פֿאַר דעם אַרבייטער צו פֿערזיכערן זיך מיט אַרבייט וואָלט געווען צוצונעהמען די פּראָדוקטען, וועלכע ער האָט אַליין פֿערפֿערטיגט, און וועלכע מען האָט אַוועקגערויבט פֿון איהם, און זיך צו בענוצען מיט זיי. מיר וועלען ניט ווייטער געהן אין דיזער ריכטונג, אַלעס וואָס מיר ווילען בעווייזען, איז, אַז די פֿאַרגעשלאָגענע רעפֿאָרמע קען ניט האָבען דעם קלענסטען מאַטעריעלען נוצען פֿאַר די אַרבייטער.

* * *

ווען אַ קאַפּיטאַליסט לייגט אַריין זיין קאַפּיטאַל אין אַ געוויסע אינדוסטריע, טהוט ער עס דערפֿאַר, כדי עס זאָל איהם אַריינברייננגען וואָס גרעסערע פּראָפֿיטען. אונטער די יעצטיגע אומשטענדע ווייסט דער פֿאַבריקאַנט, אַז די אַרבייטער דאַרפֿען אַרבייטען צעהן, עלף אָדער צוועלף שטונדען, אום ער זאָל האָבען פֿון זיי דעם בעשטימטען פּראָפֿיט. ווי באַלד דער אַרבייטס-טאָג וועט פֿערקלענערט ווערען אויף אַכט שטונדען איז זיין בערעכנונג אַ פֿאַלשע; אָבער אַזוי ווי זיין קאַפּיטאַל מוז איהם אַריינברייננגען דעם בעשטימטען פּראָפֿיט — זיין גאַנצע ראָלע איז צו קויפֿען אין די ביליגסטע און צו פֿערקויפֿען אין די טהייערסטע מאַרקעטס, מיט איין וואָרט צו בערויבען אַלע, מיט וועלכע ער קומט נאָר אין אַ בעריהרונג — וועט ער באַלד אויסגעפֿינען נייע וועגען, כדי ער זאָל קענען ווידער אויסגלייכען דעם פֿעהלזעט.

צו דיזען צוועק האָט ער דריי מיטלען: 1) צו פֿערהעכערן דעם פּרייז פֿון די פּראָדוקטען; 2) צו פֿערקלענערן דעם לוין פֿון די אַרבייטער; 3) צו פֿערזוכען, אַז די אַרבייטער זאָלען

איהם אין אַכט שטונדען מאַכען דיזעלבע אַרבייט, ווי בעפֿאָר אין צוועלף.

די פֿערטהיידיגער פֿון דיזער רעפֿאָרמע ווילען פֿערהינדערן איינע פֿון דיזע מעטהאָדען, מיט דעם וואָס זיי פֿאָדערן אַ מיני־מאַלען אַ־בייטס־פרייז. עס איז אָבער אויך ניט זעהר וואַהרשיינ־ליך, אַז די פֿאַבריקאַנטען זאָלען פֿערזוכען צו פֿערהעכערן די פּרייזעס פֿון די פּראָדוקטען, דערפֿאַר וואָס זיי דאַרפֿען זיך רעכע־נען מיט דער קאָנקורענץ; נאָך ווען אפילו יאָ, ווייסען מיר זעהר גוט, אַז די טהייערקייט פֿון לעבען, וועלכע איז די פֿאָלגע פֿון העכערע אַרבייטס־פּרייזען, צייגט אונז ווייטער, אַז דער אַרביי־טער וואָלט אַליין געדאַרפֿט טראָגען די גאַנצע לאַסט פֿון דער רעפֿאָרמע.

גיט אונז דען ניט נאָרד און זיד־אַמעריקא דעם בעסטען ביישפּיעל, אַז איבעראַל וואו דער אַרבייטער בעקומט שוין יאָ אַ העכערן לוין, פֿערהעכערט זיך אויך דער פּרייז פֿון די פּראָדוק־טען, וועלכע ער דאַרף צום לעבען? און ווען ער פֿערדינט שוין ווירקליך צוואַנציג פֿראַנק אַ טאָג, דאַרף ער אָבער פֿינפֿאונצוואַנ־ציג פֿראַנק, אום צו מאַכען אַן אַנשטענדיגען לעבען. פֿאָלגליך בלייבען זיינע בעדינגונגען אימער דיזעלבע.

אָבער אין אונזער צייט פֿון דאַמפּף און עלעקטריציטעט, ווען די קאָנקורענץ ערלויבט ניט קיין פֿערשפּעטיגונג, איז דער קאַפּיטאַליסט געצוואונגען צו פּראָדוצירען „שנעל און ביליג". אָט דערפֿאַר וועט ער ניט פֿערזוכען אויסצוגלייכען זיין פֿערלוסט, מיט דעם וואָס ער וועט פֿערקויפֿען זיינע פּראָדוקטען טהייער־ער, פֿאָלגליך בלייבט איהם מעהר ניט איבער ווי איין וועג: צו פּראָ־דוצירען אין אַכט שטונדען צייט דיזעלבע קוואַנטיטעט ווי פֿריהער אין צוועלף שטונדען, און דאָס איז ווירקליך דער וועג, ווי אַזוי די קאַפּיטאַליסטען זעהען אויפֿצוהאַלטען זייערע פּראָפֿיטען.

דער אַ־בייטער איז אַלזאָ געצוואונגען צו אַרבייטען גיכער; פֿאָלגליך איז דער גאַנצער צוועק פֿון דיזער רעפֿאָרמע: צו פֿער־קלענערן די פּראָדוקציאָן פֿון דעם איינצעלנעם, כדי אויסצומיידען פּעריאָדען פֿון אַרבייטסלאָזיגקייט און קריזיס, אַ פֿערלאָרענער.

דער צושטאַנד וועט בלייבען דערזעלבער ווי בעפאָר, די אינדיווידועלע פּראָדוקציאָן וועט זיך ניט פערקלענערן און די אַרבייטער וועלען אויך ניט האָבען די מעגליכקייט צו קאָנסומירען מעהרער.

* * *

אָבער די אינבעקוועמליכקייט פון דיזער פערבעסערונג וואָלט זיך ניט בלויז בעשריינקט אויף דיזען דורכפאַל, נאָר זי וואָלט נאָך אַרויסגערופען ערנסטערע קאָנסעקווענצען. ערשטענס, וואָלט די פערקלענערונג פון דעם אַרבייטס-טאָג זיכער אַרויסגערופען אַ פערבעסערונג פון דער מאַשינעריע און דער אַרבייטער פון אייזען וואָלט מעהר און מעהר פערנומען דעם פּלאַץ פון דעם אַרבייטער פון פלייש און בלוט. אין אַ גוט אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט וואָלט דאָס טאַקי געווען אַ פּראָגרעס, אָבער אונטער די היינטיגע בעדינגונגען וואָלט עס געהייסען צו פערגרעסערן דעם עלענד און צו מאַכען ערגער די לאַגע פון'ם אַרבייטער.

וואָס מעהר דער אַרבייטער איז געצוואונגען צו פּראָדוצירען שנעל, אַלס מעהר דאַרף ער זיין אויסגערעכענט מיט יעדער בעוועגונג, אַלס מעהר דאַרף ער קאָנצענטרירען זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף זיין אַרבייט; ער וואָלט אַלזאָ שטענדיג געמוזט אָנווענדען זיין גאַנצע ענערגיע ביי דער אַרבייט אין זיין געזונדהייט וואָלט דערפון מעהר געליטען ווי פון אַ לענגערען טאָג אַרבייט.

אמת, די אַרבייטס-צייט וואָלט געווען קירצער, אָבער דער אַרבייטער וואָלט בעדאַרפט אויסברייגגען מעהר קראַפט אין וויינינגער צייט, און דאָס וואָלט איהם זיכער מעהר אויסגעמוטשעט ווי די אַלטע מעטהאָדע.

ווען מיר נעהמען צ.ב.ש. ענגלאַנד, אויף וועלכע די אָנהייגער פון דיזער רעפאָרמע דייטען שטענדיג אָן און וואו דער ניין שטונדען אַרבייטס-טאָג עקזיסטירט כמעט איבעראַל, וועלען מיר באַלד אויסגעפינען, אַז די פערקלענערונג פון דעם אַרבייטס-טאָג איז ניט געווען קיין פערבעסערונג, נאָר אַ פערערגערונג פאַר דעם אַרבייטער'ס לאַגע. אום צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון אונזער בעהויפּטונג, וועלען מיר זיך בענוצען מיט די פאַקטען,

וועלבע קאַרל מאַרקס אַליין האָט צונויפגעקליבען, דערזועלבער מאַרקס, וועלבער איז היינט דער גייסטיגער אינספּיראַטאָר פון די פערטהיידיגער פון דעם געזעצליכען אַכט־שטונדען־טאָג.

* * *

אויף זייטע 105 פון מאַרקס „קאַפּיטאַל" געפינען מיר דעם פאָלגענדען אויסצוג פון דעם בעריכט פון אַ פאַבריק אינספּעקטאָר: „כדי צו קענען אַרויסגעבען דיזעלבע צאָהל פּראָדוקטען, אַזוי האָט אינז איבערגענעבען די גרויסע פירמע קאָקריין אין גלאַזגאָו, זיינען מיר געצוואונגען געווען צו פערמעהרען די מאַשינען אויף אַ גרויסען שטייגער, אַזוי, אַז די געלערנטע אַרבייטער זיינען היינט איבערפליסיג, און יעדער טאָג צייגט אינז, אַז מיר קענען היינט פיעל מעהר פּראָדוצירען ווי מיט דער אַלטער מעטהאָדע. דער געזעצליכער ניין שטונדען טאָג האָט אַרויסגערופען אַ גרעסערע ענטוויקלונג און פערוועגדונג פון דער מאַשינעריע."

און אויף זייטע 180 לעזען מיר: „אָבוואָהל די פאַבריק־אינספּעקטאָרס ווערען קיינמאָל ניט מיעד — און מיט רעכט — זיך אָבצולויבען פון די גינסטיגע רעזולטאַטען, וועלבע די פאַבריק געזעצע פון 1844 אין 1850 האָבען אַרויסגערופען, מוזען זיי אָבער דאָך צוגעבען, אַז די פערקלענערונג פון דעם אַרבייטס־טאָג האָט שוין יעצט פעראורזאַכט אַזאַ אָנשטרייגענדע טהעטיגקייט, וועלבע גראָבט אונטער די געזונדהייט פון די אַרבייטער און פאָלגליך אויך זיין פּראָדוקטיווע ענערגיע."

„ווי עס ווייזט אויס זיינען די איבערמענשליכע אָנשטריינגונגען, וועלבע די מאַשינען־אַרבייט פאָדערט אין די באַוועל און זייד־שפּינערייען — וועהרענד די לעצטע יאָהרען האָט זיך דיזע אַרבייטס־מעטהאָדע אונגעהייער שטאַרק ענטוויקעלט — איינע פון די אורזאַכען, פאַר די אויסערגעוועהנליך גרויסע צאָהל פון די אַרבייטער, וועלבע זיינען געשטאָרבען פון לונגען־קראַנקהייטען, אַזוי ווי דר. גרענהאָון בעריכטעט אין זיין אויסגעצייכענטען רעפּאָרט. עס איז אַלזאָ גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז דער שטרעבען פון'ם קאַפּיטאַל, אויסצוגלייכען די פערלוסטען,

וועלכע עס האָט געהאַט צוליעב דער געזעצליכער בעשריינקונג פֿון די אַרבייטס־שטונדען, דורך אַ סיסטעמאַטישע אויסבייטונג פֿון די מענשליכע מוסקלען און נערוועו, וועט פֿערוואַנדלען יעדע פֿערבעסערונג אין אַ ריין מעכאַנישעס פּראָיעקט און מאַכען דערפֿון א נייען מיטעל פֿון אויסבייטינג; און דיזער צושטאַנד מוז וויטער פֿיהרען צו דער אונפֿערמיידליכער נויטווענדיגקייט צו פֿערקלענערן די צאָהל פֿון די אַרבייטס־שטונדען."

פֿון איין זייט זעהען מיר אַלזאָ ווי די מאַשינעריע פֿערנעהמט דעם פּלאַץ פֿון דעם אַרבייטער, און פֿון דער צווייטער זייט זעהען מיר, ווי די, וואָס פֿערבלייבען שוין יאָ אין דער פֿאַבריק, זיינען מעהר אויסגעזעצט צו אַלע סאָרטען קראַנקהייטען. פֿון דער גאַנצער בעריהמטער רעפֿאָרמע האָט זיך אַלזאָ אויסגעלאָזט אַ גאָרנישט, און שוין ניט רעדענדיג, וואָס זי האָט אין מאַנכע בעציהונגען פֿערערגערט דעם יעצטיגען צושטאַנד, קומען מיר צולעצט וויטער אָן אויף דעמזעלבען פּונקט, וואו מיר זיינען געשטאַנען בעפֿאָר. דאַרף מען נאָך אַ בעסערע ערקלעהרונג?

* * *

אָבער די פֿערטהיידיגער פֿון דעם געזעצליכען אַכט־שטונדען טאָג וועלען אונז באַלד איבערשלאָגען די רייד און ענטפֿערן: „איהר זייט גערעכט, אָבער איהר פֿערגעסט, אַז דער טעכנישער פּראָגרעס וועט אָנגעהן וויטער, ביז מיר זאָלען אַרבייטען צוועלף, צו אַכט־שטונדען אַ טאָג. אַ פֿערקלענערונג פֿון דער אַרבייטס־צייט וועט דאָך אַם וויניגסטענס אַרויסרופֿען אַ מאָמענטאַנע פֿערלייכטערונג, און צו שטעהען אַכט שטונדען אין דער פֿאַבריק אָנשטאָט צוועלף איז דאָך זיכער אַ מאָראַלישער פּראָגרעס, מיט וועלכען מיר דאַרפֿען זיין צופֿרידען און אַבוואַרטען פֿאַר וויטערע פֿערבעסערונג." — דיזער אַרגומענט בעווייזט נאָר, אַז די אָנהייגער פֿון דער אויבען דערמאָהנטער רעפֿאָרמע האָבען זעהר אַ גוטען טעמפּעראַמענט און האַלט ניט שווער זיי צופֿרידען צו שטעלען. אָבער מיר אַנאַרכיסטען זיינען לײדער ניט אַזוי גוט־האַרציג, און דערפֿאַר זיינען מיר געקומען צום שלוס, אַז עס איז מעהר ניט ווי אַן אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבייט אויסצוברייגען די

קאָסטבאַרע צייט פֿאַר אַ רעפֿאָרמע, וועלכע רעפֿאָרמירט קיין זאַך ניט. וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָט עס צו פּראָפּאַגאַנדירען אַ געוויסע זאַך, וועלכע איז נאָר גוט, אַזוי לאַנג ווי מען פֿערווירקליכט איהר ניט; אָבער אין דעם מאָמענט ווען זי בעקומט אַ פּראַקטישע בעדייטונג, ווירקט זי פּונקט פֿערקעהרט, ווי זי האָט געזאָלט ווירקען? זיכער, דער פּראָגרעס פֿון דער טעכניקע ווערט זיך ניט אָבשטעלען, אָבער מאָמענטאַן ווערט ער פֿערהינדערט דורך די אַלטע געשעפֿטס-מעטהאָדען, צו וועלכע מען האָט זיך צוגע־וואוינט, און דאָס פֿערהינדערט די שנעלקייט פֿון זיין ענטוויקלונג.

יעדער ווייסט וויפֿיעל צייט און אָנשטרייננגונג עס קאָסט, אייי־דער מען נעהמט אָן אַ נייע ערפֿינדונג. די עקספּלאָאַטאַטאָרס שטעהען שטענדיג פֿאַר דער פֿראַגע: אָדער צו פֿערלירען זייערע פּראָפֿיטען, אָדער איבערצובייטען די אַלטע מעטהאָדע פֿון דער אויסבייטונג, דאָס רעזולטאַט דערפֿון איז אַ פֿערשנעלערונג פֿון דער ענטוויקלונג, אַ שריט נעהנטער צו דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציאָן וועלכע מיר ערוואַרטען. און ווייל דיזע רעוואָלוציאָן איז אונפֿערמיידליך, דערפֿאַר ווילען מיר ניט, זי זאָל אונז איבער־ראַשען, מיר ווילען זיך פֿאָרבערייטען אויף דעם גינסטיגען מאָ־מענט, כדי אונזערע אידעען זאָלען געפֿינען וואָס מעהר מעגליכ־קייטען זיך צו פֿערווירקליכען אין דער צייט, ווען די רעוואָלוציאָן וועט אויסברעכען. אָט דערפֿאַר פֿריידיגען מיר דעם אַרבייטער, אַז ער האָט קיין זאַך ניט צו ערוואַרטען, אַז דיזע אַלע רעפֿאָרמען קענען און ווילען ניט פֿערבעסערן זיינע יעצטיגע בעדינגונגען, און אַז עס ניט נאָר איין מיטעל איבערצובייטען דעם געזעלשאַפֿט־ליכען אָרגאַניזמוס, נעמליך צו צושטעהרען די אינסטיטוציאָנען, אויף וועלכע ער שטיצט זיך.

* * *

דער מעכאַניזם פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, וועלכער דריקט און שטיקט אונז, איז זעהר גוט צונויפֿגעשטעלט, און דערפֿאַר איז ניט גענוג צו פֿערבעסערן אייניגע רעדלאַך און שרייפֿלאַך, אום צו פֿערבעסערן זיינע בעוועגונגען און צו ענדערן זיינע ווירקונגען. זעהען מיר דען ניט, אַז יעדער פֿאָרטשריט,

יעדע נייע ערפינדונג און ענטוויקלונג פון דער מאַשינעריע ריכ־טען זיך באַלד געגען די אַרבייטער, דערפאַר וואָס זיי גיבען די מאָנאָפּאָליסטען פון דעם סאָציאַלען רייכטהום די מעגליכקייט פאַר נייע מעטהאָדען פון אויסבייטונג? אויב איהר ווילט אַ פראָגרעס צו גונסטען אַלעמען, אויב איהר ווילט, אַז די אַרביי־טער זאָלען געהען פאָרווערטס אויף דעם וועג פון זייער בע־פרייאונג, דאַן דאַרפט איהר זיך נעהמען צו דער אורזאַכע פון די אַלע רעוולטאַטען, וועלכע איהר ווילט בעקעמפפען.

דער אַרבייטער איז עלענד, דערפאַר וואָס ער איז געצוואונגען צו פראָדוצירען פאַר אַ הייפּעל פאַראַזיטען, וועלכע זיינען גענוג כיטרע צו נעהמען דעם בעסטען טהייל פון די פראָדוקטע פאַר זייער פראָפיט. אויב איהר מיינט עס ווירקליך ערנסט, דאַן ברייננגט ניט אויס אייער צייט, פערזוכענדיג צו פעראייניגען פערשידענע אינטערעסען, וועלכע לאָזען זיך קיינמאָל ניט פעראייניגען; זוכט ניט צו פערבעסערן אַזעלכע בעדינגונגען, פון וועלכע עס קען קיינמאָל קיין גוטס ניט אַרויסוואַקסען, זוכט בעסער צו פערניכ־טען די עקזיסטענץ פון דעם פאַראַזיטיזם. אָבער דיזע אַרבייט קען ניט געטהאָן ווערען פון מענשען, וועלכע זיינען אַליין פאַ־ראַזיטען; קיין געזעץ וועט אייך אויך ניט העלפען אין דיזער בעציהונג; דאָס גאַנצע סיסטעם פון דער מענשליכער אויסביי־טונג מוז פערניכטעט ווערען, דערפאַר וואָס עס איז אונמעגליך איהם צו מאָדיפיצירען.

* * *

אויסער דיביידע רעפאָרמען פון וועלכע מיר האָבען גערערט בעפאָר, גיט עס נאָך אַ דריטע רעפאָרמע, וועלכע געוויסע דיינקער בעטראַכטען פאַר אַ מיטעל צו רעפאָרמירען דעם יעצ־טיגען סאָציאַלען צושטאַנד — נעמליך: איינצופיהרען אַ העכערע טאַקסע אויף ירושות פון זייטיגע פערוואַנדטע.

די פערווירקליכונג פון דיזער רעפאָרמע וואָלט אַרויסגערופען דיזעלבע ווירקונגען ווי די פראָפאָרציאָנעלע שטייער פאַר דעם יעהרליכען איינקאָמען, וועלכע מיר האָבען שוין פריהער בע־האַנדעלט. נאָך מעהר, דיזע רעפאָרמע וואָלט אייגענטליך נאָר

געקענט געפינען אַן אַנווענדונג, ווען עס האַנדעלט זיך אום גרונד־אייגענטהום, און אפילו דאַן וואָלט זי אויך קיין שום נוצען ניט געבראַכט, ווייל די רייכע בורזשואַס וואָלטען אויסגעפונען הונדערטער מיטלען זיך אויסצולאַכען פון דעם געזעץ. אויב אַ מענש האָט ווירקליך די אַבזיכט צו בעשיינקען דעם אַנדערן מיט אַ פערמעגען, קען ער געפינען אַנדערע מיטלען אויסער ירושה. דער שטאַאַט וואָלט געמוזט איינפיהרען אַ גאַנצע אינקוויזיציאָן, כדי מען זאָל איהם ניט בעשווינדלען, און אַזא סיסטעם וואָלט זיכער אַרויסגערופען דעם ערגסטען ווידערשטאַנד פון די מענשען.

* * *

אָבער זאָלען מיר אפילו שוין צוגעבען, דאָס אַזא רעפאָרמע וואָלט יאָ געהאַט אַ געוויסען איינפלוס אויף די אינסטיטוציאָנען פון אייגענטהום, וואָס וואָלטען די אַרבייטער דורך דעם פראָ־פיטירט? דאָס אייגענטהום וואָלט ווייטער אַמאָל איבערגעביטען דעם אייגענטהימער, אָבער די אַרבייטער וואָלטען עס ניט אַריינ־בעקומען אין זייערע הענד. דער שטאַאַט וואָלט געווען דער אייגענטהימער. די רעגירונג וואָלט זיך איבערגעביטען אין אַ קאָמפּאַניע פון עקספּלאָאַטאַטאָרס, און מיר האָבען שוין פריהער ערקלעהרט, ריידענדיג איבער דער „אויטאָריטעט", אַז די אַר־בייטער האָבען קיין זאַך ניט צו ערוואַרטען פון אַן אויטאָריטערער אָרגאַניזאַציאָן.

אַזוי לאַנג ווי געלד וועט זיין דער פונדאַמענט פון דעם סאָציאַלען אָרגאַניזם, וועלען די, וועלכע האָבען עס, שטענדיג פער־זוכען זיך דערמיט צו בענוצען פאַר זייערע אינטערעסען. צי דער שטאַאַט וועט אויסבייטען דאָס גרונד־אייגענטהום, וועלכער וועט אַריינפאַלען אין זיינע הענד, צי פריוואַט־פערזאָנען וועלען עס טהאָן, שטענדיג וועלען נאָר די פראָפיטירען, וועלכע האַלטען דעם קאַפּיטאַל אין זייערע הענד. זאָלען מיר זאָגאַר אָננעהמען, אַז דער פראָפיט וועט געהען פאַר אַ נייע קלאַסע, איין זאַך איז זיכער, אַז די אַלגעמיינהייט, דאָס פאָלק וואָלט ניט דערפון געהאַט דעם קלענסטען נוצען.

* * *

ווען מיר זאָלען אפילו שוין צוגעבען די מעגליכקייט, אַז אַזאַ רעפאָרמע קען אויסגעפיהרט ווערען, מוזען מיר אָבער אין דערזעלבער צייט אויך צוגעבען די מעגליכקייט פון אַן אַנדער היפּאָטעזע. די בורזשואַזיע, וועלכע האָט געשאַפען די דאָגמאַ איבער די הייליגקייט פון'ם אינדיווידועלען אייגענטהום, די בורזשואַזיע, וועלכע האָט אָנגעפילט איהרע אַלע געזעצביכער מיט דיזער דאָגמאַ און די נויטווענדיגע מיטלען פון זיין פערטהיידיגונג, וועט זי דען צולאָזען אַן אַטאַקע אויף די אָרגאַניזאַציאָן פון אייגענטהום, וועלכע זי האָט די גאַנצע צייט פערטהיידיגט מיט דער ביטערסטער ענערגיע?

וואו איז דער מענש, וועלכער קען אונז אויסרעכענען, וויפיעל צייט עס וועט נעהמען, איידער די בורזשואַזיע וועט געזעצליך ערלויבען צו אַטאַקירען איהרע רעכטע, און וויפיעל צייט עס וועט ווייטער נעהמען, נאָך דעם ווי די רעפאָרמע איז שוין פערווירקליכט געוואָרען, איידער מען וועט בעגרייפען, אַז עס איז ווייטער אַ רעפאָרמע, וועלכע רעפאָרמירט קיין זאַך ניט, און אַז מיר „אוטאָפּיסטען" זיינען אייגענטליך גערעכט געווען, ווען מיר האָבען ערקלעהרט באַלד אין אָנפאַנג, אַז עס מיינט אויס־ברייגנען צייט און אַרבייט פאַר גאָרנישט?

* * *

עס וואָלט געווען אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט צו רעדען פיעל וועגען די זאָגענאַנטע פּראָדוקטיוו־געזעלשאַפטען און קאָנ־סום־פעראיינע; דערפאַר וואָס מיר האָבען שוין פריהער געצייגט, אַז אונזער ציעל איז די אַלגעמיינע בעפרייאונג, און עס גיט ניט קיין בעזונדערע אינדיווידועלע בעפרייאונג, אויסערהאַלב דער אַלגעמיינער עמאַנציפּאַציע. אָט דערפאַר האָבען דיזע אַלע קליינע מיטלען פאַר דער בעפרייאונג פון איינצעלנע פּערזאָנען קיין שום ווערטה ניט פאַר אונז. און אויסערדעם דאַרפען מיר ניט פער־געסען, דאָס אונטער דער הערשאַפט פון דעם גרויסען קאַפּיטאַל, אונטער דער שטענדיגער ענטוויקלונג פון דער מאַשינעריע זיינען דיזע אַלע קליינע קאָאָפּעראַטיווע פערזוכען פעראורטהיילט צום

טוים, נאָך איידער זיי האָבען געהאַט צייט צו ברייננגען די קלענ־
סטע רעזולטאַטען.

* * *

אַנדערע רעפאָרמיסטען זוכען אויך בייצוטראָגען זייער חלק
צו דער אַלגעמיינער מענשליכער בעפרייאונג, מיט דעם וואָס זיי
זוכען וואָס גיכער צו ענטוויקלען דעם טהייל פון קענטניסע,
וועלכען זיי אַליין האָבען זיך אויסגעקליבען פאַר אַ ספּעציאַליטעט.
אָבער זיי שרעקען זיך באַלד אָב פאַר דעם קאַמפּף, און ניט
זעהענדיג קיין אויסוועג אויף אַ לייזונג פון דער פראַגע, מאַכען
זיי פון זייערע פיקסע אידעען רפואות פאַר אַלע איבלען, פון
וועלכע אונזער קראַנקע געזעלשאַפט ליידעט. און איהר קענט
געפינען אַסך ערנסטע פערזאָנען צווישען דיזע פאַנאַטיקער. און
מאַנכער גוטער געדאַנק, וועלכער וואָלט אונטער אַנדערע אומ־
שטענדען געקענט ברייננגען גרויסאַרטיגע רעזולטאַטען, געפינט
זיך צווישען דיזע אידעען. אָבער אין אַ געזעלשאַפט ווי די אונ־
זעריגע זיינען די רעזולטאַטען פונקט פערקעהרט.

צווישען דיזע סאָרט מענשען, וועלכע זיינען בעאיינפלוסט
פון אַ פיקסע אידעע איז הערר זש. וויל זיכער איינער פון די
אינטערעסאַנטסטע טיפּען מיט זיין סיסטעם פון בעמישער פרוכט־
באַרקייט.

* * *

מיר האָבען ניט די אַבזיכט צו געבען דאָ אַ פאָלשטענדיגע
ערקלעהרונג פון דיזען סיסטעם. עס איז גענוג איבערצוגעבען
די לעזער, אַז הערר וויל האָט געמאַכט אַן אַנאַליזאַציע פון די
פלאַנצונגען און האָט אויסגעפונען, דאָס אַלע זיינען צוזאַמענגע־
זעצט פון פערצעהן עלעמענטען; דיזע עלעמענטען זיינען ביי
יעדער פלאַנצונג דיזעלבע, נאָר זייער קוואָנטיטעט איז פערשידען
ביי די איינצעלנע גאַטונגען. אין דערזעלבער צייט האָט הערר
וויל אויך אַנאַליזירט די לופט און די ערד און ענטדעקט, אַז זיי
ערהאַלטען צעהן עלעמענטען, אין וועלכע די פלאַנצונגען נויי־
טיגען זיך. פאָלגליך דאַרף מען זיי בלויז נאָך פערזאָרגען מיט
די פיער אַנדערע עלעמענטען, נעמליך קאַלך, פאָטאַסיום, פאָס־

פֿאַר און שטיק־שטאָף. נאָך דיזער ענטדעקונג האָט ער פֿאַבריצירט אַ גאַנצע סעריע פֿון כעמישע מיטלען, אום צו בעפֿרוכטען דאָס שטיק לאַנד, אויף וועלכען מען געהט קולטיווירען געוויסע פֿלאַנצונגען.

אויסאַרבייטענדיג אַ גענויע סטאַטיסטיק, האָט דר. וויל אויפֿגעצייגט, דאָס אפילו מיט אונזערע יעצטיגע קענטניסע איז מעגליך מיט וויינינגער קראַפֿט, ווי עס ערפֿאָדערט די אויסמיסטונג פֿון דער ערד, אַרויסצובעקומען פֿון דעמזעלבען שטיק לאַנד פֿיער און פֿינף מאָל אַזוי פֿיעל פּראָדוקטען ווי היינט צו טאָג; און אַז מען קען האַלטען דיזעלבע צאָהל בהמות אויף אַ קלענערן שטיק ערד און פֿאָלגליך וועלען דאַדורך פֿאַלען די פּרייזעס פֿון פֿלייש. דיזע ענטדעקונג פֿיהרט איהם צולעצט צו דער בעהויפּטונג, אַז די גאַנצע סאָציאַלע פֿראַגע קען געלייזט ווערען דורך אַן ענטוויקלונג און פֿערבעסערונג פֿון דער אַגריקולטור.

„די לעבענס־מיטעל", זאָגט ער, „וועלען ווערען ביליגער, און יעדער איינציגער וועט דערפֿון פּראָפֿיטירען. די גרונד־אייגענטהימער וועלען האָבען אַזעלכע גרענצענדע ערפֿאָלגען מיט דער נייער מעטהאָדע, אַז זיי וועלען זיין אימשטאַנד אַראָבצולאָזען פֿון די פּרייזעס; די אַרבייטער, האָבענדיג די מעגליכקייט צו קויפֿען ביליג, וועלען האָבען די מעגליכקייט צו מאַכען אַ בעסערן לעבען און זיך קענען אַזוי פֿיעל אָבשפּאָרען פֿון זייער לוין, אַז זיי וועלען ביסלעכווייז אַליין ווערען קאַפּיטאַליסטען...", און אַלעס וועט געהן ווי אַם בעסטען אין אונזער שעהנער וועלט.

* * *

מיר אַנערקענען די ערנסטקייט פֿון העהר וויל; אונזערע קענטניסע אין דער אויבען דערמאָהנטער פֿראַגע זיינען אפילו זעהר בעשריינקט, נאָר זיין סיסטעם שיינט אונז צו זיין זעהר פֿערנינפֿטיג; מיר וועלען זיכער צוגעבען, אַז די אַרבייטער וואָלטען געקענט פּראָפֿיטירען דורך די פּראַקטישע אָנווענדונג פֿון דיזער מעטהאָדע, נאָר לײדער איז דאָס אונמעגליך אונטער די בעדינגונגען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן. זיין סטאַטיסטיק איז ווייטער אַ בעווייז פֿאַר די ריכטיגקייט פֿון

אונזערע בעהויפּטונגען. די אנאַרכיסטען האָבען שטענדיג געזאָגט, אַז מיט די יעצטיגע ערפאָלגען פון דער וויסענשאַפט איז מעגליך צו שאַפען מעהר פּראָדוקטען מיט ווייניגער אָנשטרענגונגען, אַז מיר וועלען אַזוי גוט פערזאָרגט זיין מיט פּראָדוקטען, דאָס יעדער איינציגער וועט קענען פאָלקאָמען בעפרידיגען זיינע אַלע בעדירפניסע, און מיר דאַרפען גאָר קיין מורא ניט האָבען, אַז די געזעלשאַפט וועט קומען צו קורץ; אָבוואָהל געוויסע פּעסימיסטישע עלעמענטען, וועלכע ווילען יעדע זאַך אָבוועגען און אָבמעסטען, כדי צו שאַפען דאָס נייטיגע גלייכגעוויכט, זיינען מיט דער מיינונג, אַז מיר געהען צו ווייט. זיי בעהויפּטען אפילו, אַז פאַר זיך אַליין דאַרפען זיי קיין שום אויטאָריטעט, אָבער כדי צו אונטערדריקען די שלעכטע אינסטינקטען פון די איבעריגע מענשען, איז נויטווענדיג אַ בעשטימטע קאָנטראָלע, אַ רעגירונג, וועלכע זאָל רעגלען די פּראָדוקציאָן און די פערטהיילונג פון די פּראָדוקטען.

* * *

אין אַ קליינע בראָשורע, „די פּראָדוקטען פון דער ערד", האָט איינער פון אונזערע פריינדע אויפגעצייגט מיט אָפיציעלע סטאַטיסטישע טאַבעלען, דאָס אפילו יעצט, ווען די אַגריקולטור געפינט זיך נאָך אין איהרע קינדער־יאָהרען, איז די אַלגעמיינע פּראָדוקציאָן פיעל בעדייטענדער ווי די קאָנסומציאָן. הערר וויל צייגט אונז יעצט, אַז דורך די פערוועגדונג פון כעמישע מיטלען, קען די ערד פּראָדוצירען פיער ביז פינף מאָל אַזוי פיעל, ווי זי פּראָדוצירט יעצט, ניט דאַרפענדיג פערמעהרען די צאָהל פון די אַרבייטער. איז דאָס ניט אַ גרויסאַרטיגע בעשטעטיגונג פון אונזערע פריהערע בעהויפּטונגען?

אָבער ער האָט אַ גרויסען טעות, ווען ער דיינקט, אַז זיין סיסטעם קען לייזען די סאָציאַלע פראַגע, דורך דעם וואָס די פּראָדוקטען וועלען זיך פערקויפען אַזוי ביליג, אַז די אַרבייטער וועלען זיין אימשטאַנד אויסצוגעבען ווייניג און צו שפּאָרען אַ גרויסען טהייל פון זייער לוין. אויב הערר וויל וואָלט געהאַט געלעזען די שריפטען פון אונזערע בורזשואַזע עקאָנאָמיסטען,

אָט צ. ב. ש. די פֿון מאָלינאַרי, דאַן וואָלט ער געוואוסט, אַז דער איבערפֿלוס פֿון געוויסע פּראָדוקטען אויף דעם מאַרק פֿער־אורזאַכט אַ פֿערקלענערונג פֿון זייער פּרייז, און ווי באַלד דער קאפּיטאַליסט בעמערקט, אַז זיין קאַפּיטאַל ברייננגט איהם ניט אַריין וואָס גרעסערע פּראָפֿיטען, וועט ער זיך אויסזוכען אַ „בעסערע פֿערווענדונג" פֿאַר זיין געלד, ער וועט אויסגעפֿינען אַנדערע אונטערנעהמונגען, וועלכע ברייננגען אַריין גרעסערע פּראָפֿיטען, און די פֿאָלגע וועט זיין, אַז דערזעלבער צווייג פֿון פּראָדוקציאָן, וועלכער האָט פֿאַר אַ געוויסע צייט אַרויסגעגעבען צופֿיעל פּראָדוקטען, וועט באַלד צוריק פֿאַלען אויף דיזעלבע שטופֿע, אויף וועלכער ער איז געשטאַנען בעפֿאָר.

ווען הערר וויל וואָלט זיך אַביסעל ווייניגער אָבגעגעבען מיט זיינע געלעהרטע קאַלקולאַציאָנען און וואָלט זיך דערפֿאַר, ווי ווייניג עס זאָל ניט זיין, בעשעפֿטיגט מיט דער פֿונקציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָלט ער באַלד בעמערקט, דאָס אָבוואָהל אונזער פּראָדוקציאָן איז שוין יעצט פֿיעל בעדייטענדער פֿון אונזער קאָנסומציאָן, גיט עס פֿון דעסטוועגען גענוג און גענוג מענשען, וועלכע שטאַרבען פּשוט פֿון הונגער; ער וואָלט אויך באַלד בעמערקט, אַז די בעסטע טהעאָרעטישע אויסרעכנונג ווירקט פּונקט פֿערקעהרט אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, ווי באַלד מען פֿערזוכט איהר צו פּראַקטיצירען. די נאַטור מיט דער הילפֿע פֿון דער מענשליכער אינטעליגענץ און אַרבייט מאַכט אָהן אַ צווייפֿעל אַ שטענדיגען פֿאָרטשריט אין דער פּראָדוקציאָן, אום צו פֿערזאָרגען די מענשליכע ראַסע מיט לעבענס־מיטעל מיט וואָס ווייניגער אויסגאַבען; אָבער דער האַנדעל, דער בערזען־שווינדעל, דער אייגענטהימער, דער קאַפּיטאַליסט זיי וועלען אויך פּראָגרעסירען און פֿאָדערן זייער טהייל פֿון דער ענטוויקלונג; זיי וועלען פֿערקלענערן די פּראָדוקציאָן, כדי צו קענען פֿער־קויפֿען די פּראָדוקטען פֿאַר אַ העכערן פּרייז, און אויב עס איז נייטיג, וועלען זיי די פּראָדוקציאָן אין גאַנצען אָבשטעלען, אום

צו דערגרייכען נאָך העכערע פרייזען, און אום אויפצוהאַלטען זייערע פריווילעגיעס און זייער פּאַראַזיטישע עקזיסטענץ.

* * *

נעהמט פאַר אַ ביישפּיעל קוילען; קוילען איז אַ פאַרטיגער פּראָדוקט. מען דאַרף זיי בלויז אויסגראָבען פון דער ערד. די גאַנצע ערד איז איבערפלייצט מיט פלעצער, וואו עס געפינען זיך קוילען, זייער קוואָנטיטעט איז כמעט אונבעגרענעצט. און טראָץ דעם איז דער פּרייז זעהר אַ טהייערער; עס גיט זאָגאַר טויזענדער און טויזענדער פון מענשען, וועלכע האָבען ניט די מעגליכקייט זיך אָנצואוואַרעמען אין ווינטער. מיר זעהען אַלזאָ, אַז טראָץ דעם א בערפלוס פון קוילען, איז ניט יעדער אַרבייטער אימשטאַנד זיך צו פערזאָרגען דערמיט.

דאָס איז דערפאַר, ווייל די קוילען-גריבער זיינען מאָנאָפּאָליזירט געוואָרען פון מעכטיגע קאָמפּאַניס, וועלכע בעשיינקען די אויסגראָבונג פון קוילען, און וועלכע — כדי צו פערהינדערן יעדע קאָנקורענץ — האָבען רואינירט אָדער אָבגעקויפט די מינען פון די קלענערע אייגענטהימער און לאָזען זיי בעסער שטעהען ליידיג, איידער צו איבערפלייצען דעם מאַרק מיט קוילען, און דורך דעם צו פערקלענערן די פּרייזעס און פאָלגליך אויך זייער איינקאָמען.

* * *

און דאָס וואָס מיר זעהען מיט די קוילען, איז אויך דער פאַל מיט דער ערד אין אַלגעמיין. זעהען מיר דען ניט יעדען טאָג, ווי דער קליינער גרונד-בעזיצער ווערט רואינירט און צוגעדריקט צו דער וואַנד פון געוויכטענלאָזע אויסבייטער און וואָכערער, ווי זיין שטיקעל ערד ווערט עקספּראָפּריאירט פון די גרויסע קאַפּיטאַליסטען? זעהען מיר דען ניט, ווי דאָס גרויסע גרונד-אייגענטהום ענטוויקעלט זיך פון טאָג צו טאָג מעכטיגער און שטאַרקער? און זעהען מיר דען ניט אויך ווי דורך די אָנווענדונג פון די גרויסע לאַנד-ווירטשאַפטליכע מאַשינען ענטוויקלען זיך אַגראַרישע קאָמפּאַניס, אַזעלכע מעכטיגע אַנאָנימע קאָמפּאַניס, אַקוראַט ווי די וועלכע עקזיסטירען אין דער אינ-

דוסטריעלער וועלט און הויפּטזעכליך אין דער קוילען־אינדוסטריע?

אויב מיר וואָלטען ווירקליך אימשטאַנד געווען צו צווינגען די ערד אַרויסצוגעבען פֿון זיך פֿיער אָדער פֿינף מאָל אַזוי פֿיעל ווי יעצט, דאַן וואָלטען די מאָנאָפּאָליסטען איינפֿאַך בעשריינקט די קולטיווירונג פֿון דער ערד, זיי וואָלטען דאָס איבעריגע לאַנד בעסער פֿערווענדעט פֿאַר דער יאַגד אָדער פֿאַר לוסט־גערטנער צום פֿערגניגען פֿון די רייכע. אין פֿראַנקרייך זעהען מיר שוין יעצט דעם אָנפֿאַנג דערפֿון, און עס איז אַ בעקאַנטער פֿאַקט, אַז אין אירלאַנד און שאָטלאַנד, אויף די גיטער פֿון די ענגלישע לענד־לאָרדס האָט זיך די צאָהל פֿון דער בעפֿעלקערונג געוואַלטיג פֿערקלענערט, צו גונסטען די חיות; און דאָס זעלבע „אויסגעקליבענע" פּובליקום, וועלכעס אַפּלאָדירט מיט בעגייסטערונג די פֿילאַנטראָפּישע פּלענער פֿון הערר זש. וויל, דאָסזעלבע פּובליקום פֿערברייגגט זיין „פֿרייע צייט" מיט דער יאַגד אויף הירשען און פֿיקס, וועהרענד דער בויער, פֿון וועלכען מען האָט אַוועקגערויבט דאָס לאַנד, געהט אוים פֿון הונגער און עלענד.

אַך, אונזער געזעלשאַפֿט איז ליידער אַזוי אָרגאַניזירט, אַז דער בעזיצער איז אין דערזעלבער צייט דער הערר פֿון דער וועלט. דער אייסטויש פֿון די פּראָדוקטען איז נאָר מעגליך דורך דער הילפֿע פֿון'ם קאַפּיטאַל, דאָס געלד איז דער אייגענטליכער הערר פֿון אויסטויש. יעדע פֿערבעסערונג, יעדער פּראָגרעס אין דער אַרבייט, אין דער אינדוסטריע און דער וויסענשאַפֿט פֿערמעהרט נאָר דעם רייכטהום אין די הענד פֿון די קאַפּיטאַליסטען און פֿערוואַנדעלט זיך באַלד אין אַ מיטעל פֿון דער ערגסטער אויסביימונג. זיי פֿערגרעסערן דעם רייכטהום פֿון די רייכע און אין דערזעלבער צייט די אָרעמקייט פֿון די אָרעמע.

די פֿערפֿאָלקאָמענונג פֿון דער פּראָדוקציאָן שאַפֿט אימער מעהר אַרבייטסלאָזע און ענטוויקעלט אַ מורא'דיגע קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער גופֿא, וועלכע צווינגט זיי צו פֿערקויפֿען זייער אַרבייט וואָס ביליגער. דיינקענדיג, אַז איהר מהוט די אַרבייטער עפּעס גוטס, מאַכט איהר זייער לאַגע נאָך ערגער. די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט צושטערט

אייערע שעהנסטע חלומות און צווינגט אייך צו אַרבייטען פֿאַר דער מענשליכער אויסבייטונג, איהר דיינקט דעם אַרבייטער אַביסעל צו פֿערלייכטערן און איהר מאַכט זיין יאָך נאָך שווערער ווי עס איז יעצט.

* * *

געוויס, הערר וויל, איהר האָט אונז דאָ פֿאָרגעשטעלט אַ שעהנעם חלום: צו אַרבייטען און צו פֿערמעהרען די פּראָדוקטען, כדי יעדער איינציגער זאָל האָבען גענוג צו עסען; די אַרבייטער וועלען האָבען די מעגליכקייט אַוועקצולייגען אַ פּאָר גראָשען, כדי זיי זאָלען זיין פֿערזיכערט פֿאַר דעם קומענדען טאָג. דאָס איז אפּילו ניט דער גאַנצער אידעאַל פֿון דער מענשהייט, אָבער מען קען אין אַלגעמיין ניט ערוואַרטען מעהרער פֿון אַ מאַן, וואָס פֿיהלט ניט פּערזענליך די פֿיזישע ליידען און די מאָראַלישע איבלען, וועלכע דערשטיקען די אָרעמע און עלענדע אין דער געזעלשאַפֿט. זאָגאַר דיזער אידעאל איז אויך שוין אַ גרויסע זאַך, נאָר ליידער איז עס ניט מעהר ווי אַ פּוסטער חלום, און ביז וואַנען מען וועט ניט צושטעהרען דאָס סיסטעם פֿון אויסבייטונג וועלען אייערע אַלע פֿערשפּרעכונגען ניט האָבען די קלענסטע בעדייטונג. דער קאַפּיטאַליזם האָט נאָך פֿיעלע מיטלען צו זיין פֿערזיכערונג; און ווען מיר זאָלען אפּילו שוין צוגעבען, אַז דורך די פֿערמעהרונג פֿון די לעבענס־מיטעל וועלען פֿאַלען די פּרייזען און דער אַרבייטער וועט ווירקליך זיין אימשטאַנד אָבצושפּאָרען אַ געוויסע סומע, דאַן האָבען מיר זיך אָבער צו רעכענען מיט אַ פֿאַקטאָר, וועלכען איהר האָט אַליין דערמאָהנט, נעמליך: די פֿערמעהרונג פֿון דער בעפֿעלקערונג.

געגענווערטיג איז דער אינדוסטריעלער מאַרק אָנגעפֿילט מיט פּראָדוקטען, און די ענטוויקלונג פֿון דער מאַשינעריע שאַפֿט יעדען טאָג נייע אַרבייטסלאָזע. כדי צו מאַכען אַ לעבען זיינען דיזע אונגליקליכע געצוואונגען צו קאָנקורירען איינע מיט די אַנדערע און צו אַרבייטען פֿאַר די ביליגסטע פּרייזעס. דער פּראָ־גרעס שטעלט זיך אָבער ניט אָב, ער געהט אָן ווייטער און ווייטער. שוין היינט קען איין מענש פּראָדוצירען פֿאַר צעהן, און

ווען די בעפֿעלקערונג וועט זיך פֿערדאָפּלען וועט די פּראָדוקציאָן זיין צוואַנציג מאָל גרעסער ווי יעצט, דער פּראָפֿיט פֿון דיזען פּראָגרעס וועט אַריינגעהן אין די קעשענעס פֿון די אויסבייטער, וועלכע וועלען זיך זיכער בענוצען מיט דער געלעגענהייט און בעצאָהלען זייערע לוין־שקלאַפֿען וואָס קלענערע פּרייזען.

איהר גיט אַליין צו, אַז די פֿאָדערונגען פֿון די אַרבייטער זיינען ביז צו אַ געוויסען גראַד בערעכטיגט, אַזוי לאַנג ווי זיי מאַניפֿעסטירען זיך ניט דורך געוואַלט־אַקטען; אָבער האָט איהר, ווען עס איז נאָכגעדיינקט, אַז די אַרבייטער קעמפּפֿען שיין זייט טויזענד יאָהר, און אַז דיזע פֿרוכטלאָזע פֿאָדערונגען זיינען שטענדיג געבאָרען געוואָרען מיט די היסטאָרישע אומשטענדען פֿון דער געזעלשאַפֿט? ווען דיזע פֿאָדערונגען האָבען יעצט אַנגענומען אַ געוואַלטזאַמען כאַראַקטער, איז עס דערפֿאַר, ווייל מען האָט קיינמאָל ניט פֿערזוכט צו ערפֿילען דיזע פֿאָדערונגען. ווי אַזוי קענט איהר גאָר פֿערלאַנגען, אַז די אַרבייטער זאָלען זיך נאָך בעדאַנקען ביי זייערע העררן און זיך וואַרפֿען פֿאַר זיי אויף די קניע, וויסענדיג, אַז זיי וועלען קיין זאַך ניט אַרויסבעקומען פֿון זיי אויף אַזאַ אופֿן? אונזערע העררן, דיינקענדיג אַז זיי רעדען צו שקלאַפֿען, וואָלטען זיי העכסט וואַהרשיינליך געענטפֿערט: „פֿאָרמולירט אייערע פֿאָדערונגען אַזוי ווי העפֿליכע מענשען און מיר וועלען זעהען וואָס מיר קענען טהאָן פֿאַר אייך". אָבער די, וועלכע זעהען אין דער בעפֿרייאונג פֿון די אַרבייטער ניט מעהר ווי אַן אַקט פֿון גערעכטיגקייט און קיין טובה פֿון די רייכע, זיי וועלען איינפֿאַך זאָגען: „מיר פֿאָדערן דאָס און דאָס." דעסטאָ ערגער פֿאַר די, וועלכע פֿיהלען זיך בעליידיגט דורך אַזאַ שפּראַכע.

* * *

אין דעם היינטיגען סיסטעם, אונטער וועלכען מען דריקט און שטיקט אונז, פּאַסט זיך יעדעם גליעדער אַריין צו די אַנדערע גליעדער. צו האָבען גוטע אַבזיכטען איז ניט גענוג, אום צו דערגרייכען דעם געווינשטען רעזולטאַט; קיין שום פֿערבעסערונג איז ניט מעגליך, אַזוי לאַנג ווי מען וועט ניט צושטערען דאָס

גאַנצע סיסטעם, וועלכעס איז אויסשליסליך געשאַפֿען געוואָרען פֿאַר דער אויסבייטונג און אונטערדריקונג. מיר ווילען ניט מאָדיפֿיצירען די אויסבייטונג און שקלאַפֿעריי, נאָר מיר ווילען זיי אָבשאַפֿען אין גאַנצען. אָט צו דעם שלוס מוזען אַלע קומען, וועלכע זיינען אימשטאַנד זיך צו בעפֿרייען פֿון די קליינליכע פֿאָראורטהיילען, וועלכע די אומשטענדען אין וועלכע זיי לעבען, האָבען ענטוויקעלט אין זיי. יעדער איינער, וועלכער בעגרייפֿט די גאַנצע טיעפֿקייט פֿון דער פֿראַגע, וועט אויך פֿערשטעהן, אַז רעוואָלוציאָנען זיינען ניט דער רעזולטאַט פֿון די מענשען אַליין, נאָר אויך פֿון די אינסטיטוציאָנען, וועלעכע שטעלען אָב דעם פּראָג־עס, פֿאָלגליך זיינען זיי נויטווענדיג און אונפֿערמיידליך.

אַלע די, וועלכע מיינען עס ווירקליך ערנסט מיט דער צוקונפֿט פֿון דער מענשהייט, דאַרפֿען איין פֿאַר אַלע מאָל פֿערשטעהן, דאָס אום צו רעאַליזירען זייערע בעזונדערע אידעען, דאַרפֿען זיי ניט פֿערזוכען צו בעקעמפֿפֿען די רעוואָלוציאָן; נאָר די רעוואָלוציאָן איז אימשטאַנד צו פֿערהינדערן, אַז די פּאַראַזיטען זאָלען ניט אָבשטעלען דעם פּראָגרעס און פּראָפֿיטירען פֿון אַלע רעזולטאַטען פֿון דער אַלגעמיינער ענטוויקלונג.

* * *

רעפֿאָרמען! רעפֿאָרמען! ווען וועלען די מענשען ענדליך בעגרייפֿען, אַז זיי בריינגען אוים זייערע בעסטע קרעפֿטען פֿאַר זאָגענאַנטע רעפֿאָרמען, וועלכע וועלען קיינמאָל ניט רעאַליזירט ווערען? דאָס פֿאָלק איז מיעד צו קעמפֿפֿען פֿאַר אוטאָפּיסטישע פֿאָרשטעלונגען, וועלכע האָבען דיזעלבע בעדייטונג ווי דער גלויבען אין אַן אינדיווידועלע בעפֿרייאונג אינערהאַלב דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. יעדע רעפֿאָרמע, וועלכע איז ביז יעצט אויסגעפֿיהרט געוואָרען, האָט נאָר בעוויזען איין זאַך, נעמליך, אַז זי האָט קיין ווירקונג ניט אויף דעם יעצטיגען צושטאַנד.

מען מאַכט די אַנאַרכיסטען אָפֿטמאָל דעם פֿאָרוואורף, אַז זיי זיינען אַ הינדערנים פֿאַר דער פֿרידליכער בעפֿרייאונג פֿון די אַרבייטער, דערפֿאַר וואָס זיי זיינען געגנער פֿון אַלע רעפֿאָרמען.

אָבער דאָס איז ניט מעהר ווי אַ דאָפּעלטער אירטהום. די אַנאַר־כיסטען זיינען ניט קיין געגנער פֿון רעפֿאָרמען, דערפֿאַר וואָס זיי בעקעמפּפֿען אַ רעפֿאָרמע אַן און פֿאַר זיך, נאָר זיי זיינען די ביטערסטע געגנער פֿון די אַלע ליגענס, מיט וועלכע מען זוכט צו פֿערבלענדען די אויגען פֿון די אַרבייטער, וויסענדיג אַז עס זיינען ניט מעהר ווי פּראָסטע שווינדלערייען.

*

זאָלען די וועלכע גלויבען אין רעפֿאָרמען, אַרבייטען פֿאַר זייער פֿערווירקליכונג; מיר זעהען אין דעם קיין שלעכטס ניט. פֿערקעהרט, וואָס מעהר די בורזשואַזיע וועט פֿערזוכען אויסצוּ־פֿיהרען אַזעלכע רעפֿאָרמען, אַלס מעהר וועלען די אַרבייטער בעגרייפֿען, אַז עס איז קיין זאַך ניט רעפֿאָרמירט געוואָרען און אַלעס איז געבליבען ווי בעפֿאָר. אָבער מיר פּראָטעסטירען מיט אונזער גאַנצער ענערגיע געגען די בעהויפּטונג פֿון אַזעלכע מענשען, וועלכע ערקלעהרען דיזע רעפֿאָרמען אַלס רפֿואות פֿאַר אַלצדינג און וועלכע ווענדען זיך צו די אַרבייטער מיט די ווער־טער: „פֿערהאַלט זיך רוהיג און אָרענטליך און מיר וועלען זע־העןן, וואָס מיר קענען טהאָן פֿאַר אייך!"

אָט דערפֿאַר ווייל מיר פֿערשטעהען, אַז דיזע אַלע רעפֿאָרמען קענען קיין זאַך ניט העלפֿען, ערקלעהרען מיר די אַרבייטער: אַרבייטער לאָזט זיך ניט אָבנאַרען! ווען אייערע עקספּלואַטאַ־טאָרס זיינען געגען דיזע רעפֿאָרמען, איז עס דערפֿאַר, ווייל זיי ווילען אייך איינרעדען, אַז דורך די פֿערווירקליכונג פֿון אַזעלכע „פֿערבעסערונגען" האָט איהר ווירקליך עפּעס אויסגעפֿיהרט ווי־סענדיג אין דערזעלבער צייט, אַז איהר וואָלט אייגענטליך געהאַט אַ רעכט צו פֿאָדערן פֿיעל מעהר פֿון זיי. איהר האָט זיכער אַ רעכט אויסצופּרובירען די מיטלען, וועלכע מען שלאָגט אייך פֿאָר, נאָר זייט וויסען, אַז דיזע מיטלען וועלען אייך קיינמאָל ניט בעפֿרייען. לאָזט אייך ניט פֿערפֿיהרען פֿון קליינגייסטיגע אידעען און אַמביציעזע שטרעבונגען. זאָנדערן אָרגאַניזירט אייך בעסער מיט דער אַבזיכט צוצונעהמען אַלעס, וואָס עס בעלאַנגט צו אייך. זאָלען זיך די צוריקגעבליבענע עלעמענטען בעשעפֿטיגען מיט

אַזעלכע שפּילערייען; די רעוואָלוציאָן, וועלכע ענטוויקעלט זיך אַליין פֿון די איבלען פֿון אונזער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן, די רעוואָלוציאָן קומט נעהנטער און נעהנטער, איהרע קרעפֿטען ווערען אַלץ מעכטיגער און בעוואוסטער, און צו איהר ווילט אָדער ניט, די אומשטענדען אַליין וועלען אייך צווינגען צו נעה־מען די וואַפֿען אין האַנד און אויסצוקעמפּפֿען אייער רעכט צום לעבען. און ווען איהר האַט שוין די וואַפֿען אין אייערע הענד, דאַן בענוגענט זיך ניט מיט אַ פּאָר רעפֿאָרמען, וועלכע בעריהרען פֿאַר קיין פֿאַל ניט די אורזאַכע פֿון די סאָציאַלע איבלען. עס איז צו אייער אייגענעם נוצען ניט צו פֿערברייננגען די צייט מיט גאָרנישט, זאָנדערן בעסער צונויפֿצוקלייבען אַלע קרעפֿטען און צו פֿערניכטען די אַלטע פֿערפֿוילטע פֿונדאַמענטען פֿון דער זאָגענאַנטער געזעלשאַפֿט. ברייננגט ניט אויס אייער צייט צו פֿערריכטען די אויסגעבראָכענע שויבען אָדער צו פֿער־שטאָפּען די לעבער; אַזוי ווי מען הייסט אייך טהאָן, ניין, מאַכט אַ גאַנצע שטיק אַרבייט, צושטעה־ט דעם אַלטען סיסטעם און שאַפֿט אַ בעסערע און גערעכטערע געזעלשאַפֿט!

---

# און נאַכדעם?

„און וואָס וועט דאַן זיין?״ אַזוי פֿרעגען פֿיעלע אָפּאָנענטען, נאָך דעם ווי מיר האָבען זיי ערקלעהרט די שלעכטע ווירקונגען פֿון דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע בעהערשט אונז, און אויפֿגעצייגט, אַז אונטער די יעצטיגע אומשטענדען איז ניט מעגליך קיין ווירקליכע רעפֿאָרמע; אַז אונטער דעם אונפֿערמיידליכען איינפֿלוס פֿון די יעצטיגע געזעלשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען פֿערוואַנדלען זיך די בעסטע פּלענער אין נייע מיטלען, אום צו פֿערגרעסערן דאס עלענד פֿון די פּראָלעטאַריער; אַז די, וועלכע האָבען אפילו די אַבזיכט צו העלפֿען די אַרבייטער, האָבען קיין אַנדער מיטעל ניט, ווי צו אַטאַקירען די געזעלשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען; און ווייל די רעגירונג וועט דאָס, פֿערשטעהט זיך, ניט ערלויבען, וואָלטען זיי געדאַרפֿט אַרויסרופֿען אַ רעוואָלוציאָן, כדי צו קענען אויספֿיהרען זייערע רעפֿאָרמען.

אָט דיזע רעוואָלוציאָן איז עס, פֿאַר וועלכע די מייסטע מענשען האָבען מורא; די אלגעמיינע אומוועלצונג פֿון אַלע געזעלשאַפֿטליכע איינריכטונגען, דער „כאַאָס״ שרעקט זיי אָב פֿאַר דעם מיטעל, אפילו ווען זיי האָבען שוין בעגריפֿען די אורזאַכען פֿון דעם איבעל.

„אפשר זייט איהר טאַקע גערעכט״, זאָגען זיי; „ס׳איז אמת, אַז די געזעלשאַפֿט איז שלעכט אָרגאַניזירט, אַן איבערבייט מוז שטאַטפֿינדען. די רעוואָלוציאָן? אפשר וועט זי קומען, איך ווייס ניט; אָבער וואָס וועט זיין נאָכדעם?״

אונזער ענטפֿער איז: נאָכדעם וועט זיין פֿאָלקאָמענע פֿרייהייט פֿאַר יעדען איינציגען, און אַלע וועלען האָבען די מעגליכקייט צו בעפֿרידיגען זייערע פֿיזישע, מאָראַלישע און גייסטיגע בעדירפֿניסע. ווען עס וועט מעהר ניט עקזיסטירען קיין אויטאָ־

ריטעט און קיין פּריוואַט־אייגענטהום, דאַן וועט די געזעלשאַפֿט זיך מעהר ניט גרינדען אויף דעם אַנטאַגאָניזם פֿון פֿערשידענע אינטערעסען, זאָנדערן אויף די פֿאָלקאָמענע סאָלידאַריטעט פֿון איהרע אַלע מיטגלידער; די מענשען וועלען זיין פֿערזיכערט מיט זייער עקזיסטענץ און מעהר ניט דאַרפֿען אָנקלייבען קיין פֿער־מעגען פֿאַר דער צוקונפֿט; אָט דערפֿאַר וועלען זיי זיך מעהר ניט בעטראַכטען אַלס פֿיינד איינער דעם אַנדערן צוליעב אַ שטיקעל ברויט אָדער צוליעב אַ פּלאַץ אין דער פֿאַבריק פֿון אירגענד אַן אויסבייטער. די אורזאַכען פֿון דעם געגענזייטיגען קאַמפּף און אַנטיפּאַטהיע וועלען זיין פֿערשוואונדען, און איבער־ראַל וועט עקזיסטירען אַ געזעלשאַפֿטליכע האַרמאָניע.

זיכער, א געוויסע קאָנקורענץ צווישען די פֿערשידענע גרופּען וועט אויך דאַן עקזיסטירען. פֿערשידענע אַנזיכטען איבער די אידעאַלע ציעלען און שטרעבונגען, וועלכע וועלען זיך אימער ווייטער און פֿאָלקאָמענער ענטוויקלען, וואָס מעהר די מענשען וועלען זיין אימשטאַנד צו בעפֿרידיגען זייער גייסטיגען פֿערלאַנג; אָבער אַזעלכע דיפֿערענצען וועלען קיינמאָל ניט אָנגעהן פֿאַר אַ לענגערע צייט, דערפֿאַר וויל קיינע קאָמערציעלע, שטאַאַטליכע אָדער אייגענטהומס־אינטערעסען וועלען דאַן ניט פֿערשפּאַרען דעם וועג פֿון אַ פֿערשטענדיגונג, און די יעניגע קאָנקורענטען, וועלכע זיינען געבליבען הינטערשטעליג, וועלען צו יעדער צייט קענען אָננעהמען דיזעלבע מעטהאָדען און אידעען פֿון זייערע פּראָגרעסיווע „אָפּאָנענטען".

*
* *

דאָס וואָס עס רופֿט היינט אַרויס דאָס עלענד, איז די אָנ־זאַמלונג פֿון די פּראָדוקטען, וועלכע פֿילען אָן די מאַגאַזינען, און רופֿען ציימענווייז אַרויס אַ צושטאַנד פֿון הונגער און אַרבייטס־לאָזיגקייט וועלכער האַלט אָן ביז וואַנען די מאַגאַזינען זיינען ווייטער אויסגעליידיגט געוואָרען. אָט דאָס אַליין בעווייזט שוין דעם ניט נאָרמאַלען צושטאַנד פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט.

אין דער געזעלשאַפֿט, צו וועלכע מיר שטרעבען, איז אַזאַ צושטאַנד אַן אונמעגליכע זאַך. וואָס מעהר פּראָדוקטען די מענ־

שען וועלען קענען פֿערנוצען, אַלץ לייכטער וועט זיין די האַר־מאָניע צווישען זיי, דערפֿאַר וואָס זיי זיינען ניט געצוואונגען צוצומעסטען יעדען איינעם די לעבענס־מיטעל, וועלכע מען ערלויבט איהם. וואָס מעהר עס וועט זיך ענטוויקלען די פּראָדוקציאָן, וואָס גרעסער עס וועט זיין דער אַלגעמיינער פּראָגרעס אין דער טעכניקע, אַלץ גרינגער וועט זיין די צאָהל פֿון די אַרבייטס־שטונדען, אַלץ מעהר וועט זיך די אַרבייט פֿערוואַנדלען אין אַ נויטווענדיגע גימנאַסטיק, אום צו ענטוויקלען די מוסקלען.

אין אַ נאָרמאַלער געזעלשאַפֿט וועט די אַרבייט פֿערלירען דעם כאַראַקטער פֿון פערזענליכע ליידען, וועלכען זי טראָגט היינט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. די אַרבייט וועט דאַן מעהר ניט זיין ווי אַ טהייל פֿון אַלע אַנדערע טהעטיגקייטען, מיט וועלכע די מענשען וועלען זיך בעשעפֿטיגע פֿאַר זייער אייגענעם פֿערגניגען, אָקוראַט ווי עס איז דער פֿאַל, ווען מען שטודירט אַ געוויסע זאַך; זי וועט זיין אַ נויטוועניגקייט, אום אויסצודריקען די פֿיזישע ענערגיע און דעם פערזענליכען טעמפּעראַמענט, ווייל די מענשען וואָלטען זיך זאָנסט פֿערוואַנדעלט אין געוועהנליכע פֿערדויאונגס־מאַשינען, אַזוי ווי אַ געוויסער סאָרט מוראַשקעס, וועלכע זיינען מעהר ניט אימשטאַנד זיך אַליין צו ערנעהרען, און וועלכע מוזען שטאַרבען פֿון הינגער, ווען זיי האָבען ניט קיין שקלאַפֿען, וואָס גיבען זיי צו עסען.

* * *

„געווים“, זאָגען אונזערע אָפּאָנענטען, „דאָס וואָס איהר פֿאָדערט איז זעהר גוט, עס איז זיכער דאָס העכסטע אידעאַל, וואָס די מענשהייט קען ווען פֿערווירקליכען, אָבער נאָך אלעם זייט איהר דאָך ניט אימשטאַנד צו בעווייזען, דאָס אַלצדינג וועט אָבגעהן אַזוי גלאַט, ווי איהר שטעלט זיך פֿאָר, אַז די שטאַרקע וועלען ניט צווינגען די שוואַכע צו אַנערקענען זייער ווילען, און אַז עס וועלען זיך גאָר ניט געפֿינען קיין פֿוילענצער, וועלכע וועלען פֿערזוכען צו לעבען אויף דעם רעכנונג פֿון די, וואָס אַרבייטען.“

„אויב עס גיט ניט קיין שום געזעץ צו רעגולירען די מאַ־

סען, ווי אַזוי קענט איהר בעווייזען, אַז די קומענדע רעוואָלוציאָן וועט אונז ניט פיהרען צוריק, אַנשטאָט פאָרווערטס?"

„און אויב מען וועט אייך בעזיעגען, וועט דאַן די בעוועגונג ניט אָבגעשטעלט ווערען פאַר צוואַנציג, דרייסיג אָדער פופציג יאָהר, אין אפשר נאָך לענגער? און אויב איהר וועט זיין די זיעגער, ווי אַזוי וועט איהר קענען פערהינדערן, אַז מענשען זאָלען ניט נעהמען ראַכע פאַר ריין פערזענליכע אינטערעסען? און ווער קען וויסען, צי איהר אַליין וועט ניט אונטערגעהן צווי־שען די מאַסען? פון וואָס פאַר אַ זייט מיר זאָלען ניט בעטראַכטען די פראַגע, וועלען מיר זיך שטענדיג מוזען רעכענען מיט די זעלבע קאָנסעקווענצען, מיט דער פרייער מאַניפעסטאַציאָן פון בעסטיאַלע ליידענשאַפטען, געוואַלט, ווילדקייט און די אַלע שווי־דעריליכקייטען, וועלכע קענען די מענשען אַמאָל שליידערן צוריק אין די ערשטע פעריאָדען פון זייער טהירישער ענטוויקלונג."

אונזער ענטפער איז פאָלגענדער: דער עקאָנאָמישער קריי־זיס אין דער היינטיגער געזעלשאַפט בעקומט פון יאָהר צו יאָהר אַ מעהר נעפעהרליכען כאַראַקטער; די אַרבייטסלאָזיגקייט ענט־וויקעלט זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער; די מעגליכקייט צו מאַכען אַ לעבען ווערט וואָס אַ טאָג שווערער, און די פאָליטישע פערפלאָנטערונג צייגט זיך אַרויס אַלץ קלאָהרער און דייטליכער און ענטוויקעלט זיך פאַראַלעל מיט דער וואַהנזיניגער פערבלענ־דונג פון די, וועלכע האַלטען די „לייצעס פון דער רעגירונג" אין זייערע הענד. אָט דערפאַר קומען מיר צו וואָס ווייטער אַלץ נעהנטער צו דער רעוואָלוציאָן, די אומשטענדען אַליין וועלען איהר אַרויסרופען און קיינער וועט איהר ניט קענען פערהינדערן; דערפאַר איז נייטיג, מיר זאָלען זיך צוגרייטען בייצייטענס, כדי מיר זאָלען וויסען, וואָס מיר האָבען צו טהאָן אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן, און אום צו האָבען די מעגליכקייט צו פער־ווירקליכען דורך איהר אונזערע פרינציפען און שטרעבונגען.

אָבער די מורא פאַר דאָס אונבעקאַנטע איז אַזוי שטאַרק, אַז ווען אונזערע אָפּאָנענטען אָנערקענען זאָגאַר שוין די לאָגיק פון אונזערע אַרגומענטען און גיבען צו די וואַהרהייט פון אונ־

זערע בעהויפטונגען, הויבען זיי ווייטער אָן צו פרעגען: „אמת, דאָס אַלעס איז ריכטיג, נאָר פון דעסטוועגען, וואָלט ניט געווען בעסער צו האַנדלען קליגער? אפשר וואָלט עס דאָך מעג־ליך געווען בּיסלעכווייז צו געהען פאָרוועררטס, לאָמיר בעסער אויסמיידען יעדע ברוטאַלע האַנדלונג. פיליכט וועט עס אונז דאָך געלינגען אַרויסצובעקומען געוויסע רעפאָרמען פון דער בורזשואַזיע!"

* * *

אויב מיר וואָלטען נאָר געהאַט צו האַנדלען מיט מענשען, וועלכע זיינען ניט ערנסט און וועלכע אָפּאָנירען גלאַט אין דער וועלט אַריין, וויל עס מאַכט זיי פערגניגען, דאַן וואָלט זיכער געווען דאָס בעסטע פון אונזער זייט, צו ענדיגען די דיסקוסיאָן. אָבער ליידער האָבען מיר זיך אָפּטמאָל צו רעכענען מיט אַזעלכע מענשען, וועלכע האָבען די בעסטע אַבזיכטען, וועלכע אַ מענש קען נאָר האָבען, נאָר דער קרייז, וועלכער רינגעלט זיי אַרום, זייער ערציהונג, די געוואוינהייט צו אונטערוואַרפען זיך דער אויטאָריטעט, דאָס אַלעס ווירקט אויף זיי און בעאיינפלוסט זייער אורטהייל. זיי גלויבען, אַז די וועלט וועט אונטערגעהן, ווען געוויסע אינסטיטוציאָנען וועלען פערשווינדען, זיי קענען זיך פאָר קיין פאַל ניט פאָרשטעלען אַ געזעלשאַפט אָהן געזעצע, ריכטער און פאָליציסטען, וואו די מענשען זאָלען קענען לעבען האַרמאָניש און ברידערליך, אָנשטאָט זיך איבערצושניידען די העלזער איינער דעם אַנדערן.

וואָס קען מען זיי ווירקליך ענטפערן?

זיי ווילען, מען זאָל זיי בעווייזען, אַז די געזעלשאַפט ענט־וויקעלט זיך ווירקליך אַזוי ווי מיר שטעלען זיך פאָר!

מיר קענען אויפווייזען די לאָגיק פון די טהאַטזאַכען און ציהען אונזערע שליסע, מיר קענען פערגלייכען די פערשיעדענע ערשיינונגען און זיי אַנאַליזירען, אָבער צו געבען אַזעלכע בעווייזע, וועלכע מען קען דירעקט אָנטאַפּען מיט די הענד, דאָס איז, פערשטעהט זיך, אונמעגליך. דער פראַקטישער פערזיך קען אַליין ענטשיידען אין דיזער בעציהונג, נאָר כדי צו קענען מאַכען דיזען

פֿערזוך, איז נויטווענדיג אָבצושאַפֿען די יעצטיגע גֶעזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן.

* * *

מיר קענען זיי בלויז נאָך געבען דעם פֿאָלגענדען ענטפֿער:

מיר האָבען אייך אויפֿגעוויזען אַז די היינטיגע געזעלשאַפֿט פֿעראורזאַכט דאָס עלענד, רופֿט ארויס דעם הונגער און האַלט אויף די אינוויסענהייט פֿון אַ גאַנצער קלאַסע—די צאָהלרייכסטע, וועלכע עקזיסטירט איבערהויפּט—זי פֿערהינדערט די ענטוויקלונג פֿון אַ נייער גענעראַציאָן, דורך דעם וואָס זי וואַרצעלט איין אין די הערצער פֿון דער יוגענד אסך אַלטע פֿאָראורטהיילען און ליידענס, אום אויפֿצוהאַלטען איהר עקזיסטענץ.

מיר האָבען אייך ווייטער אויפֿגעוויזען אַז אונזער גאַנצע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן האָט בלויז דעם צוועק צו פֿערזיכערן די אויסבייטונג פֿון דער גרויסער מאַסע דורך אַ קליינע מינאָריטעט פֿון פּריווילעגירטע.

מיר האָבען אייך געצייגט, אַז די שלעכטע פֿונקציאָנען פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿון איין זייט און די ענטוויקלונג פֿון די נייע שטרעבונגען צווישען די אַרבייטער פֿון דער צווייטער זייט, פֿיהרען אונז אונפֿערמיידליך צו דער רעוואָלוציאָן. וואָס נאָך זאָלען מיר אייך זאָגען?

אויב מיר דאַרפֿען שוין יאָ קעמפֿען, פֿאַר וואָס זאָלען מיר כאָטש ניט פֿערזיכען צו רעאַליזירען דאָס, וואָס עס וויזט זיך אונז אוים אַלס גוט און שעהן?

וועלען מיר זיין די זיעגער אָדער די בעזיעגטע? ווער קען דאָס וויסען? אויב מיר וועלען וואַרטען אזוי לאַנג, ביז וואַנען מיר וועלען זיין אין יעדער בעציהונג פֿערזיכערט, אַז מיר וועלען זיעגען, דאַן וועלען מיר דאַרפֿען וואַרטען הונדערטער און הונדערטער יאָהרען פֿאַר אונזער בעפֿרייאונג. און איבערהויפּט קענען מיר ניט דיקטירען די אומשטענדען, זעהר אָפֿט טרעפֿט עס זאָגאַר, אַז די אומשטענדען מאַכען אַוועק מיט אונז; אַלעס וואָס מיר קענען אָבער יאָ טהאָן, איז צוצוגרייטען זיך, כדי דער שטורם זאָל אונז ניט איינשלינגען. ווען די רעוואָלוציאָן וועט זיך ערשט

אָנפֿאַנגען, וועלען די אַנאַרכיסטען דאַרפֿען קאָנצענטרירען זייערע אַלע קרעפֿטען, כדי מיטצושלעפּען די מאַסען מיט זיך.

* * *

אַז עס וועלען פֿאָרקומען אַקטען פֿון פערזענליכער ראַכע אין דער קומענדער רעוואָלוציאָן, בלוט פֿערגיסונגען און געוויסע גרויזאַמקייטען, דאָס איז זעהר וואַהרשיינליך. אָבער וואָס קענען מיר טהאָן?

און ניט נאָר וואָס קיינער קען עס ניט פֿערהינדערן, נאָר קיינער דאַרף עס אויך ניט פֿערהינדערן. אויב די ענערגיע פֿון דער מאַסע וועט איבערשטייגען די ענערגיע פֿון די פּראָפּאַגאַנדיסטען, אַלץ בעסער וועט עס זיין. מעגען זיי דערשיסען אַלע, וועלכע וועלען פֿערזוכען צו שפּיעלען אַ געפֿיהלפֿאָלע קאָמעדיע. אויב זיי וועלען דאַרפֿען ליידען אונטער די געוואַלט־טהאַטען פֿון דער רעאַקציאָן, אום צו ראַטעווען איינינע אָפּפֿער, וועלען זיי זיך אויך קענען ערלויבען זיך אָבצורעכענען מיט די, וועלכע וועלען פֿערזוכען אָבצושטעלען די רעוואָלוציאָן, און וואָס וועלען זעהען צו פֿערהינדערן אַן אַטאַקע אויף די אינסטיטוציאָנען, וועלכע מוזען ווערען צושטעהרט אונטער אַלע בעדינגונגען.

אויב דער קאַמפּף וועט באַלד אין אָנפֿאַנג אָננעהמען אַ סענטימענטאַלען כאַראַקטער, וועט ער זיין אַ פֿערלאָרענער, נאָך איידער ער וועט זיך ריכטיג אָנפֿאַנגען, און דערפֿאַר דאַרפֿען מיר טהאָן אונזער בעסט, כדי די מאַסע זאָל איגנאָרירען אַלע פּראַזיאַען און פֿערניכטען אַלע הינדערניכע, וועלכע וועלען זיך איהר שטעלען אין וועג אַריין.

אַלעס וואָס מיר קענען טהאָן אין דיזער בעציהונג היינט צו טאָג, איז צו ערקלעהרען די אַ־בייטער, אַז עס האָט אַ גאַנץ קליינע בעדייטונג צו פֿערניכטען איינצעלנע אינדיווידועו, זייער הויפּט־קאַמפּף דאַרף זיך ריכטען געגען די אינסטיטוציאָנען, און אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציאָן, דאַרפֿען מיר אָנווענדען אונזערע אַלע קרעפֿטען צו פֿערניכטען די היינטיגע געזעלשאַפֿטליכע איינריכטונגען און זעהען צו פֿערהינדערן, זיי זאָלען זיך ניט ווייטער ענטוויקלען אונטער אַנדערע נעמען.

די גאַנצע קראַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט גרינדעט זיך אויף איהרע אינסטיטוציאָנען און אויף דעם גלויבען פון די אַרבייטער, אַז זיי דאַרפען זעהען אויפצוהאַלטען דיזע אינסטיטוציאָנען. די אונוויסענהייט פון די פּראָלעטאַריער און די ברוטאַלע געוואַלט פון די בורזשואַזע אינסטיטוציאָנען האַלטען אויף די גאַנצע זאָגענאַנטע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. אויב די קאַפּיטאַליסטען וואָלטען זיך געמוזט פערלאָזען אויף זייער אייגענער קראַפט, או ב די אַרבייטער וואָלטען ניט אַליין פערטהיידיגט די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע, וואָלט די רעוואָלוציאָן באַלד פאַרטיג געוואָרען מיט זיי. מיר זעהען אַלזאָ, אַז די אנדיווידוען אָן און פאַר זיך זיינען ניט זעהר געפעהרליך.

אָבער ווען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן וועלען זיך געפינען מענשען, וועלכע פערזוכען אָבצושטעלען די בעוועגונג, דאַן מוזען זיי טראָגען די קאָנסעקווענצען: זאָל דער שטורם זיי פערניכטען! אויב עס וועלען טראָץ דעם פאָרקומען אַקטען פון פערזענליכער ראַכע, דאַן בעווייזט עס נאָר איין זאַך, נעמליך, אַז די אָפּפער פון אַזעלכע אַקטען האָבען זיך אַליין געמאַכט אַזוי פערהאַסט ביי די מאַסען, אַז זי שטעלט זיך ניט צופרידען מיט דער פערניכטונג פון זייערע פּריווילעגיעס און זוכט אויך צו פערניכטען זייער פּערזענליכע עקזיסטענץ. דאָס איז אפילו ניט אַנגענעהם פאַר די, וועלכע פאַלען אַלס אָפּפער, אָבער עס וועט נאָך זיין פיעל ערגער פאַר די, וועלכע וועלען פערזוכען זיי צו פערטהיידיגען. די מאַסע געהט קיינמאָל ניט צו ווייט; עס זיינען נאָר די פיה׳ער, וועלכע דיינקען אַזוי, דערפאַר וואָס זיי האָבען מורא פאַר דער מאָראַלישער און פּראַקטישער פעראַנטוואָרטליכקייט.

לאָמיר זיך קיינמאָל ניט לאָזען בעאיינפלוסען פון לעכערליכע סענטימענטאַלע שטרעבונגען, אפילו ווען דער צאָרן פון דער מאַסע וועט זיך אויסגיסען אויף אַזעלכע פּערזאָנען, וועלכע זיינען מעהר אָדער ווייניגער אונשולדיג. מיר דאַרפען זיך נאָר דערמאָהנען אין די אונצעהלבארע אָפּפער, וועלכע פאַלען יעדען טאָג אונשולדיגערהייט, אום צו פערמעהרען דעם פּראָפיט פון דער בורזשואַזיע און אום אָנצושטאָפּען דעם שטענדיג הונגעריגען מאָגען

פֿון'ם קאַפּיטאַליזם. אין ווען מען וועט אויפֿהייגגען אייניגע בורזשואַס פֿאַר זייערע הייזער אָדער זיי אַריינוואַרפֿען אין טייך אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציאָן, דאַן וועט עס מעהר ניט זיין ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם שרעקליכען האַס, וועלכען זייער אייגענע קלאַסע האָט איבעראַל אַרויסגערופֿען. קיינער קען דאָס ניט פֿערהינדערן, און ווער עס איז אין אַזעלכע מאָמענטען ניט פֿיר די מאַסע איז געגען איהר.

פֿאַר אונז אַרבייטער איז די לאַגע גאַנץ קלאָהר: פֿון איין זייט זעהען מיר די היינטיגע געזעלשאַפֿט מיט איהר צושטאַנד פֿון הונגער און עלענד, וואו קיינער פֿון אונז איז ניט פֿערזיכערט מיט דעם שטיקעל ברויט פֿאַר מאָרגען, איבעראַל ליידען און שמערצען, קאָרופּציאָן און ערנידעריגונג, אַ צושטאַנד, וועלכער צווינגט אונז צו אונטערדריקען יעדען עדעלען געדאַנק, אַלע גוטע, שעהנע און גערעכטע שטרעבונגען אין אונזערע הערצער; — פֿון דער אַנדער זייט זעהען מיר די צוקונפֿט, אַן אידעאַל פֿון פֿרייהייט און גליק, פֿון גייסטיגער און פֿיזישער צופֿרידענהייט, אַ צושטאַנד, וואו די מענשליכע אינדיווידואַליטעט קען זיך פֿאָלקאָמען ענטוויקלען לויט איהרע אינערליכע פֿעהיגקייטען! מיר האָבען אָבגעמאַכט אונזער מיינונג. זאָל אונז די קומענדע רעוואָלוציאָן בריינגען וואָס עס וועט זיין, איין זאַך איז זיבער, עס קען ניט זיין ערגער ווי די בעדינגונג פֿון אונזער יעצטיגען לעבען. מיר האָבען קיין זאַך ניט צו פֿערלירען און אַלעס צו געווינען דורך אַ סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. אַלץ ערגער וועט עס זיין פֿאַר די, וועלכע ווילען אונטערגעהן אין דעם קומענדען שטורם דערפֿאַר וואָס זיי זוכען אויפֿצוהאַלטען די פֿערפֿוילטע פֿונדאַמענטען פֿון דעם יעצטיגען סיסטעם. אויב זיי ווילען ניט טראָגען דיזע קאָנסעקווענצען, זאָלען זיי זיך שטעלען אויף די זייט פֿון די צושטעהרער.

---

# די פּראַקטישקייט פֿון אנאַרכיזם.

„אין דער טהעאָריע זיינען אייערע אידעען זעהר גוט, נאָר זיי זיינען ניט פּראַקטיש; די מענשען דאַרפֿען אַ פּיהלבאַרע מאַכט, וועלכע זאָל זיי רעגירען און זיי צווינגען צו רעספּעקטירען דעם געזעלשאַפֿטליכען אָבמאַך." דאָס איז געוועהנליך דער לעצטער אַרגומענט, וועלכען די פֿערטהיידיגער פֿון דעם יעצטיגען רעזשים ווענדען אָן, נאָכדעם ווי מיר האָבען זיי פֿערענטפֿערט אַלע פֿראַגען און אויפֿגעציינט, אַז דער אַרבייטער האָט ניט צו ערוואַרטען קיין שום פֿערבעסערונג פֿון זיין לאַגע, אַזוי לאַנג ווי ער וועט העלפֿען אויפֿהאַלטען דעם מעכאַניזם פֿון דער יעצטיגער סאָציאַלער אָרדנונג.

„אייערע אידעען זיינען זעהר שעהן, אָבער מען קען זיי ניט אָנווענדען אין דער פּראַקטיקע; דער מענש איז נאָך ניט גענוג ענטוויקעלט, כדי ער זאָל קענען לעבען אין אַזאַ אידעאַלען צושטאַנד. ער מוז פֿריהער ווערען פֿאָלקאָמען, איידער איהר וועט זיין אימשטאַנד צו פּראַקטיצירען אייערע אידעען" — אָט דאָס זיינען די ווערטער פֿון פֿיעלע מענשען, וועלכע זיינען גאַנץ ערנסט, נאָר זיי שטעהען נאָך אונטער דעם איינפֿלוס פֿון זייער ערציהונג און די אַלטע געוואוינהייטען, און די אַנאַרכיסטישע אידעע האָט זיי נאָך ניט גענוג איבערציינט, כדי זיי זאָלען אָנהויבען אַרבייטען פֿאַר איהר פֿערווירקליכונג.

אויסער דיזע דירעקטע געגנער און די אינדיפֿערענטע, וועלכע קענען נאָך ווערען אָנהייגער פֿון אונזערע אידעען, גיט עס נאָך אַ דריטע קאַטעגאָריע, וועלכע איז פֿיעל געפֿעהרליכער פֿאַר אונז ווי אַ דירעקטער געגנער. די לעצטע זיינען כלומרש'ט גאַנץ בעגייסטערט פֿון אונזערע אידעען; זיי ערקלעהרען ביי יעדער

געלעגענהייט, אַז עס גיט ניט קיין גרעסערער אידעאַל, אַז די היינטיגע געזעלשאַפֿט האָט איבערהויפּט קיין ווערטה ניט און מוז אונטערגעהן צוליעב די נייע אידעען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך דעם ציעל, צו וועלכען די מענשהייט שטרעבט א. ז. וו. „אָבער דיזע אידעען קענען יעצט ניט פּראַקטיצירט ווערען,” אַזוי ערקלעהרען זיי ווייטער, „מען דאַרף פֿריהער פֿאָרבערייטען די מענשהייט, כדי זי זאָל קענען פֿערשטעהן אַזאַ גליקליכען צו־שטאַנד.” און כדי צו זיין פּראַקטיש רעקאָמאַנדירען זיי דיזעלבע רעפֿאָרמען, פֿון וועלכע מיר האָבען פֿריהער אויפֿגעצייגט, אַז זיי קענען קיין זאַך ניט איבערמאַכע. זיי פֿעראייביגען די אַלטע פֿאָראורטהיילען, זיך אונטערלעקענדיג ביי די, צו וועלכע זיי רייד־דען, און זוכען פערזענליך צו פּראָפּיטירען וואָס מעהרער פֿון דער היינטיגער אָרדנונג. די פֿאָלגע איז, אַז דער אידעאַל פֿער־שווינדעט ביסלעכווייז אין גאַנצען און לאָזט מעהר ניט איבער ווי אַן אינסטינקט אויפֿצוהאַלטען דעם יעצטיגען געזעלשאַפֿטליכען רעזשים.

*
* *

עס איז ליידער נאָר צו ריכטיג, אַז די אידעען, וועלכע בילדען דעם ציעל פֿון אונזערע שטרעבונגען, זיינען ניט באַלד צו רעאַליזירען. די צאָהל פֿון זייערע אָנהייגער איז פֿאָרלויפֿיג נאָך צו קליין, כדי זי זאָל קענען האָבען אַן ענטשיידענדען איינ־פֿלוס אויף די געגענווערטיגע עראייגניסע און אויף די פֿינקציאָן פֿון דעם סאָציאַלען אָרגאַניזם. אָבער איז דען דאָס אַ גרונד ניט צו אַרבייטען פֿאַר זייער פֿערווירקליכונג?

אויב אַ מענש איז איבערצייגט פֿון דער וואַהרהייט און גערעכטיגקייט פֿון זיינע פּרינציפּען, פֿאַר וואָס זאָל ער דען ניט פֿערזוכען צו פּראַקטיצירען זיינע פּרינציפּען? אויב יעדער איינ־ציגער ווערט זאָגען: ס'איז אונמעגליך און וועט זיך רוהיג ווייטער שלעפּען מיט דעם אַלטען יאָך, וועלכעס די היינטיגע געזעלשאַפֿט האָט אַרויפֿגעלייגט אויף איהם, דאַן וועט די הערשאַפֿט פֿון'ם קאַפּיטאַליזם נאָך עקזיסטירען פֿאַר הונדערטער און הונדערטער יאָהרען.

ווען די ערשטע דיינקער, וועלכע האָבען בעקעמפפט די קירכע און מאָנאַרכיע, פּראָקלאַמירענדיג די אידעע פֿון דער מענשליכער אונאַבהייננגיגקייט, ווען דיזע מענער, וועלכע זיינען געשטאָרבען אויף דעם עשאַפאָט פֿאַר זייערע אידעאַלען, ווען זיי וואָלטען איינפֿאַך ערקלעהרט: „ס'איז אונמעגליך וואָס צו טהאָן", ווען זיי וואָלטען זיך בלויז בענוגענט מיט שעהנע חלומות, דאַן וואָלטען מיר נאָך היינט געלעבט אונטער דער טיראַניי פֿון די גלחים און דעם פֿעאָדאַליזם.

אָט דערפֿאַר, וואָס עס האָבען שטענדיג עקזיסטירט אַזעלכע „אונפּראַקטישע" מענשען, וועלכע זיינען איבערצייגט געווען פֿון דער וואַהרהייט פֿון זייערע אידעען און האָבען פֿערזוכט מיט זייער גאַנצער קראַפֿט צו פֿערשפּרייטען זייערע נייע אַנשויאונגען, דערפֿאַר איז דער מענש היינט בעקאַנט מיט זיין געשיכטע, זיין שטעלונג אין דער נאַטור. דערפֿאַר האָט ער אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך דעם יאָך, וועלכען דער אַבערגלויבען אין די געטליכע און מענשליכע אויטאָריטעט האָט אַרויפֿגעלייגט אויף איהם.

* * *

מ. גויאָ אין אַ וואונדערבאַרען קאַפּיטעל פֿון זיין מייסטערווערק: „גרונדלאַגען פֿון אַ מאָראַל אָהן אויטאָריטעט און אָהן פֿליכטע", ענטוויקעלט דיזע אידעע קלאָהר און דייטליך: ער זאָגט: „דער, וואָס האַנדעלט ניט ווי ער דיינקט, דיינקט ניט פֿאָלקאָמען." קיין זאַך איז ניט אַזוי ריכטיג ווי דיזע ווערטער. ווען מען איז ריכטיג איבערצייגט פֿון אַן אידעע, דאַן איז עס איינפֿאַך אונמעגליך, מען זאָל איהר ניט זעהען צו פּראָפּאַגאַנדירען און פֿערזוכען איהר צו פֿערווירקליכען.

ווי אָפֿט טרעפֿט עס, אַז עס מאַכט זיך אַ שטרייט צווישען פֿריינדע צוליעב די לעבערליכסטע אורזאַכען; יעדער בלייבט פֿעסט ביי זיין אייגענער מיינונג, נאָר דערפֿאַר וואָס ער איז איבערצייגט, אַז ער איז גערעכט. און דאָך וואָלט עס געווען אַ קלייניגקייט פֿאַר אונז צו בעפֿרידיגען אונזער פֿריינד אָדער כאָטש אויסמיידען איהם שמערצען צו פֿערשאַפֿען; מיר וואָלטען מעהר ניט געדאַרפֿט ווי איהם לאָזען רעדען, ווייל די גאַנצע אָנגעלע-

געגהייט איז אזוי ווייניג וויכטיג, אַז זי בעריהרט גאָרניט אונזער פערזענליכע איבערצייגונג — פאַרוואָס זאָל ער אַלזאָ ניט האָבען זיין אייגענעם וועג? און ווי אָפט טרעפט עס, אַז עס מאַכט זיך אַ דיסקוסיאָן וועגען אַ פראַגע, איבער וועלכע מיר האָבען איי־בערהויפט קיין בעשטימטע מיינונג ניט; אָבער ווי באַלד מיר הויבען גאָר אָן צו דיסקוטירען, האָבען מיר שוין אַ מיינונג, מיר פערטרעטען אַ געוויסע שטעלונג און פאַנגען אָן זיך צו קריגען מיט אונזער פריינד, פערטהיידיגענדיג אונזער אייגענע מיינונג. ווען מענשען האַנדלען שוין אַזוי צוליעב אַזעלכע קלייניגקייטען, ווי שטאַרק מוז אַלזאָ זיין דער קאַמפף, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ פראַגע איבער די צוקונפט פון דער מענשהייט, איבער די בעפרייאונג פון אונזער קלאַסע, פון אונזערע קינדער און אונז אַליין!

* * *

קיין צווייפעל ניט, מיר פערשטעהען גאַנץ גוט, אַז ניט יעדער איינציגער האָט דיזעלבע ענערגיע צו קעמפפען געגען די היינטיגע אינסטיטוציאָנען. דער טעמפעראַמענט און כאַראַקטער פון די מענשען איז פערשידען. די שוועריגקייטען זיינען צו גרויס, די אָרעמקייט צו שרעקליך און די פערפאָלגונגען אַזוי צאָהלרייך, אַז מיר קענען זעהר גוט פערשטעהן, וואָרום עס גיט אַ גראַ־דענווייזער אונטערשיעד אין דער פראָפּאַגאַנדאַ פאַר אונזערע גערעכטע אידעען. אָבער די האַנדלונגען פון די מענשען זיינען שטענדיג אין אָנקלאַנג מיט דער ערנסטקייט און דעם מוטה פון אונזערע איבערצייגונגען. זעהר אָפט לאָזען מיר זיך בעאיינפלו־סען דורך אונזערע פאַמיליערע אָנגעלעגענהייטען, אינזערע געזעל־שאַפטליכע בעציהונגען און די נויטווענדיגקייט צו פערדינען דאָס שטיקעל ברויט; אָבער ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דיזער איינ־פלוס, אַ ווירקליכער מענש וועט קיינמאָל ניט רוהיג אַרונטער־שלינגען אַלע געמיינהייטען און דערטראָגען גדולדיג אַלע ני־דעריגקייטען, וועלכע רינגלען אונז אַרום פון אַלע זייטען. פריהער אָדער שפּעטער מאַכט זיך ביי איהם אַ מאָמענט, ווען ער פער־געסט זיך אין יעדער געפאַהר און דערמאָהנט זיך, אַז ער איז אַ

מענש, אַז ער האָט געטרוימט פֿון עפּעס בעסערעס, ווי די צושטענדען, אונטער וועלכע ער האָט זיך אונטערוואָרפֿען.

אַ מענש, וועלכער איז ניט פֿעהיג צו אָפּפֿערן וואָס עס איז פֿאַר זיינע איבערצייגונגען און פּרינציפּען, האָט איבערהויפּט קיינמאָל ניט געהאַט אַ ריכטיגע איבערצייגונג; ער האָט זיך אויסגעפּוצט מיט אַ נאָמען, דערפֿאַר ווייל עס איז מאַנכעס מאָל זעהר אָנגענעהם אָדער ווייל ער דאַרף אַ פּרינציפּיעלע ענטשולדיגונג פֿאַר געוויסע האַנדלונגען. זייט פֿאָרזיכטיג מיט אַזעלכע מענשען, פֿערטרויט זיך ניט אין זיי, זיי וועלען אייך שטענדיג בעטריגען. וואָס אָנבעלאַנגט די, וועלכע בענוצען זיך מיט די היינטיגע אינסטיטוציאָנען, מאָטיווירענדיג זייער האַנדלונג מיט דער ערקלעהרונג, אַז מיט זייער טאַקטיק העלפֿען זיי מיט צו פֿערשפּרייטען די נייע אידעען, האָבען מיר נאָר איין זאַך צו בעמערקען: זייט פֿאָרזיכטיג! עס זיינען מענשען פֿול מיט אַמביציאָן, וועלכע רעדען צו אייך פֿון אַ בעסערער צוקונפֿט, כדי זיי זאָלען קענען רוהיג געניסען די געגענוואַרט.

עס איז אַלזאָ גאַנץ קלאָהר, אַז אונזערע אידעען לאָזען זיך ניט מיט אַמאָל פֿערווירקליכען, מיר וועלען דאָס קיינמאָל ניט אָבלייקענען; אָבער זייער פֿערווירקליכונג ווענדעט זיך אין דער ענערגיע פֿון די, וועלכע פֿערשטעהען זיי. וואָס שטאַרקער עס איז די קראַפֿט פֿון דער פּראָפּאַגאַנדאַ, אַלץ גיכער וועלען דיזע אידעען רעאַליזירט ווערען. מיר דאַרפֿען ניט בלייבען גלייכגילטיג צו די היינטיגע אינסטיטוציאָנען, נאָר מיר מוזען זיי בעקעמפֿען מיט אונזער גאַנצער קראַפֿט, און דערפֿאַר דאַרפֿען מיר קיינמאָל ניט בעהאַלטען אונזערע ווירקליכע אידעען.

כדי צו בעקעמפֿען די היינטיגע אינסטיטוציאָנען, צו אַרבייטען פֿאַר דעם פּראָגרעס פֿון די נייע אידעען, איז נייטיג ענערגיע, און נאָר די אינערליכע איבערצייגונג איז פֿעהיג אַרויסצורופֿען די ענערגיע פֿון די מענשען. די יעניגע, וועלכע אַרבייטען שוין יעצט פֿאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ, דאַרפֿען אַלזאָ זעהן צו געווינען נייע איבערצייגטע קרעפֿטען, וועלכע זאָלען זיי אונטערשטיצען אין זייער אַרבייט.

* * *

מיר האָבען פֿר הער שוין ערקלעהרט, אַז רעפֿאָרמען זיינען נוצלאָז, און פֿאָלגליך דאַרפֿען מיר זיי ניט רעקאָמאַנדירען די אַרבייטער אַלס רפֿואות צו קורירען די סאָציאַלע קראַנקהייט. אויסערדעם ווייסען מיר, אַז די מאַכט פֿון די אומשטענדען גיפֿא פֿיהרט די אַרבייטער אַליין נעהנטער צו דער רעוואָלוציאָן: דער עקאָנאָמישער קריזיס, די געצוואונגענע אַרבייטסלאָזיגקייט, די טעכנישע ענטוויקלונג, די פּאָליטישע שטרייטיגקייטען, דיזע אַלע ערשיינונגען צווינגען די אַרבייטער וואָס ווייטער אַליין מעהר צו רעוואָלטירען און צו פֿערטהיידיגען זייער רעכט צו עקזיסטירען. אויב מיר זיינען אַלזאָ איבערצייגט, אַז די רעוואָלוציאָן איז אונ־פֿערמיידליך, אַז קיינע רעפֿאָרמען קענען ניט העלפֿען, דאַן בלייבט אונז מעהר ניט איבער ווי זיך צוצוגרייטען צום קאַמפּף. און דאָס איז אונזער גאַנצע אויפֿגאַבע, דערפֿאַר מאַרשירען מיר דירעקט צו אונזער ציעל, איבערלאָזענדיג צו די אַמביציאַנעלע פּאָליטיקער דעם געשעפֿט צו פֿערשאַפֿען זיך אַ גוטע פּאָזיציע אויף דעם רעכנונג פֿון די ליידענדע און אונטערדריקטע.

*
* *

אָט פונקט דאָ הויבט זיך אויף אַ נייער אַרגומענט: „אויב איהר גיט אַליין צו, אַז אייערע אידעען קענען איצט ניט פֿער־ווירקליכט ווערען”, פֿרעגט מען אונז, „פֿאַר וואָס אַגיטירט איהר אין גאַנצען פֿאַר אַזאַ אידעאַל? מיינט דען דאָס ניט גלאַט צו איגנאָרירען די היינטיגע דורות צוליעב דער צוקינפֿטיגער מענשהייט און צו פֿאָדערן פֿון זיי, זיי זאָלען קעמפֿען פֿאַר אַן אידעאַל, וועלכעס קען פֿאָרלויפֿיג איבערהויפּט ניט פּראַקטיש פֿערווירקליכט ווערען?”

מיר איגנאָרירען פֿאַר קיין פֿאַל ניט די יעצטיגע דורות, נאָר מיר מוזען אַנערקענען די טרוקענע פֿאַקטען פֿון דער געשיכטע; מיר האָבען אייך ניט די אַבזיכט צו גיסען קאַלטע וואַסער אויף די ענטוזיאַסטען. מיר נעהמען די פֿאַקטען אַזוי ווי זיי זיינען, מיר אַנאַליזירען זיי און ציהען אונזערע שליסע. און דיזע שליסע זיינען פֿאָלגענדע: אַ קלאַסע, וועלכע בעזיצט אַלצדינג און וועלכע ענטזאַגט זיך מיט דער גרעסטער ענערגיע אָבצוגעבען איהרע

פּריווילעגיעס — און פֿון דער צווייטער זייט אַ קלאַסע, וועלכע פּראָדוצירט אַלצדינג און בעזיצט קיין זאַך ניט, אַ קלאַסע, וועלכע האָט קיין אַנדער אויסוועג ניט, ווי אָדער זיך פֿייג צו אונטערוואַרפֿען צו דער טיראַנייַ פֿון איהרע עקספּלואַטאַטאָרס, צו וואַרטען מיט אַ שקלאַפֿישער געדולד, ביז וואַנען מען וועט זיי צורוואַרפֿען פֿון צייט צו צייט אַ ביינדעל פֿון דעם רייכענס מאָהלצייט און צו דערשטיקען אין זיך יעדעס געפֿיהל פֿון מענשליכער ווירדע, יעדען סימן פֿון אַ כאַראַקטער, אָדער זיך אויפֿצוהייבען און צו פֿאָדערן מיט ענערגיע אַלעס דאָס, וואָס זי האָט ביז יעצט ניט געקענט בעקומען דורך אונטערטעניגקייט און קאָמפּראָמיסען. געוויס, פֿאַר די וואָס דיינקען שטענדיג אין זייער אייגענע פּערזענליכקייט, פֿאַר די, וועלכע ווילען לעבען אַ גוטען טאָג, וואָס עס זאָל זיי ניט קאָסטען, פֿאַר זיי איז דאָס אַ שלעכטע אויסזיכט. מיר וואָלטען העכסט צופֿרידען געווען, ווען אַזעלכע מענשען זאָלען זיך וואָס פֿעסטער ארויפֿבאַפּען אויף דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, איבעראַל זוכען זיי זייער פּערזענליכען נוצען, ניט קוקענדיג אויף די אָפּפֿער, וועלכע זיי פֿערניכטען, נאָר מיט אונז האָבען זיי קיין זאַך ניט צו שאַפֿען.

* *
*

אָבער די וואָס זיינען איבערצייגט, אַז זיי וועלען קיינמאָל ניט זיין פֿריי, אַזוי לאַנג ווי דער שוואַכסטער פֿון זייערע ברידער וועט נאָך זיין פֿערשקלאַפֿט, די, וועלכע קענען ניט זיין גליקליך, אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען ניט פֿערזיכערט, אַז זייער גליק גרינדעט זיך אויף די טרעהרען פֿון אַ ברודער, אָט צו זיי ווענדען מיר זיך און זוכען זיי צו ערקלעהרען, אַז אום צו זיין פֿריי, דאַרף מען קעמפֿען פֿאַר דער בעפֿרייאונג.

מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז די מענשהייט וועט קיינמאָל ניט זיין פֿריי, אויב זי וועט ניט פּראַקטיצירען אונזערע אידעען און אַנשויאונגען. די מענשהייט האָט אַליין צו ענטשיידען, צי זי וויל זיך פֿאָלשטענדיג בעפֿרייען מיט איין מאָל, צי אַ קליינע פּריווילעגירטע מינאָריטעט זאָל ווייטער געניסען אַלע רעזולטאַטען פֿון׳ם מענשליכען פּראָגרעס און לעבען אויף דעם רעכנונג פֿון

די, וועלכע פּראָדוצירען אַלצדינג אין געהען אונטער אין עלענד און נויט.

וועלען מיר אַליין נאָך דערזעהן דעם זונען־אויפגאַנג פון דער נייער צייט? אָדער וועט ערשט דער נייער דור אָדער נאָך שפּעטערע דורות האָבען דאָס גליק? מיר ווייסען עס ניט, אָבער מיר זאָרגען זיך אויך ניט וועגען דעם. איין זאַך אָבער ווייסען מיר יאָ: די, וואָס וועלען האָבען גענוג ענערגיע און מוטה אין זייערע הערצער און דעם פעסטען ווילען צו זיין פריי, וועלען זיי אויך זיכער געפינען דעם וועג צו דער פרייהייט.

---

# די וואהרהייט אהן פראזען.

קיין צווייפעל ניט, דאָס, וואָס מיר האָבען געזאָגט אין אונזערע אַלע אָבהאַנדלונגען, איז פונקט דער געגענטהייל פון דעם וואָס די פּאָליטישע פּאַרטייען בעהויפּטען, וועלכע פערשפּרעכען זייערע וועהלער גאַנצע גליקען און אַן אמת׳ען גן עדן אויף דיזער וועלט פאַר אַלע די, וועלכע אונטערשטיצען זיי און לעגען אַריין זייער שיקזאַל אין זייערע הענד. אָבער מיר אַנאַרכיסטען, וועלכע האָבען ניט קיין פּערזענליכען אינטערעס צו פּראָפּיטירען וואָס עס איז פון די פערבלענדונג פון די מאַסען, מיר, וועמענס גאַנצער שטרעבען עס איז צו ענטוויקלען אין די מאַסען דעם בעוואוסטזיין, אַז זיי דאַרפען זיך אַליין פיהרען און האַנדלען זעלבסטשטענדיג, מיר האָבען ניט קיין אורזאַכע צו בעטריגען די אַרבייטער מיט פוסטע האָפנונגען און פראַזען. אום צו געבען אונזערע געדאַנקען מעהר קראַפט און אונזערע האַנדלונגען אַ בעשטימטען כאַראַקטער, איז פריהער נויטווענדיג, מיר זאָלען אַליין זעהען קלאָהר דעם וועג, וועלכען מיר דאַרפען געהען און צו בעפרייען זיך פון אַלע פאָראורטהיילען און אילוזיעס, וועלכע קענען אונז אַראָבפיהרען פון ריכטיגען וועג.

אונזערע אידעען קענען נאָר דאַן רעאַליזירט ווערען, ווען זיי שטיצען זיך אויף דער ענערגיע פון די, וועלכע פערשטעהען זיי און וועלכע זוכען זיי צו פערשפּרייטען און צו ערקלעהרען צווישען די פאָלקס־מאַסען. דער ערפאָלג איז אָבהייגיג פון דער קראַפט, וועלכע מיר וועלען בעווייזען אין דער קומענדער רעוואָלוציאָן; אָבער אַזוי ווי מיר קענען דיזע קראַפט ניט באַלד אָנווענדען אויף׳ן פלאַץ, אַזוי ווי מיר זיינען ליידער ניט אימשטאַנד זאָפאָרט איבערצוביטען אונזערע טהעאָריען אויף דער פּראַקטישער ווירקליכקייט, דאַרפען מיר איין פאַר אַלע מאָל אַנערקענען, אַז עס

גיט געוויסע הינדערניסע אויף אונזער וועג. אויב מיר וואָלטען געהאַט די מעגליכקייט צו רעאַליזירען אונזערע אירעען יעדען טאָג, דאַן וואָלט עס געווען אַ פֿערברעכען פֿון אונזער זייט זיך אָבצושטעלען פֿאַר אַ מינוט און ניט צו לייזען די פֿראַגע. מיט וואָס פֿאַר הינדערניסע מיר זאָלען זיך ניט בעגעגענען, דאַרפֿען מיר זיך שטענדיג רעכענען מיט זיי, און אָנשטאָט זיי אָבצולייקענען אין גאַנצען, דאַרפֿען מיר בעסער זעהען זיי צו בעזיעגען.

איבערהויפט האָט אונזער גאַנצע פּראָפּאַגאַנדאַ נאָר די אויפֿגאַבע, אַז אונזערע אידעען זאָלען געפֿינען אַ פּראַקטישען אָבקלאַנג צווישען די מאַסען, אויב עס וואָלט מעגליך געווען זיי צו רעאַליזירען באַלד אויף׳ן אָרט, וואָלטען מיר זיך געקענט פֿערשפּאָרען צו אַגיטירען, ווייל די אומשטענדען אַליין וואָלטען זיי פֿערווירקליכט.

מיר דאַרפֿען זיך צוגעוואוינען צו בליקען אויף אַלע ערשיינונגען מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט און ניט קוקען אויף זיי דורך די שפּאַקולען פֿון אונזערע פּערזענליכע ווינשע און בעדירפֿניסע. קליינגייסטיגקייט איז אין דיזער בעציהונג די גרעסטע געפֿאַהר. וואָס מיר זוכען, איז די וואַהרהייט און קיין זאַך ניט ווי נאָר די וואַהרהייט! אויב מיר נאַרען זיך אַליין אָב, נאַרען מיר אויך אַנדערע, און די רעוואָלוציאָן וואָלט זיך בעדאַרפֿט אָנהויבען פֿון דאָס ניי.

* * *

מייסטענטהיילס, ווען אונזערע אָפּאָנענטען האָבען שוין מעהר קיין אַנדערע אַרגומענטען ניט, הויבט מען אויף די פֿראַגע וועגען דער אונפּראַקטישקייט פֿון אונזערע אידעען. מיר מוזען צוגעבען, אַז די פֿראַגע רופֿט שטענדיג אַרוים אַ געוויסע פֿערלעגענהייט, דערפֿאַר וואָס אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט מאַכען אונזערע אידעען, פֿערשטעהט זיך, אַן אוטאָפּיסטישען איינדרוק. עס איז, אָהן אַ צווייפֿעל, זעהר שווער פֿאַר אַ מענשען, וועלכער האָט קיינמאָל ניט טיעפֿער נאָכגעדיינקט איבער די געזעלשאַפֿטליכע ערשיינונגען, וואָס רינגלען איהם אַרום פֿון אַלע זייטען, עס איז זעהר שווער פֿאַר אַזאַ מענשען זיך פֿאָרצושטעלען אַ

געזעלשאַפֿט אָהן אַ רעגירונג, אָהן געזעצע, אָהן ריכטער, אָהן פּאָליציסטען, אָהן אַ רוט, אַ געזעלשאַפֿט אָהן געלד און אָהן וואָס פֿאַ־ עס איז ניט מיטעל אָבצושאַצען דעם ווערטה פֿון די פּראָדוקטען, זעהענדיג אין דערזעלבער צייט די אַלע פֿערברעכען, וואָס קומען פֿאָר אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, טראָץ דעם שוּץ פֿון די געזעצע; וואָס וועט ערשט זיין, ווען עס וועלען איבערהויפט קיין געזעצע מעהר ניט עקזיסטירען?

דיזע פֿראַגע לאָזט זיך ניט פֿערענטפֿערן מיט בעשטימטע פֿאַקטען, דען דאָס, וואָס מיר ווילען איז נאָך אַלעם דעם פֿאָרלויפֿיג ניט מעהר ווי אַ טהעאָריע, אַ חלום. מיר קענען אָנדייטען אויף די גרויסע שטרעבונגען, וועלכע פֿיהרען די מענשהייט אַלץ ווייטער און ווייטער, אויף די קליינע פֿערזוכע, וועלכע זיינען שוין געמאַכט געוואָרען אין דיזער ריכטונג; אָבער וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָבען אַזעלכע ארגומענטען פֿאַר אַ מענשען, וועמענס מוח עס איז אָנגעשטאָפּט מיט פֿאָראורטהיילען, און וועלכער קען נאָר בעגרייפֿען אַ קליינע פֿערבעסערונג פֿון דעם וואָס עקזיסטירט, אָבער פֿאַר קיין פֿאַל ניט קיין אַלגעמיינע אומוועלצונג פֿון אַלע געזעלשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען!

זאָלען מיר אָבלייקענען אין גאַנצען די בעדייטונג פֿון דיזער פֿראַגע? דאָס וואָלט געוועזען דיזעלבע טאַקטיק פֿון דעם שטרויספֿויגעל, וועלכער שטעקט דעם קאָפּ אַריין אין דעם זאַמד פֿון דער וויסטע, דייקענדיג אַז דער פֿיינד וועט איהם ניט זעהן, דערפֿאַר וואָס ער זעהט דעם פֿיינד ניט. די פֿראַגע וואָלט פֿון דעסטוועגען ווייטער עקזיסטירט, צי מיר זאָלען איהר אָבלייקענען, צי ניט. זאָלען מיר איהר זוכען צו פֿערענטפֿערן מיט סאָפֿיסטישע דריידלאַך? מען וואָלט אונז באַלד אַריינגעטריבען אין אַ ווינקעל, און מיר וואָלטען געדאַרפֿט אָנווענדען נייע סאָפֿיסטישע אַרגומענטען, וואָס זיינען ניט געשטיגען און ניט געפֿלויגען, כדי זיך ווידער אַרויסצודרייען. פֿערשטעהט זיך, אַז אונזערע אידעען וואָלטען קיין זאַך ניט געוואונען דורך אַזעלכע לעבערליכקייטען. אויב מיר האָבען ווירקליך די אַבזיכט צו מאַכען אונזערע אידעען וואָס קלאָהרער און פֿערשטענדליכער און צו געפֿינען אַן ענטפֿער־

אויף יעדע פֿראַגע, דאַן דאַרפֿען מיר אַליין זעהען אויסצוגעפֿינען אַלע אַרגומענטען, מיט וועלכע אַנדערע קענען זיך אפשר בעַ־נוצען געגען אונז, און מיר דאַרפֿען זעהען זיי צו פֿערענטפֿערן אַזוי גוט ווי מיר קענען נאָר. אָבער פֿריהער פֿון אַלעם דאַרפֿען מיר אַליין זעהן צו זיין קלאָהר און בעשטימט אין אונזערע אַנ־שויאונגען, און דערפֿאַר דאַרפֿען מיר זיך ניט אָבשרעקען פֿאַר דעם „אמת'ען" אמת, ווייל די וואַהרהייט איז דאָך אונזער ציעל. מיר בעהייפּטען, אַז אונזערע אידעען גרינדען זיך אויף דער וואַהרהייט, און מיר קענען עס נאָר בעווייזען דאַדורך, וואָס מיר זוכען אויסצוגעפֿינען די וואַהרהייט איבעראַל און אויף אַלע גע־ביעטען.

* * *

מיר גיבען אויך צו, דאָס אַזאַ ערקלעהרונג וועט זיכער ניט קענען צוציהען די מאַסען צו אונז, פֿערקעהרט, זי קען זיי גאָר אָבשטויסען פֿון אונז; און מאַנכע פֿון אונזערע קאַמעראַדען וועלען אונז זאָגאַר בעשולדיגען, אַז מיר ברייגנען אַריין פֿערצווייפֿ־לונג אין אונזערע אייגענע רייהען און שלאָגען אונזערע אָנהייננער אראָב פֿון מוטה, דורך דעם וואָס מיר זוכען ניט צו בעהאַלטען די שוואַכע זייטען פֿון אונזער טהעאָריע.

אַזעלכע פֿאָרווירפֿע קענען נאָר אַרויסוואַקסען פֿון די לעצטע איבערבלייבאַכץ פֿון דער ערציהונג, וועלכע די פּאָליטישע פּאַר־טייען האָבען אונז געגעבען. צו וואָס זאָלען מיר מאַכען פֿער־שפּרעכונגען, וועלכע מיר זיינען ניט אימשטאַנד אויסצופֿיהרען און דורך דעם שאַפֿען אין פֿאָראויס אַ רעאַקציאָן, וועלכע וועט זיך ריכטען געגען אונזער אידעאַל?

אויב מיר וואָלטען געווען אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, אַ פּאַרטיי, וועלכע איז נאָר אויסען צו בעקומען די עפֿענטליכע מאַכט אין איהרע הענד, דאַן וואָלטען מיר זיכער פֿערשפּראָכען דעם פֿאָלק די גרעסטע גליקען, כדי אַרויפֿצוקומען אויף'ן ביינקעל. אָבער די אַנאַרכיע איז אַ גאַנץ אַנדערע זאַך; מיר האָבען קיין זאַך ניט צו פֿערשפּרעכען, קיין זאַך צו פֿאָדערן, קיין זאַך צו געבען. דערפֿאַר ווען מיר האָבען פֿריהער ערקלעהרט און צוגלידערט די

טענדענצען און שטרעבונגען, וועלכע פֿיהרען די מענשהייט אַלץ נעהענטער צו אונזער אידעאַל, און אונזערע געגנער ענטפֿערן אונז, אַז אונזערע אידעען וועלען קיינמאָל ניט ווערן אויסגעפֿיהרט, דערפֿאַר וואָס עס איז אונמעגליך, אַז מענשען זאָלען קענען לעבען אויף אַזאַ מין שטייגער, דאַן בלייבט אונז מעהר ניט איבער, ווי נאָך אַמאַל אויפֿצואווייזען די אַלע פֿאַקטען, וועלכע זיינען דער רעזולטאַט פֿון אונזערע פֿערדאָרבענע געזעלשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען, אויפֿצואווייזען, אַז דער פֿונדאַמענט, אויף וועלכען דיזע אינסטיטוציאָנען גרינדען זיך, איז אַ פֿאַלשער, אַ צופֿוילטער, אַז די אַלע רעפֿאָרמען, דורך וועלכע פּאָליטישע שאַרלאַטאַנען פֿערזוכען אָבצוציהען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די מאַסען פֿון די אייגענטליכע אורזאַכען פֿון זייער עלענד, קענען און וועלען קיין זאַך ניט אויפֿטהאָן, און אַז זיי האָבען נאָר צוויי וועגען: אָדער ווייטער צו שלעפּען דעם יאָך פֿון אויסבייטונג און טיראַניי, אָדער זיך אויפֿצוהויבען געגען זייערע אונטערדריקער. און אין דערזעלבער צייט דאַרפֿען מיר קיינמאָל ניט פֿערגעסען זיי צו ערקלעהרען, אַז דער ערפֿאָלג פֿון דער קומענדער רעוואָלוציאָן וועט אָבהייגיג זיין פֿון דער ענערגיע, מיט וועלכער זיי וועלען קעמפּפען פֿאַר די פֿערווירקליכונג פֿון דאָס, וואָס זיי אַליין האַלטען פֿאַר גוט. דאָס איז אַלעס, וואָס מיר קענען טהאָן, אַלעס איבעריגע ווענדעט זיך אין די אַנדערע, ניט אין אונז.

* * *

מיר פֿון אונזער זייט זיינען ניט קיין אָנהייגער פֿון אַ פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע בענוצט זיך מיט גרויסע און סענטימענטאַלע פֿראַזען; אַזאַ אַגיטאַציאָן ערוועקט ביי די צוהערער די האָפֿנונג, אַז אונזערע ציעלען קענען באַלד אויף'ן אָרט פֿערווירקליכט ווערן, און דאָס איז אונמעגליך. אַזוי פֿיהרט מען מענשען אַריין אין דער בעוועגונג, וועלכע זיינען פֿול מיט פֿייער און בעגייסטערונג; זיי ערוואַרטען, אַז די רעוואָלוציאָן זאָל שוין קומען אויף מאָרגען אין דערפֿריה; ווען זיי בעמערקען ענדליך, אַז זייער וואונש איז געוועזען גיכער פֿון דער פּראַקטישער ווירקליכקייט, פֿערשווינדען זיי ביסלאַכווייז איינער ביי איינעם, און קיינער זעהט זיך מעהר

ניט אָן מיט זיי. ווי פֿיעלע פֿון דיזע „העלדען" האָבען מיר שוין געזעהן זייט די לעצטע צעהן אָדער פֿופֿצעהן יאָהר צייט; זיי זיינען אַריין אין די גרופּען און די רעוואָלוציאָן און דער טעראָריזם איז ביי זיי פֿון מויל ניט אַרויס; זיי האָבען געוואָלט צושטעהרען די גאַנצע געזעלשאַפֿט אַזוי ווי שמשון הגבור דאָס הויז פֿון די פלישתים. וואו זיינען זיי היינט? זיי זיינען פֿערשוואונדען אַזוי ווי דער פֿאַראַיאָהריגער שנעע.

מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז עס איז בעסער זיך וואָס וויינינגער צו בענוצען מיט פוסטע ווערטער און שעהנע פֿראַזען, נאָר מיר זאָלען בעסער זעהען, אַז אונזערע ווערטער זאָלען געפֿינען אַ פֿעסטען באָדען ביי די, צו וועלכע מיר ריידען. אָנשטאָט אויסשליסליך צו אַפּעלירען צו די געפֿיהלען פֿון די מענשען, איז בעסער צו געווינען זיי דורך לאָגישע ערקלעהרונגען און פֿערנינפֿטיגע אַרגומענטען. זיכער, מיר האָבען ניט די אַבזיכט צו אונטערשאַצען די אַרבייט פֿון די, וועלכע האָבען די פֿעהיגקייט צו ווירקען אויף די געפֿיהלען פֿון דער מאַסע. יעדער האַנדעלט לויט זיין טעמפּעראַמענט און לויט זיינע פֿעהיגקייטען. נאָר מיר פֿון אונזער זייט ציהען בעסער פֿאָר צו מאַכען איבערצייגטע, איידער גלויביגע אָנהייננגער פֿון אונזערע אידעען. אַלע די, וועלכע נעהמען אַן אַנטהייל אין דער פּראָפּאַגאַנדאַ, דאַרפֿען וויסען, אַז זיי וועלען זיך בעגעגענען מיט מאַנכע שוויריגקייטען, און דערפֿאַר דאַרפֿען זיי זיין פֿאָרבערייט, כדי זיי זאָלען ניט פֿערלירען דעם מוטה, ווען עס מאַכט זיך עפּעס אַ אונגעריכטע זאַך. אונזער וועג איז לאַנג און פֿול מיט שוויריגקייטען, און איידער אַ מענש בעשליסט זיך צו קעמפּפֿען אויף דיזען וועג, זאָל ער פֿריהער אויספּרובירען זיינע אייגענע קרעפֿטען, זיין פּערזענליכע ענערגיע. מאַנכע אָפּפֿער וועלען פֿאַלען אויף דיזען וועג, זייער בלוט, זייערע טויטע ביינער וועלען אָנדייטען די ריכטונג פֿון די אַנדערע. זאָלען די, וועלכע האָבען ניט גענוג קראַפֿט און ענערגיע בעסער בלייבען אין דערהיים, ווייל זיי וועלען מעהר ניט זיין ווי אַ הינדערניש פֿאַר די, וואָס געהען מוטהיג ווייטער און ווייטער.

*
* *

נאָך אַ פֿאָראורטהייל געפֿינען מיר ביי מאַנכע אַנאַרכיסטען: זיי בעטראַכטען די מאַסע אלס אַ מין טייג, וועלכען מען קען קנעטען אַזוי ווי עס פֿערגלוסט זיך נאָר, און דערפֿאַר איז ניט נויטווענדיג זיך פֿיעל אָבצוגעבען מיט איהר. די אויפֿפֿאַסונג האָט זיך ענטוויקעלט דאדורך, וואָס די איינצעלנע אינדיווידועז זיינען געגאַנגען פֿאָרווערטס מיט אַ שריט אָדער צוויי, וועהרענד די מאַסע איז געבליבען הינטערשטעליג. אָט דערפֿאַר האַלטען זיי זיך פֿאַר גאַנצע נביאים און פֿאַר פֿיעל קלוגער און אינטעליגענטער פֿון געוועהנליכע שטערבליכע מענשען. „מיר וועלען מאַכען די מאַסע זאָל האַנדלען אַזוי און אַזוי, מיר וועלען זיי פֿיהרען מיט זיך" א.ז.וו. אַ דיקטאַטאָר וואָלט אויך ניט געקענט ריידען אַנדערש. צו קוקען אויף דער מאַסע אויף אַזאַ'ן אופן איז ניט מעהר ווי אַ רעזולטאַט פֿון אונזער אויטאָריטערער פֿערגאַנגענהייט.

מיר וועלען זיכער ניט אָבלייקענען דעם איינפֿלוס פֿון די מינאָריטעטען אויף דער מאַסע; פֿערקעהרט, מיר זיינען פֿעסט איבערצייגט, דאָס אַזא איינפֿלוס עקזיסטירט ווירקליך. אָבער מיר דיינקען, אַז אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציאָן ליגט די גאַנצע בעדייטונג פֿון דעם אַנאַרכיסט אין זיינע האַנדלונגען: ער דאַרף זעהען צו פראַקטיצירען אונזערע אידעען און אַגיטירען דורך דעם אייגענעם ביישפּיעל; דאָס איז די איינציגע מעגליכקייט צו בעאיינפֿלוסען די מאַסע. אָבער אין דערזעלבער צייט דאַרפֿען מיר קיינמאָל ניט פֿערגעסען, אַז קיין טהאַט וועט ניט האָבען קיין איינפֿלוס אויף דער מאַסע, אַזוי לאַנג ווי דאָס פֿאָלק איז ניט פֿאָרבערייטעט אויף אַזעלכע אַקטען דורך אַ קלאָהרע און פֿערשטענדליכע פּראָפּאַגאַנדאַ, אַזוי לאַנג ווי עס קען ניט שטעהען אויף זיינע אייגענע פֿיס און זעלבסטשטענדיג האַנדלען אונטער דעם איינפֿלוס פֿון די נייע אידעען.

* * *

אייב עס וועט אונז נאָר געלינגען צו פֿערשפרייטען אונזערע אידעען, זייער איינפֿלוס וועט זיך שוין אַליין ענטוויקלען; און ווען מיר זיינען נאָר אימשטאַנד צו ערקלעהרען אונזערע פרינצי־

פען אַזוי קלאָהר און פֿערשטענדליך ווי נאָר מעגליך — דאָס איז די איינציגע מעגליכקייט פֿאַר דעם ערפֿאָלג פֿון אַ סאָציאַלען איבערבייט. מיר האָבען ניט וואָס מורא צו האָבען, אַז מיר וועלען ניט בעקומען גענוג נאָכפֿאָלגער, פֿערקעהרט, לאָמיר בעסער זיין אויפֿמערקזאַם אויף די, וועלכע ליעבען צו שפּיעלען אַ פֿיהרענדע ראָלע.

אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציאָן יאָגט די מאַסע שטענדיג אַריבער די פֿאָרקעמפּפֿער. לאָמיר אַלזאָ פֿערשפּרייטען אונזערע אידעען, לאָמיר זיי ערקלעהרען, אויסאַרבייטען און אויב נייטיג, לאָמיר זיי געבען נייע פֿאָרמען! לאָמיר קיינמאָל ניט מורא האָבען צו קוקען דער וואהרהייט גלייך אין די אויגען! אַזאַ פּראָפּאַגאַנדאַ וועט קיינמאָל ניט אָבשטויסען די אָנהייגגער פֿון אונזערע אידעען, נאָר זי וועט זיכער האָבען אַן איינפֿלוס אויף אַלע די, וועלכע שטרעבען צו פֿרייהייט און גערעכטיגקייט!

(ע נ ד ע.)